# המשך

## זאַמלבוך

WITHDRAWN FROM YIVO
DUPLICATE COLLECTION

רעדאַקציע קאָלעגיע:

ב. דעמבלין
בעריש ווײַנשטיין
משה שטאַרקמאַן

4

ניו יאָרק 1943

# ערשטע אָפּטיילונג

— י. טאָפּעל —
כייקע איבלסאָן
י. ל. טעלער
שאול מאַלץ
משה שטאַרקמאַן
י. מעצקער
שלום שטערן
הלל שאַרגעל
אידאַ גלאַזער
ש. ל. שניידערמאַן
הערש ראָזענפעלד

# דער יידישער קינסטלער

(עסעי)

## י. טאָפּעל

אין איינער פון די קלענערע קונסט־גאַלעריעס אין ניו יאָרק איז לעצטנס אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אויסשטעלונג וואָס האָט מיך פאַראינטריגירט: זעקס און צוואנציק בילדער און סקולפּטורן גרופּירט אונטערן נאָמען: „מאָדערנע קריסטוסן". ווי זאָל איך דאָס רופן? — „יעזוס ביי היינטיקן טאָג".

מיט וואָס זאָל מיך אַזאַ אויסשטעלונג אַזוי שטאַרק פאַראינטערע־סירן? הויפּטזאַכלעך דערמיט וואָס אונטער מיינסטע פון די בילדער זיינען געחתמעט די נעמען פון יידישע קינסטלער. אַזויפיל יידישע קינסטלער האָבן זיך אָפּגערופן אויף דער גאַלעריעס איינלאַדונג זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דער יעזוס־פיגור.

האָבן זיי זיך, מסתמא מיט גרויס באַגייסטערונג, אָוועקגעזעצט פאַר זייערע מאָל־געשטעלן, די דאָזיקע יידישע קינסטלער. — גאָט, האָבן זיי זיך געוווּנדערט אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַריין, שיק מיר צו עפּעס אַ גרויסע נייע אידייע, אַזוי אַז איך זאָל נישט פאַרשעמט ווערן ביי לייטן. עס איז מיר טאַקע פרעמד דער דאָזיקער חשובער ענין און אַביסל פריקרע אויך, אָבער איך בין דאָך אַ פרייער מענטש, אַ ברייטער מענטש אויך, און טאָלעראַנט אָוודאי און אָוודאי. דערצו בין איך אויך פון די טיפערע קינסטלער, אַ מאָלער מיט אַ מיסיע.

— איך בין, טראַכט ער ווייטער, אַ מאָלער אַ שאַפער, און דאָ דאַרף איך גראַד מאָלן צו באַשטעלונג. נאָר איז וואָס? האָט דען נישט אַ שטייגער מיקל אַנדזשעלאָ געמאָלן אויף דער באַשטעלונג פון פּאַפּסט יענע גרויסע וואונדערלעכע וואַנט־בילדער אין דער רוימישער קירכע? אמת, מיקל אַנדזשעלאָ האָט געגלויבט בפועל ממש אין דעם וואָס ער האָט געמאָלן, און איך נישט. אָבער אַ דענקנדער מענטש בין איך דאָך, אַ מיינונג מעג איך דאָך, דאַרף איך דאָך האָבן. וועל איך דאָ אַזוי לאַנג זיצן און טראַכטן ביז עס וועט מיר קלאָר ווערן וואָס אַזוינס איז פאַר מיר יעזוס, און דאָס וואָס איך וועל פון דעם אַרויסטראָגן, דאָס וועט זיין מיין יעזוס. בלויז דערפאַר וואָס אַן ענין איז שווער דאַרף מען אים נאָך נישט אָפּוואַרפן. פאַרקערט, דער שווערער ענין דאַרף ווערן דער שאַרפשטיין אויף צו שאַרפן מיין טאַלאַנט.

— צי וואָלט איך פון זיך אַליין פאַר זיך גענומען צו באַהאַנדלען די טעמע? זיך אַליין מעג איך זאָגן, אַז ניין. און פאַרוואָס נישט? ווייל דער ענין רירט מיך כמעט נישט אָן. דער אַלטער אַמאָליקער סימבאָל איז מיר געווען פאַרוועלקט און פאַרמיאוסט אין די קינדעריאָרן, און איצט אינטערעסירט ער מיך נישט. ער גייט מיך סתם נישט אָן. עס זיינען פאַראַן גענוג נייע היינט־געשאַפענע סימבאָלן, און גענוג גרויסע זאַכן און דערשיינונגען פון וואָס מען וואָלט קאָנען אַזויפיל אַרויסדרינגען; דערשיינונגען פרישע, טיפע, שרעקלעכע, אָדער פון דער אַנדערער זייט — פשוטע, אינטימע, מענטשלעכע.

— צי וואָלט איך זיך פאַרנומען מאָלן אַ פרעמד־פאַרטראַכטע גאָטהייט ווי בודא אָדער מחמד? פאַרוואָס דען יעזוסן?

— כאָטש די לעגענדע דערציילט אַז ער האָט געשטאַמט פון יידן, אָבער די גויים האָבן דאָך אים געמאַכט פאַר אַ גאָט, און מיט דעם דאָזיקן גאָט־סימבאָל אָנגעטאָן צרות און יסורים די יידן. זיי האָבן אים באַקליידט אין איבערמענטשלעכע און איבערנאַטירלעכע

כחות, און דינען אים נאָך היינט ווי אַ פּאַרצייטיקן אָפּגאָט. זאָל איך צו זיי צושטיין און צוזאַמען מיט זיי זינגען שבחים דעם סימבאָל וואָס זיי האָבן פאַרטראַכט און פאַרקערפּערט אין זייער אייגנאַרטיקער גאָטהייט ?

— ניין, טראַכט יענער יידישער קינסטלער, — מיטזינגען און נאָכזאָגן דאָס אַלטע, וועט נישט טויגן. איך וועל ווידערשפּעניקן קעגן דער מאַיאָריטעט־אידייע. איך וועל צוריקרוקן דעם זייגער פון דער געשיכטע. איך וועל צעשטערן אַלץ וואָס איז פאַרלאָפן פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. איך וועל אָנהייבן ביים סאַמע אָנהייב, איידער נאָך די גויים האָבן אים אַריינגענומען אין זייער רשות. צי קאָן אָבער זיין אַ נייער יעזוס ווען דער אַלטער איז אַזוי טיף־פאַרגרונטעוועט אין דער געשיכטע ? אפילו דאָס קינד־יעזוס טראָגט שוין אויפן שטערן דעם צייכן פון די אַלע זינד וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין זיין נאָמען.

— אפשר זיך גאָרנישט צורירן צום געפערלעכן ענין ? צו וואָס לעסטערן זייער גאָט ? אויב איך קאָן אים נישט בענטשן, איז נישט גלייכער שווייגן ? מוז איך דען אַרויסטראָגן מיין אָנטשיידונג ? ווער בעט דאָס ביי מיר ? וויכטיקערע פראַגעס שטייען איצט אויפן טאָג־אָרדנונג, פאַרוואָס אַריינוואַרפן אין דער פאַרבלוטיקטער עפנט־לעכקייט מיינע ספקות וועגן אַן ענין וואָס איז גלייכער אַז מען פאַרשווייגט ?

— נאָר לאָמיר זאָגן אַז איך קאָן נישט שווייגן, עס רייסט זיך פון מיר אַזש צום פּלאַצן. איך מוז דאָס אַרויסזאָגן און מאָל דאָס אויף באַשיידן אין אַ בילד. איך וועל אַרויסווייזן מיין העפלעכקייט, מיין וועלטלעכקייט, זיך איינקויפן ביי מאַנכע גוטע, פרומע לייט אַלס איינער פון יענע געטרייע, פאַרלעסעכע נשמות. נאָר צי וועל איך דעם ענין קאָנען דערליידיקן מיט איין בילד ? צי פאַדערט דאָס נישט קיין גאַנצע רייע בילדער ? אָבער דאָס וועלן מיר לאָזן אויף שפּעטער. דאָ אין דעם ערשטן בילד דאַרף איך — אייגטלעך וואָס דאַרף איך ? —

דערביי נעמט זיך לעשן ביי דעם מאָלער די אויפגעפלאַקערטע באַגייסטערונג וואָס עמיצער האָט מיט אַן איינלאַדונג אין אים אָנגעצונדן. צו קיין גרויס פייער איז דאָ נישט געקומען. עס איז נישט עפּעס אַ וויזיע וואָס אַ קינסטלער האָט אין זיך געזען אויפגיין אַלס אַ טייל פון זיין אייגן בלוט און פלייש, פון אייגענעם צער, פון דער נויט זיך צו געשטאַלטיקן; יענע טיפע וויזיע אַרויסצוגעשטאַלטיקן פון זיך אַרויס. ניין. געוועזן אַ באַשטעלונג, און אַ באַשטעלונג

דאַרף מען געלאָזן אויספירן לויט אַ געגעבענער פאָרשריפט, לויט ווי דער באַשטעלער שטעלט זיך אַליין די זאַך פאָר. און פון יעזוסן איז פאַראַן געווען פאַרבילדער. ווער האָט דאָס נישט געזען די דאָזיקע ווייט־פאַרשפּרייטע פיגור, אין די ווערק פון גרעסערע און קלענערע מייסטער? אָט הענגט ער, מיט די הענט צענומען, אויפן האַלצערנעם צלם, און די פיס, אַ פוס אויף אַ פוס, מיט נעגל אין די הענט און די פיס. אָט זיצט ער מיט זיינע תלמידים, אַ שטילער, מיט אַ לענגלעך ווייס פּנים מיט אַ שמאָלער באָרד. אָט פליט ער, איינגעוויקלט אין געפאַלדעוועטע געוואַנטן, מיט דורכגעלעכערטע פיס און הענט, און פאַרבלוטיקטע. מען זאָגט גוים־קינסטלער האָבן אויפּ־געזוכט יידן, וואָס זאָלן זיי דינען אַלס יעזוס־מאָדעלן.

— אָבער — טראַכט דער יידישער קינסטלער, זיצנדיק פאַר זיין מאָלברעט — אָבער איך דערקען פאָרט נישט קיין יידן אין דער יעזוס־פיגור כמעט ביי קיינעם נישט. זאָל דאָס ווערן אפשר מיין ביישטייערונג, וואָס איך וועל אים מאַכן פאַר אַ יידן. וועט דאָך דאָס אָבער נישט זיין זייער יעזוס, וויבאַלד די גוים האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט אויפמאָלן דעם יידן אין יעזוסן. שטיי איך צווישן צוויי פייערן: איך ברענג צוריק אַ יעזוס וואָס די יידן האָבן אָפּגעשליידערט, און טו זיי דאָס ווי אויף להכעיס, מעשה מיסיאָנער, שטופּ זיי חזיר אין האַלדז אַריין. און די גוים? זיי זיינען מיר מסתמא מוחל מיין מחותנים־שאַפט. ווער בין איך דאָס זיי אָזוינס, וואָס זאָל פאַר זיי איבערמאַכן זייער הייליקייט? עס וואָלט זיין אַן עזות פון מיר, און זיי פאַרגיבן נישט.

— בלייבט עס אַזוי, אַז אויב איך מאָל יעזוסן, מוז איך פאַר זיך אויסקלייבן אַ מיטנוועג, די „פּרייגעזאָגענע״, די צווישן־יידן־קריסטן, און פאַר זיי אויסמייסטערן אַזאַ צווישן־יעזוס — די צורה זיינע נישט קיין דערקענטלעכע, אַן אַבסטראַקטע.

— מיט וואָס וועט דאָס אָבער זיין דווקא יעזוס? צי וויל איך דאָ עמיצן נישט אָפּנאַרן, און פריער פאַר אַלץ זיך אַליין? וואָס וועט מיר דאָ העלפן דאָס שפּילן זיך אין באַהעלטעניש? אָט בין איך דאָ, אַ ייד, וואָס ווייס אַז די וועלט זאָגט אַז איך האָב אַ שייכות צו יעזוסן, אַ פאָלקס־ברודער, לויט דער לעגענדע, און רופט מיך אַרויס דאָס צו באַשטעטיקן. און אָט בין איך נישטאָ — איך מאַך פון מיין „ברודער״ אַ טאָטער, אַ פאַנטאַזיע, אַ רעטעניש, און גיב גאָר שטאַרק אָנצוהערן אַז ער איז נישט מיינער קיין קרוב און קיין גואל. אָט שרייב איך אונטער מיין יידישן נאָמען, וואָס דאָס דאַרף זיין אַ

גאַראַנטיע פאַר דער וועלט, אויב נישט פאַר זיך, אַז איך וועל זיך האַלטן אין די ראַמען וואָס זיינען אָנגעצייכנט פאַר מיר, און אַט ווידער וויל איך גלייבן אַז די וועלט וועט זיין טאָלעראַנט — אָדער בלינד — און נישט אַריינבליקן אַהינטער די מאָטיוון פון מיין שאַפן.

— דאָס איז עפּעס נישט קיין געזונטער צושטאַנד, דאַכט זיך, פאַר אַ קינסטלער, וואָס פריער פאַר אַלץ דאַרף ער זיין עכט, טריי צו זיך, גיין מיטן אמת.

— אָבער ווי איז אַז איך בין שוין פאַרט נישט דער ייד פון אַמאָל, נאָר די וועלט האַלט מיך צוגעבונדן צו אַ יידישקייט וואָס איז מיר איבריק און איך האָב זיך דערפון אָפּגעריסן? אמת, איך האָב נאָך נישט איבערגעריסן מיטן יידנטום. איך האָב אָבער לויז געמאַכט אויף זיך די זאַכן וואָס מען האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן. איך האָב אין זיך אַריינגעזאַפּט אַנדערע קולטורן, וואָס דאָס האָט אונטערגעגראָבן און טיילווייז אַרויסגעשטופּט די אַלטע, יידישע. בין איך דעריבער אויסגעליידיקט? ניין, אדרבה. און ווי ווייט איך ווייס האָב איך נאָך נישט אינגאַנצן פאַרוואָרפן יענע אַלטע אוצרות אויך און אפילו נישט באַוויזן אויסצוואָרצלען פון זיך דעם יידנס געשיכטלעכע לעבנס-דערפאַרונג. און עפּעס בין איך דאָך מחויב — אָדער נישט? — צו יענע וואָס ליידן אַט נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען געבוירן געוואָרן יידן אַט אַזוי ווי איך, נאָר זייער מזל איז געווען צו זיין אויפן ערשטן פייער, פון וועלכן איך בין ניצול געוואָרן.

2

בו, אפשר זיינען נישט די דאָזיקע קינסטלער דערגאַנגען צו אַזעלכע ספקות ווי איך שרייב זיי דאָ צו. אפשר, אַז זיי האָבן דער-האַלטן די איינלאַדונג צו מאָלן זייער יעזוס, האָבן זיי געטראַכט גאָר איינפאַך, אַט אויף דעם שטייגער:

— איך וויל נישט אויף שטענדיק בלייבן אַן אָנגעהעריקער פון אַ מינאָריטעט אין דער מדינה, אַן אויסגעטיילטער פון דער גרויסצאָל. איך בין איינער מיט אַלעמען. איך וויל זיין ווי זיי, בין איך ווי זיי. וואָס עס זאָל דאָרטן נישט ליגן פאַרבאָרגן אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, האָט עס נישט צו טאָן מיט מיר. איך לעב דאָ היינט מיט אַלעמען גלייך. איך וויל האַנדלען ווי זיי און פילן ווי זיי אין אומוויכטיקע אַזוי גוט ווי אין וויכטיקע מאָמענטן — ווייל איך וויל אין אַלץ זיין איינס מיט זיי. און דאָס טראָץ דעם וואָס איך בין אַ ייד. און דערמיט וואָס איך בין אַ

קינסטלער, בין איך אויך נישט אַנדערש פון אַלעמען. מיר זיינען אַרויס פון די „העלפאַנטביינערנע טורעמס״. געווען זיינען געווען די וואָס האָבן אונדז אַזוי שטאַרק געטאַדלט דערפאַר וואָס מיר האָבן זיך „אויסבאַהאַלטן״. מיר דאַרפן זיך אָפּרופן אויף אַלץ וואָס קומט פאַר אַרום אונדז. און אַרום אונדז דער עיקר קומט פאַר דאָס וואָס איז טאַקע פאַראַן בעיקר: דאָס אַלגעמיינע, דאָס דורכשניטלעכע. אַז מיר קינסטלער וועלן זיך פאַרנעמען מיטן דורכשניטלעכן וועט מען אונדז נישט אַזוי שטאַרק אַרויסזען. מיר וועלן זיין די וואָרטפירער פון די גרויסע מאַסן — די אַרטיקולאַרן פונעם דורכשניט. נאָר אפשר האָב איך אַ טעות? אויסדרוק גופא איז דאָך שוין נישט קיין דורכשניט. עס פאָדערט שוין צוגרייטונג און אַ געוויסע מאָס טאַלאַנט — און דאָס רופט אַרויס פאַרדאַכט ביים דורכשניטלעכן מענטש.

— און וואָס איז דאָס מאָלן, דאָס שרייבן, עפּעס אַזאַ אַרבעט וואָס טוט זיך בעסער בציבור? בפרהסיה? ווידער נעמען, נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעהוליעט אָדער אָפּגעפּינצטערט צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק, און אַרויפקלעטערן צוריק אין „טורעם״ אַריין? „נישט אויסגעהאַלטן״, וועלן זיי אונטן שרייען און ווידער טאַדלען און ווידער חוזק מאַכן: „וואָס פאַרא פּראַוועון יחידות! זאָל אַלץ אַרויסגעטראָגן ווערן אויף דער גאַס. לאָמיר זען וואָס איר טוט דאָרט. צי נאַרט איר אונדז נישט אָפּ. צי איר שלאָפט נישט דאָרט גאָר!״ —

— נו, אויב אַזוי — זאָגט דער קינסטלער — טאָר איך זיך אַזוי שטאַרק נישט רעכענען מיט דער אַלגעמיינער מיינונג. אויב איך וויל פאַרט פאַרבלייבן זייער מויל, זייער אויער, זייער אויג. איך מוז קעמפן פאַר מיין אייגענער זעלבסט-דערהאַלטונג אַלס קינסטלער נאָך מער ווי אַ מענטש פאַר זיין לעבן — אַנישט וועל איך אָפּגעווישט ווערן פון פון דער ערד. און איך קאָן נישט אַנדערש ווי זיין אַ קינסטלער. אַליין זיך אויסגעקליבן אַ מינימאַלן אָרט אין דער הייג־טיקער געזעלשאַפט, קאָן אפילו נישט הויזן מיט פילע אַנדערע פון מיין שטאַנד צוליב אונדזער איבערטריבענער עגאָצענטרישקייט, און צוזאַמען זוכן שוץ קעגן דער וועלט. נאָר אַז איך מוז בלייבן אַ נישט-געוואונטשענער אָדער נישט שטאַרק אָנגעלייגטער מיטגליד אין דער געזעלשאַפט, בין איך באַרייט אפילו אויף דעם, ווייל איך וויל נישט פאַרבייגן מיין ערלעכקייט אַנטקעגן מיין קונסט. ערשט מיט יאָרן שפּעטער ווערט איינגעזען אַז כאָטש דער קינסטלער איז געווען נישט געוואונטשן און האָט געלעבט אָפּגעטיילט פון אַלעמען, איז

ער פונדעסטוועגן געוועזן דאָס סאַמע שיינדל פון זיין צייט און אויס־געאיבט אַ שטאַרקע ווירקונג.

צו אַזאַ אויספּיר קומט אונדזער יידישער קינסטלער וואָס איך שרייב וועגן אים, נאָר דער אומגלויביקער און ציניקער אין אים מישט זיך דאָ אַריין און ער טראַכט ווייטער:

— דאָס אַלץ אָבער איז דער ווייטער אידעאַל, פאַרשריבן אין די מעשה־ביכלעך וועגן קינסטלער. דאָ צווישן מענטשן איז דער קאַמף פאַר דערהאַלטונג צו האַרט. דאָ אַז דו וועסט נישט גיין מיטן שטראָם פון דער צייט און טאָן וואָס מען דערוואַרט פון דיר וועסטו טאַקע בלייבן אַן אָפּגעטיילטער אָבער נישט אויף אַזאַ אויפן ווי דו אַליין וואָלסט געוואָלט. גיכער וועסטו אַ פאַרצאַמטער און קאָנסט מער אויף דער פרייער וועלט נישט אַרויס. בלייבסט אַ געפאַנגענער אין דיין קליין וועלטל. און פון דער אַנדערער זייט, אויב פאַרמאָגסט די פעאיקייט זיך אויסצולעבן אין דיין אָפּגעטיילטקייט, אָדער דו מוזט עס, ווייל האָסט אַזאַ דראַנג צו לעבן אַליין און קאָנסט נישט אַנדערש, וואָס וועט די וועלט אויף דיר זאָגן? ביזט אַ שלעכטער מענטש, אויסגע־טאָן פון לעבן, אָדער אומפּיריאַק, ווייל וואַרצלסט אין אַנדערע צייטן, און קאָנסט זיך נישט איבערפלאַנצן, און דיין ווערק האָט נישט קיין שייכות צו דיינע מיטמענטשן — ביזט אַן איינזאַמער אָרעמער מענטש. דער דאָזיקער אָפּגעטיילטער קינסטלער זוכט נישט קיין רום און קיין כבוד, זאָגט מען אויף אים, ער איז ווי ווי לעבעדיק אַנטנומען פון די אידעאַליזירטע ביאָגראַפיעס אַרויס. דער לעבעדיקער אמת איז אַז כבוד איז טאַקע דאָס סאַמע האַרץ פונעם קינסטלערס לעבן, זיין קוואַל פון באַגייסטערונג. אַז דאָס איז די דעה פון די וואָס טיילן אים צו כבוד ביים לעבן, אין דעם איז קיין צוויפל נישטאָ. און פאַרוואָס זאָל ער דאָס נישט אָננעמען אין דעם גייסט אין וועלכן עס ווערט אים צוגעטיילט? און ווען דער קינסטלער שטאַרבט, און די וועלט טיילט דעם קינסטלער אויס זיין חלק גרויסקייט, איז ער דאָך שוין נישטאָ און פון דעסטוועגן גיט אים די וועלט כבוד, איז דערפון צו דרינגען אַז די וועלט מיינט זייער ערנסט מיטן צוטיילן כבוד, איז פאַרוואָס זאָל דער קינסטלער דאָס נישט אָננעמען און שטרעבן דערנאָך ביים לעבן ווען ער וואָלט זיך קאָנען דערמיט אָנוואַרעמען און אפילו טיילווייז דערהאַלטן? נאָר צי מיינט נישט יענער „באַשיידענער" קינסטלער וואָס זאָגט זיך אַזוי שיין און איידל אָפּ פון כבוד, אַז די פאַרציע כבוד איז אים נישט גענוג, אַז לויט ווי ער רעכנט קומט אים מער, דעריבער איז שוין בעסער גאָרנישט. און ער ווייזט

צוריק דעם כבוד און פאַרגעסט דערבײַ אַז צוזאַמען מיטן כבוד האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון מאַכט, און אַז „מאַכט" בײַ הײַנטיקע שווערע צײַטן וואָלט קענען צוביטן ווערן אויף געלט. ווער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון דעם אַלעם אַחוץ אַ בטלן? הערי, בטלן, וואָס דאַרפסטו דאָ אויף אונדזער וועלטל, וואָס זוכסטו? צי זוכסטו עפּעס? ניין? גאָר־נישט זוכסטו?

ווײַטער טראַכט אונדזער קינסטלער, עטוואָס זיגזאַגיש, דאָס דאַכט זיך, איז אַמאָל געווען דער זין פון דעם קינסטלער אויף דער וועלט. פאַרוואָס איז ער אַזוי פאַרשעמט געוואָרן? פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי דערשראָקן פאַרן נאָמען, בטלן? אַ שימפּוואָרט געוואָרן. אַ קינסטלער אין דעם מעשה־ביכל זין איז אויך אַ שימפּוואָרט. צי זײַנען זיי נאָך ערגעץ דאָ? צי וועלן זיי ווידעראַמאָל אויפקומען? ווען וועלן זיי צוריק אַמאָל אויפלעבן? דאַן — טראַכט יענער ייִדישער קינסטלער — וואָלט איך זיך אפשר אַנגעשלאָסן אַן זיי. אָבער אײנער אַליין אַזאַ קינסטלער־בטלן, אַזאַ קינסטלער נישט־קיין־וועלטמענטש, אַזאַ פאַרלוירענער אפילו דעמאָלט ווען ער האָט שוין געפונען דעם זין פון לעבן, אַזאַ יחידישער מענטש אין אַ קאָלעקטיוו־צײַט! אײנער אַליין אַזאַ מוז זײַן אַן אָפּקומעניש, און דאָס לעבן אַליין מוז נישט זײַן דווקא אַן אָפּקומעניש. אָבער ניין, אפשר בין איך נישט גערעכט צו אים, ער גופא, האָלט נישט אַז דאָס לעבן איז פאַר אים אַן אָפּקומעניש, בלויז איך מיין אַזוי, איך, דער אַנגעלאָדענער מיט ספקות. ער אַליין, דער יחידישער, אַז ער האָט געפונען דעם זין, אפשר לאַכט ער גאָר פון מיר. איך האָב מורא אַז ער לאַכט טאַקע פון מיר און לאַכט פון אַ סך וואָס מיר אַנדערע האַלטן פאַר גאָלע וויכטיק אָדער פאַר גוואַלטיק גרויס און שיין. יאָ, דאָס איז אַ געפערלעכער מענטש, און מיר האָבן מורא פאַר אים. האָבן מיר אים פאַרטריבן פון אונדזער מיט. און דערפאַר אפשר באַגעגענען מיר אים נישט. נאָר זײַן מוז ער פונ־דעסטוועגן, ערגעץ מוז ער זײַן. ער זוכט אונדז נישט אויף, ווײַל ער דאַרף אונדז נישט האָבן. מיר אים דאַרפן אפשר יאָ, אַמאָל.

— נאָר זאָל ער דאָרט זײַן, יענער מין „אויסגעלײַטערטער" קינסטלער, אויסגעלײַטערט פון לעבן. איך קאָן נישט פאַרוואָרפן אַזוי גרינג דאָס דאָיקע לעבן. — אַזוי טראַכט אַלץ מײַן ייִדישער מאָלער וואָס דאַרף אויסמאָלן אַ יעזוס־בילד.

— איך קאָן זיך נישט אויסבאַהאַלטן, אָפּטיילן, אָפּזונדערן. איך מוז זיך צונויפבונדן, אויסמישן, מיט אַלע און אַלץ, אויסמישן און אָפּווישן יעדע גרענעץ. און דאָס ברענגט מיך צום געדאַנק וואָס

איך מוז סוף כל סוף אַרויסזאָגן: איך האָב מורא צו זיין אַ ייד אין דער פּלאַסטישער קונסט. איך האָב מורא דערפאַר צוליב צוויי פּשוטע טעמים: ערשטנס בין איך אַליין נישט גענוג ייד אויף צו קעמפן די קאַמפן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אַזאַ יידיש־פּלאַסטישער איינ־שטעלונג, און צווייטנס איז נישטאָ דער אָפּרוף ביי די אייגענע, נישטאָ די סביבה וואָס זאָל מיר געבן מוט און כח.

נאָך די דאָזיקע ויכוחים מיט זיין געוויסן, וואָס ער מיינט אַז ער האָט שוין אויף אייביק איינגעשטילט, האָט מיין יידישער קינסטלער זיך גענומען צו דער אומדאַנקבאַרער אַרבעט אויפצומאָלן „זיין" יעזוס.

3

אַז דער יידישער קינסטלער, מיטן צוקערן זיך צו דער בילד־לעכער קונסט, האָט געפּסלט איינעם פון די שטרענגסטע געזעצן אין יידישן קאָדעקס, איז נישט אָפּצולייקענען. עס איז מעגלעך אַז ער האָט דערמיט אונטערגעגראָבן איינעם פון די זיילן פון דעם יידישן־גאָט באַגריף. אגב דאָס וואָלטן אונדזערע געלערטע געמעגט אַביסל אַרומטראַכטן און פּרואוון דעם חורבן גוטמאַכן, נישט דערמיט חלילה וואָס זיי וועלן זיך איינשפּאַרן אַז דער פאַרבאָט מוז ווידער־אַמאָל אָפּגעהיט ווערן. פאַרקערט, זיי וואָלטן דאַרפן זוכן אַ רעכט־פּערטיקונג פאַרן קינסטלער כדי דערמיט איינצוהיטן דעם קינסטלער ביי יידן. זיי וואָלטן דאַרפן אָוועקשטעלן די היפּאָטעזע אַז די נייע ווענדונג ווערט דיקטירט פון דעם „מוז" פון צייט און אָרט און אַלס אַזעלכע איז זי לעבנס־באַרעכטיקט, אָפּגעזען אפילו פון די פאָלגן פון גוט און שלעכט.

ווען דער יידישער קינסטלער האָט צוליב יענעם „מוז" דעם פאַרבאָט געפּסלט איז דאָס געווען אויף זיין אייגענער אחריות, אָן צו נעמען ביי עמעצן הסכמות דערויף. גאָט האָט זיך נישט איינ־געשטעלט פאַר זיין געבאָט, און די יידישע רעליגיעזע פירער האָבן נישט געהאַט דעם כח אָפּצושלאָגן אַ נייעם דראַנג וואָס האָט זיך גענומען שטאַרקן ביי יידן־עקשנים כמעט אומעטום מיטאַמאָל. דער מנהג האָט דאָ געבראָכן דעם דין.

אָט ערשט דאַכט זיך איז עס געוואָרן. דער ייד נעמט אַריינבליקן אין די אוצרות ביי אַנדערע פעלקער און ער באַקומט אַ חשק אַריבער־צוטראָגן אויף זיין אָרעם פעלד עטוואָס פון יענע רייכטימער.

אָבער מען דאַרף דאָס אַליין זייען אויב מען וויל האָבן דעם זכות עס אַליין צו שניידן, כאָטש מען קאָן דאָס באַוואונדערן אפילו

אויך אין פרעמדע פעלדער וואו קיין ווענט מיט שטאכעטן זיינען פאר די זאכן ניט פאראן. און איך שטעל מיר פאר אז פילע לאנגע דורות האבן יידן פארגנבעטערהייט אריינגעבליקט אויף יענע עשירותן נאר דעם מוט נישט געהאט צו נעמען אויף זיך די עובדה פון שאפן. געוועזן געניסער אבער נישט קיין שאפער.

קומט דער „מוז" פון דער צייט צו שאפן אייגנס. לערנט דער נייער יידישער קינסטלער מיט יידישער התמדה ביי די אלטע לערער און אויך ביי די נייע. און שוין האט ער זיך אריענטירט אויף דער פלאסטישער קונסט, און ווייזט ארויס גרויס בריהשאפט, באהאוונט־קייט און שכל און אפילו אייגנטימלעכקייט. כאטש, בדרך אגב, אייגנטימלעכקייט וואס דארף זיין זיינס אן שום מי, א שפיגל פון זיך, קומט דעם יידישן קינסטלער אן שווערער, איבער זיינע קאמפלעקסן וואס זיינען דערצו אפט גאנץ היפשלעך פארפלאנטערט.

ער לערנט און זעט, עס באווייזן זיך פאר אים אלץ נייע וועגן אויף צו איבערגעשטאלטיקן די וועלט. אין זיין ערשטער התלהבות טראגט ער אונטער זיינע געפינסן צו די אייגענע. אבער דא באגעגנט ער א וואנט פון עם הארצישער גלייכגילטיקייט.

דאס יידישע פאלק איז „טריי" געבליבן דעם געבאט. לאנגע דורות פון פארבאט האבן אטראפירט די פונקציע פון אויג. „קוק נישט וואו מען דארף נישט", זאגט א יידיש שפריכווארט. כאטש אין די לעצטע צייטן, אין די באוועגלעכע בילדער, איז דער ייד א שאפער און דאס פאלק א געניסער אויפן גרויסן אופן. און דא ווייזט אויס, איז דאס געזעץ פון „לא תעשה לך פסל" איינגאנצן ווי אפגעמעקט געווארן.

נישטא אין דעם מענטשלעכן מהות קיין ארט פאר אזא געבאט וואס צווינגט דיך איינצוצאמען די חושים זיי זאלן טאן זייער הוילע פונקציע אזוי ווי ביי חיות און בהמות און נישט ווי ביי מענטשן וואס דארפן, דאכט זיך, אויסברייטערן און אויסאיידלען זייערע חושים צו פארנעמען מער און בעסער און מיט א זין, אויף צופרידנצושטעלן א נויט און גלייכצייטיק אויף צו פארשאפן א נחת רוח.

נאר דער יידישער כלל אין שייכות צו פלאסטישער קונסט איז נאך א גאנץ אינערטע מאסע וואס דער יידישער קינסטלער ביי היינטיקן טאג איז נאך נישט בכח צו רירן פון ארט. איינצלנע — יא, פארשטייט זיך. נאר דאס רוב אפילו פון די וואס „לאזן זיך דינען", יענע אינטעליגענץ וואס „ווייס" שוין, זיי נעמען אפילו אמאל אריין א בילד צו זיך אין שטוב. עס איז אבער איבער זייערע השגות. זיי

דאַרפֿן דאָס נישט פֿאַר זיך, זיי דאַרפֿן דאָס דערוויל בלויז פֿאַר די שכנים און פֿאַר די פֿריינט. די מבינות, אַגב, ביי אונדז איז אויף אַ זייער נידריקער מדרגה. קיין קריטיקער האָבן מיר סתם נישט. די קינסטלער האַלט מען ביי אונדזערע „מעצענאַטן" פֿאַר אַזעלכע „באַהעמער" און „קרענקס", וואָס עס איז אַ וואונדער אַז זיי מאָלן אַזעלכע סטאַטעטשנע בילדער, און עס איז אויף זיי אַ גאַנס רחמנות וואָס זיי האָבן זיך נישט אָפּגעזוכט עפּעס אַ מער זיכערע „טרייד". עס ווילט זיך וואָס ווייניקער האָבן צו טאָן מיט זיי. און אַז מען נעמט ביי זיי אַ בילד איז עס געצוואונגענערהייט: דער קינסטלער האָט איינגעשמועסט, אַ פֿריינט דעם קינסטלערס האָט צוגערעדט; מ'איז מחויב, דער קינסטלער גייט אויס פֿון נויט.

אויף אַזאַ באָדן, פֿאַרשטייט זיך, קאָן קיין קונסט נישט גערייען. דער יידישער קינסטלער דערזעט גיך זיין לאַגע און דערשרעקט זיך. ווי אַזוי זאָל ער זיך שיצן קעגן אַזאַ ביטול אויב אַליין איז ער נישט קיין ציניקער? דאָס גרינגסטע איז צו אַנטלויפֿן. וועט ער גיין צו די ביי וועמען ער האָט, ווי ער מיינט, אַזוי געטריי געלערנט זיין קונסט. יענע וועלן דאָס אים זיכער אויפֿנעמען מיט אָפֿענע אָרעמס, און פֿאַר אים מאַכן אַן אָרט ביי זיך.

איז אָבער די מעשה אַזאַ:

די פּלאַסטישע קונסט האָט ער אַליין נישט אַנטדעקט, בו זיכער. אַפֿילו זיינע לערער האָבן זי נישט אַנטדעקט. אַפֿילו די מייסטער וואָס מען באַטיטלט אַלס די „אַלטע", האָבן זי נישט אַנטדעקט. גאָר פֿאַרצייטנס האָט זיך באַוויזן דער פֿענאָמען פֿון מאָלן. איז עס געוואָרן אַ נויטווענדיקייט פֿאַר מענטשן, וויבאַלד זיי האָבן זיך דער־קונדיקט וועגן דעם, אַליין אויך צו וועלן מאָלן. פֿון פֿאַרשיידענע גרונטן אַרויס האָבן זיי אָנגעהויבן צו מאָלן. אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים צוגעגרייטע האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו ווידמענען דער קונסט. איינער אין כינע, אַ צווייטער אין אינדיע, אין עגיפּטן, אין גריכנלאַנד — יעדער מיט זיין לעבנס־חכמה און לעבנס־שטייגער — ביז אין היינטיקע צייטן. יעדער האָט געקענט די קונסט פֿון פֿאַר אים, איבערגענומען ממש, און זי פֿאַרט אַרויסגעלויכטן פֿון זיך אַן אַנדערע. אַפֿילו וואו זיי האָבן געוואָלט פּשוט נאָכמאַכן ווי אַ שטייגער די רוימער די גריכן, איז זיי נישט געלונגען. זיי האָבן געשאַפֿן אַ רוימישע קונסט, כאָטש עטלעכע גראַדן נידריקער פֿון דער גריכישער.

די יידישע קינסטלער האָבן געלערנט ביי זייערע פאָרגענגער און מיטמענטשן. מען זאָל זאָגן אַז דערפאַר זיינען די ווערק פון די יידישע קינסטלער אין אַמעריקע ענלעך צו די פון זייערע אַנגלאָ־זאַקסישע קאָלעגן, וואָלט זיין נישט אמת. און דאָס איז נישט געזאָגט געוואָרן קיינעם לגנאי. אָט אַזוי איז דאָס, פאַר די וואָס ווילן זיך נענטער צוקוקן צו דער היינטיקער קונסט ביי אונדז אין אַמעריקע און וואָס האָבן נישט מורא פאַרן אמת. אין וואָס עס דריקט זיך אויס דער אונטערשייד? דער יידישער קינסטלער האָט צוגעטראָגן זיין באַזונדערע עטיק, וואָלט איך זאָגן, צו דער עסטעטיק. און אויב דער צומיש איז נאָר נישט צו שווער אויף איבערצוקומען דאָס גלייכגעוויכט, איז עס אַ זייער וויכטיקער צומיש. — און דאָס איז נישט דער איינציקער בייטראָג. און טאַקע, פאַרוואָס מוז דאָס זינלעכקייט זיין דער גאַנצער אינהאַלט פון אַ בילד, אָדער פאַרוואָס זאָל ממשותדיקייט, אָדער ווירטואָזיטעט, אָדער די אַרכיטעקטור פון אַ בילד זיין דער גאַנצער אינהאַלט פונעם בילד?

אין דער היינטיקער צייט, ווען עס וואַקלט זיך דער גלויבן אין אַן אַבסטראַקט־פערזענלעכן גאָט, און ווען אפילו די יסודות פונעם מענטשלעכן צוזאַמענלעבן האַלטן זיך אַזוי אומזיכער, איז דער גלויבן אין דעם מענטשן — אָט דאָס סאַמע האַרץ פון גלויבן — אַ שטאַרקער אָנהאַלט. און אַז דער דאָזיקער גלויבן זאָל קאָנען פאַרווענט ווערן און פאַרגרונטעוועט ווערן פונעם קינסטלער אין זיין שאַפן, איז דאָס אַן אויפטו פון גאָר גרויסן ווערט. דער ייד איז נישט איינציק אין דעם טרייב צונויפצושמעלצן עטיק מיט עסטעטיק, נאָר ווי מיר דאַכט זיך, איז ער דער נאַטירלעכסטער ניי־„אַלכעמיסט” וואָס וועט שאַפן די ניי־גאָלד קונסט.

נאָר דאָס, זעט איר, איז אַזאַ נייער שטייגער פאַר דער וועלט פון קונסט וואָס האָט זיך פאַרנומען אויף די שמאָלע, קאַלטע וועגן פון פאָרמעלער פלאַסטישקייט, אַ נייער שטייגער וואָס איז גאָרנישט אַזוי אַנגעלייגט ווי מען וואָלט קאָנען מיינען. מיטן בעסטן ווילן קאָנען זיי דאָס נישט אויפנעמען שוין גלייך אויפן שטעל. זיי זען ווי עס קומט אויף אַ שטייגער פון צווישן זיי און ער איז זיי פונדעסטוועגן נישט אייגן, אַזוי ווי אַ קינד וואָס וואַקסט אויס אַמאָל אַ פרעמדער ביי אייגענע טאַטע־מאַמע. האָבן זיי דערצו ווייניק צוטרוי, האָבן ווי מורא דערפאַר.

דאָס איז אין סקיצירטע שטריכן די פּאָזיציע פונעם ערנסטן יידישן קינסטלער אין דער אַמעריקאַנער סביבה.

קומט דער יידישער קינסטלער פון רוסלאַנד, פון דייטשלאַנד, צי פון פראַנקרייך, איז ער אַ לעגיטימער פרעמדער און ווערט צוגעשריבן צום לאַנד פון וועלכן ער קומט. אַגרופּן אַן אַמעריקאַנעם יידישן קינסטלער „ייד״ איז פאַררעכנט אַלס נישט העפליך, זאָגן אויף אים מיטן פולן מויל אַז ער איז אַן אַמעריקאַנער קאָנען זיי אָבער אויך נישט. זאָגט מען, דאָרט וואו מען קאָן שוין נישט שווייגן, אַז דער קינסטלער אַזוי און אַזוי איז באַהויכט פון פרעמדן איינפלוס און דווקא פון די קינסטלער פון יידישער אָפּשטאַמונג. איז דאָס אַ גאַנץ אײדל אַנצוהערעניש וואָס שאַפט אַ זער טשיקאַווע לאַגע — און אַן ערנסטע לאַגע.

גיין צוריק צום יידישן פאָלק און זאָגן: „חטאתי״, איך האָב געזינדיקט, איך האָב דיך צו לייכט פאַרוואָרפן; איך האָב דיך פאַרלייקנט און איך האָב זיך פאַרלייקנט, דאָס איז צו שפּעט, אָדער אפשר נאָך צו פרי. דאָס יידישע פאָלק האָט זיין קינסטלער נישט געוואָלט פריער, פאַר זיין אָפּטריניקייט, און וויל אים נישט האָבן איצטער אַז ער וועט צוריקקומען אַלס בעל תשובה. אפשר אַמאָל וועט דאָס פאָלק וויסן ווי צו היטן זיינע קינסטלער.

בלייבט אַזוי דער יידישער קינסטלער אָפּט אַ צעטומלטער און אַ צעשפּליטערטער, און צוליב זעלבסט־דערהאַלטונג וועט ער אַנשפּאַרן אומעטום, און יאָ־געבעטן, נישט־געבעטן, טאַנצן אויף אַלערליי חתונות. און דאָ אַז עס מאַכט זיך מען בעט אים צו אַזעלכע גלאַוונע כאַטש ווייטע מחותנים, ווי אַזוי זאָל ער דאָס אָפּזאָגן און נישט קומען? קומט ער טאַקע: איך בין אויך דאָ....

צום סוף וויל איך דאָ נאָכאַמאָל באַמערקן אַז די טעמע פון אַ בילד איז דאָס בילד צוזאַמען מיט דער אויספירונג. וואָרעם אַז נישט, וויפל אייגנטלעך פונעם בילד איז די טעמע? נישט דער סקעלעט, נישט דער הוילער געשטעל איז די טעמע. אויך איז דער נאָמען פונעם בילד נישט די טעמע. ס'אַ סברה, אַז ווען מען גיט דעם קינסטלער אַ „טעמע״, האָט מען אין זין די זאַך שוין אַ פאַרטיקע. דעם קינסטלער בלייבט דעמאָלט איבער זיין הויכגעשעצטער „יאָ״־זאָגן. די טעמע דאַרף דעריבער זיין דעם קינסטלערס פונעם אָנהייב ביזן סוף, און קומען דאַרף זי פון סאַמע טיפסטן אַרויס. אַ־ניש וואָס איז דאָס? אַ נאָכאַמען, אַ נאָכקרימען זיך. און טויזנטפאַכיק נאָכגעקרימט איז דאָס, אויב די זאַך איז שוין אַזוי אויסגעפּרואווט געוואָרן ווי די יעזוס־פיגור. נאָר דאָ קומט נאָך צו די פאַלשקייט, וואָס די זאַך איז אים אינגאַנצן להיפוך, טראָץ דעם וואָס אַ יידישער שרייבער

מיט אַ פּאָר ראַביים האָבן געמאַכט אַ פּרואוו דעם סימבאָל פונדאַסניי אָנצוקניפּן אָן יידישן באַוואוסטזיין.

און עס איז מיר דערצו אויך געווען אַ גרויסער חידוש וואָס יידישע קינסטלער קאָנען זיך אַזוי גרינגשעציק באַציען צו דער קונסט ווי דאָס וואָלט געווען אַן איבונג פֿאַר קינדער. איך קאָן זיי אויך נישט געפינען קיין זכות אין זייערע פאַלשע חשבונות — אפילו אויב דאָס זיינען געווען זייערע כוונות — אַז דאָס טוען זיי טובות די יידן, אַז דאָס שאַפן זיי אָפּ די גרענעצן און זיינען דאָס די אָנזאָגער פון אַ נייעם טאָג; אָדער אַז זיי זיינען דאָס כלומרשט די ברייטע, וועלטלעכע מענטשן וואָס כאָטש זיי זיינען נישט רעליגיעז און מאָלן נישט אויף צו באַדינען די רעליגיע, קאָנען זיי זיך אָבער פּאָרט ספּראַווען מיט דעם דאָזיקן ענין, אויף דעם קלוגסטן אופן, אַזוי אַז מען זאָל סוף כל סוף נישט וויסן, וואָס זיי זאָגן דאָס אַזוינס אין וואָס זיי אַליין גלייבן, און דער עיקר — ווער און וואָס זיי זיינען.



# לידער

## כייקע אייבלסאָן

### אַריסטאָטל ביים ברעג ים

כ׳וויל אָנרירן דעם אַלטן וואונדער
אין קילקייט פון די ווייסע כוואַליעס —
גיי איך ביים ים וואו אַריסטאָטל
פלעגט די טריט פאַרטראַכטע שטעלן.

איז ער אויך אַזוי געשטאַנען,
און ווי איך דאָ פול מיט טרערן
ליבע צו זיין האַרץ געערופן,
וואונדער אויף דער וועלט זאָל ווערן?

טייכן לעשן זיך אין ימען,
שטערן לעשן זיך אין ליכט —
מיט אריסטאטלס חלום
קושט דער ווינט מיין געזיכט.

## מאָרגן

מאָרגן וועלן אַלע זיבן
ווינטן זינגען נייע לידער
פון קאַנאַן, פון טויט־טומאַנען,
און פון בליצנדיקע שטערן.

וועלכע גראַמען וועסטו
צו אַזאַ מוזיק צופּאַסן?
„טויט לחיים!" קלינגען גלעזלעך,
בלאַנקען הייסע באַיאָנעטן.

און די ערד נעמט צו איר אוצר:
שטייפע הענט און בלינדע אויגן —
וועלכער איז געווען מיין ליבסטער,
וועלכער שטיין און וועמענס שווייגן?

## איצטער

איצטער איז דיין פּנים שטראַליק
מיט מינוטן אָן אַ שיער,
איצטער איז די וועלט אַ ליכט
וואָס פלאַקערט אויף פאַר דיר און מיר.

נאָר די וואָס זיינען איינגעשלאָפן
צו דעם ניגון פון אַ שווערד,
זיי, וואָס האָבן איינגעשפּאַנט
דעם ווילדן שכל פון דער ערד,

זיי וואַרטן אין דעם אַלטן נעכטן,
מיט זיין אוצר טיף און שווער,
פאַר דיינע הונגעריקע אויגן
און מיין ליכטיקן באַגער.

## ס'ווילט זיך וויינען

ס'ווילט זיך וויינען, — וואָס וועט פון אונדז ווערן?
ווייסע וואָלקנס שפּיגלען זיך אין טייך —
לאַנגע גראָזן שווייגן און פאַרשווייגן —
גראָזן וואָס וועט ווערן אויך פון אייך?

ניט געליבט האָט איר, אַן האָס געשטורמט,
אייערע לייבער שלינגען נאַכט און שיין,
אַן פאַרדרוס קאָנט איר אַנטשלאָפן ווערן
ווען דער ווייסער וואָלקן שלינגט אייך איין.

ס'ווילט זיך וויינען, רופן נאָך דער בענקשאַפט,
נאָך אַ שמייכל און אַ פרייננטלעכע האַנט.
שווייגן גראָזן, שווייגן און פאַרשווייגן
ליכט און שאָטן אויף אַ גרינער וואַנט.

## קום . . .

קום, ווייסער צויבער, אַריבער די בערג;
קום, שטילער פרימאָרגן, גלעט מיינע לייד
מיט זינגען פון פויגלען און פאַלן פון טוי.
עס זיינען די אויגן פאַרשאָטנט אַזוי.
אַז שאָטנס פון נאַכט זיינען שלייערס פון נויט
און רו איז אַ גנב, אַ ברודער פון טויט.
קום, ווייסער צויבער, אַריבער די בערג.

## זיי שטיל

שאַ, זיי שטיל, מיין העלער גאַסט.
דער טייך פון הימל האָט זיך צעבליט
אַן זעגל־שיפן און אַן ווינט
און אַן ברעגן ווייס ווי מילך.
זאָל ניט שרעקן דיך דער פלעק
וואָס איז אַמאָל אַ ווינט געווען;

זאָל ניט בלענדן דיך דאָס ליכט
וואָס איז מיין בלאָסער טרוים געווען.
וועסט פון דאַנען ניט אַוועק
ווייל צייט וועט קיינמאָל דאָ ניט זיין.
שאַ, זיי שטיל, מיין העלער גאַסט,
דער טייך פון הימל האָט זיך צעבליט.

## וויין ניט

וויין ניט, וויין ניט, דיינע טרערן
וועלן דיך פון וועג פאַרפירן
די שוואַרצע קאַלטע בוימער
שיטן שניי און שיטן רעגן.
און פון דיינע הייסע טרערן
וועט אַ בוים אַזאַ אויפוואַקסן
וואו נאָר דו וועסט ניט פליען
וועט זיין שאָטן אויף דיר פאַלן.
וועסטו זיגען, וועט דער שטורעם
פון די אויסגעדאַרטע בלעטער
דיינע לייכטע קלאַנגען בינדן;
און דיין גייסט וועט אויף די צוויגן
היטן שניי און היטן רעגן.
וויין ניט, וויין ניט, דיינע טרערן
וועלן דיך פון וועג פאַרפירן.

●

# לידער

## י. ל. טעלער

### יחזקאל

אין די איינגעווײדן ברענט גאָטס וואָרט.
אין 6־טן חודש און אין 6־טן יאָר.
ביי די ברעגעס פון כבר.

י. ל. טעלער

יידן שיקן שיפן אויף דער גרויסער וועלט.
פלאָגן זיך מיט כסף, שוה כסף,
דרימלען איבער שופלאָדן מיט געלט.
ציון איז אַ הענגל טרויבן,
יעקבס לייטער,
אַ פּאָר ווייסע טויבן —
אַ חלום פּאַרן פּעבל.
אָבער יוסטע יידן
מיט באַלייבטע ווייבער
און מיט שווערן מעבל
וואָס גרעבצן ביי די פּליישן און די לאָגלען
פּאַלט איין דאָס האַרץ
ביים טראַכטן,
גאָט זאָל גאָר
די שעה נישט דאַכטן,
פון אַ נייעם וואָגלען.

„שאוען זי, וויר כשרים זינד.
אבוואהל,
מאָזאאישעס גלאובן."
ניט קיין עברים, מאַרך און באָרטן־יונגען,
שלעפּער, הייזער־גייער
וואָס קלעפּן צו דעם זעער.

(אפילו די מיעשטשאנעס טוען פּאַר אים
די קאַפּעליושן ציען,
די כלאָפּעס בוקן זיך
און רופן אים ראַבין.)

אָוונטיק. דער טייך איז חושך, שוים
און קול. יחזקאל איז אַליין אין טאָל.
די פינצטערניש פּאַרטריפט ווי וואַקס
די אויערן פון דער איינגעשטילטער שטאָט.

יחזקאל וואַקלט אין די טריט,
טאָפּט דעם וועג

אין שטערן־טשאַד
און באַנייט
ווי יעדע נאַכט
דעם הייסן שטרייט
מיט בייזער זעאונג
און מיט טראַציק לייב.

די היץ
שלאָגט אין אים
פון קאָפּ ביז די פּיס.
די נאַכט איז
לויטער מולד,
שאַרף און שפּיז.
פון אַלע פּאָרן
שלאָגט לאַווע,
דער קאָפּ טראַסקעט
פון מעשה מרכבה.

אפשר איז עס קנאה גאָר
פון נאַר
צום האָר,
צום איינגעוואָרעמטן ביים כבר
מיט שטאָלן מיט די ספּריטסטנע פּעלן,
מיט ווייבער אויף צום קינדלען
און ווייבער אויף צו טראָגן קרעלן?

פרייכנדיקע גלוסט
הינטער פּלויטן,
אין דער קוסט.
בויך גייט אויף בויך
ווי אַקער אויף ערד
ווי שווערד
קעגן שווערד
און פאַלק
קעגן פאַלק.
און דער נביא.

דער שקלאַף,
רייסט זיך
פון דער גלוסטונג
ווי פון אַ כאַמוט,
איז מורד
קעגן אייגענעם גוף,
און טאַמלט צוריק
צו היים, צו וויג,
צו דושנער נאַכט
אין מוטער־טראַכט,
צום דמיך חיי
פון דער ערשטער זי.

## צעזאָרס ווייב

ווינט בלאָזט
פאַרנאַכטיק פייער
אין די שויבן.
צעזאר רייט
אין שטויב און פאַרבן
דיך,
די לעצטע פעסטונג, אַרבן.

ווי שפּריצן שוים
לויפן־אויף
די ווייסע פאַנען
אויף די טויערן,
פאַרן בלענד
פון זיינע שפּאָרן
וועלקט דער ווידערשטאַנד
ביי דיינע מויערן.

ער האַלט דיך
אויף דער האַנט
פאַר די אויגן

ווי אַ הענגל טרויבן
אין וואונדער
און אומגלויבן.
אויף דיין וואַנט
רינט רחבס פּאַדים.

ליגסט פאַר אים
אין פאַרגלייזטער אונטערטעניקייט,
נאָר ער,
דער קריגער,
שפּירט
די ווידערשפּעניקייט
פון הייסן פּיסק,
פון שמאָלע לאַנגע היפטן,
די טראַציקייט פון בריסטן.

ער קומט
מיט שטראַם און שוים
מיט יעדן ווילדן גלוסטן
און ווייסט:
פאַר אים
וועט פאַלן גאַל
און שיקן שטייער־מינצן,
נאָר אייביק
וועט ער שלאַכטן
מיט דיין לייב,

מיטן זעבל
אין דיר קריצן
זיגן,
דיך איינגעמען פונסניי
מיט יעדן אָוונט־שטערן.
אַזוי טוט צעזאָר,
ווי פון קלאַץ —
דער שקלאַף,
אין בייזן בלוט־געוויטער
ביי די אָדלער שווערן.

י. ל. טעלער

# וואונדער

דאָס צופאַל־וואונדער
וואָס קומט איצט פאָר
צווישן מיר און דיר
אין שפּאַלט פון אַ טיר
איז אַ זיג איבער לאוס
און אַ זיג איבער מוראס
בייזן לשון
און שטרענגע תורות
וואָס ווילדע לייט
האָבן אויסגעהאַקט,
ווי אות אויף שטיין,
ביז דער טיף
פון אונדזער פלייש
און געביין.

מ׳קאָן זיי ביים נאָמען
די שאַפער פון תהומען,
די קלוגע אין גייסט
און אין גוף — נאַראָנים,
וואָס האָבן פאַרשפּאַרט
דאָס רחבות פון גלוסט
אין פירהויז פון אַ חלום,
און ווי אויף לאָקער אין קוסט
מיט אָטעם
מיט אויג
געשפּירט
מיין גאַנג צו דיר,
דיינעם — צו מיר,
צום וואונדער־צופאַל
אין שפּאַלט פון אַ טיר.

האָבן זיי געוואוסט
וויפל לאַך
וויפל וויץ

אין דער אַנגסט
אין דער היץ
פון גלידער אין הויל,
און צוויי גופים אין קנויל?
וויפל ניט־אַנטפּלעקטער סוד
אין דיין יעדער נאָט,
אין דער פאַרע פון נאַז,
אינעם ריח פון דיין מויל,
אין דעם זיפץ
און געשריי
פון מאַנסביל און ווייב
ביי די טעמים פון לייב?

דיין הויט: ריח און פאַרב
און קלאַנג.
איך באַקער זיך
דורך דיר
צו די וואונדערלעכע גלידער
פון אַן אַלטן שטאַם
צו וועלכן כ׳האָב פינצטער געגלוסט
פון יענער זייט צאַם
ווען די לבנה,
אַ ברוסט,
האָט געוואַרט אויפן גלעט
פון מיין הייסער מענערשער האַנט.

דיין לייב —
אַ שליאַך
צום אָפענעם ים.

## קאָשמאַר

פאַרקער ניט
אין די געמינעוועטע שטרעקעס
פון מיין חלום.

דער נעפּל ברענגט מיר שוין
דיין נאָענט.
די לבנה לויכט
ווי חגא־נאַכט.
שטאָלענע חושים
פאַנגען דיין שפּור
און טאָרפּידאָס גירן דיך
אין צאָרנדיקער פּראַכט.

הינטער אַלע פּינטעראַזשן
שווענקען שרעקן
צו די דעקן
פון דיין לייב.
שופן מישן זיך
מיט שטערן.
די נאַכט איז בלינד.
דער ים איז אַ וואונד
וואָס שמאַרצט אין ווינט.

פון וואַכזיין ביז וואַכזיין
אַ לאַנגע הימל־וואַסער שטרעקע
מיט פּאַרצייטישן באַשערט.
דאָס ימיקע געהער
געשפּאַנט
צום פּיבערדיקן רודער
אין טומאַן.

שיף און לייב.
דער ברעג איז נאָך
אַ נאַכט די ווייט.
און אַזוי פיל חלום־שטרעקעס
קניפּן דיינע הענט,
פלעכטן דיינע פיס,
פליִיצן צו דיין בויך —
דעם מעכטיקן, שטאָלצן בויך
פון אַ שיף.

# דער ייד איוב

(עפּאָס פון היינטיקער צייט)

## שאול מאַלץ

## דאָס ליד פון איוב

זינג מיר דאָס ליד
פון איוב דעם ייד,
וואָס בלאָנקעט איצט אין די וועלדער;
צווישן הארבסט און וויאַנעדיקע גראָזן,
צווישן חורבות ס'וויב געלאָזן,
און קברים פון אבות אויף פעלדער.

ס'ליד איז ביטער, ס'ליד איז טרויער,
אַז אויף גרעניצן און טונקעלן לויער
שטייען און וואַרטן היטער:
שטייען און וואַרטן, אַז ס'זאָל איוב, דער ייד
דערשלעפּן דעם גוף אויף מידע טריט
צו דערגרייכן דעם ברי פון זייערע ריטער.

נעם פאַר ליב דעם בליק פון די אויגן,
וואָס האָבן גאליקייט געזויגן
אין לאַנגגן, מידן וואָגל.
קריך אין שטיין דאָס געשטאַלט,
וואָס אַנגסטן אין האַרץ באַהאַלט,
ווי ביטערקייט אין אַ לאָגל.

צווישן יידן אין וואָגל אויף האַרבסטיקער ערד.
ס'וויינען אין גרויקייט זייערע בערד,
פּנימער זיינען פון הונגער צעקאַרבט.
יידן וואַנדערן אין לויה־רייען,
ווינטן זייערע טריט פאַרווייען
און פאַרהוילן מיט בלעטער דעם, וואָס שטאַרבט.

איוב אויף דורות־אַלטע וועגן,
אין קעלט און אין רעגן
פאַרזייעט מיד די טריט.

שאול מאַלץ

געל דאָס פּנים, ס׳ציטערן די ציין,
אַלטע גלידער מוזן גיין און גיין
אויף וועגן האַרבסטיק פאַרבליט.

## אַ געלע לאַטע

איוב, מיין ברודער, מיין פריינט
מיין גואל, מיין טאַטע.
איוב גייט אַרום היינט
מיט אַ געלע לאַטע.

די קליידער, צויט אויף צויט,
נאָר גאַנץ איז די לאַטע.
אים שרעקט שוין מער ניט דער טויט
און ניט די תּפיסה־גראַטע.

פון מינכן, מאַינץ און דאַכאַו
טרייבן רוצחים זאַטע
יידן וואַגלען איבער שטעט און שליאַכן
באַווייזן די געלע לאַטע.

אומעטום: — היט זיך, היט!
אַ וואָרע מאַכט, איר לאַמע, האַרבאַטע!
ס׳גייט איצט איוב, דער ייד
שטאָלץ מיט דער געלער לאַטע.

## אין לאַגער

צעריסן די שיך,
איטערדיק די טריט
גיך, גיך
אַרבעט איוב דער ייד.

די רוט קנאַלט,
צופּט און קניפּט: —

טרערן־קוואַל
שוין אויסגעזיפּט.

שטיין אויף שטיין,
ציגל אויף ציגל.
אַהער דערגרייכט ס׳געוויין
פון קינד אין וויגל,

וואָס רופט: טאַטע, טאַטע
קום אַהער
אַפּווישן פון מיין געלע לאַטע
אַ טרער.

ברענגען אַ בשורה,
געבן אַ גלעט
ברענגען צו קבורה
די טויטע מאַמע פון בעט...

— — — — — — — — — — — — — —

צעריסן די שיך
צעוואונדיקט די טריט,
אַרבעטן גייך
מוז איוב דער ייד.

# איוב

וואו זיינען איובס קינדער?
און וואו איז איובס ווייב?
דער שטורעם האָט אָפּגעמעקט די רינדער,
דער חלף האָט פאַרשניטן די זרע פון לייב.

פערדישע טריט האָבן צעטראָטן די לאָנען,
רוצחים האָבן צעבראָכן די פּרוכט־ביימער,
דאָס הויז און שייער האָבן פאַרלענדט די פלאַמען,
צו ראַטעווען איז ניט געווען קיינער.

אין קיינעמס לאַנד, אין אַ צווייגן־געצעלט
פאַרברענגט איצט איוב די טעג.
און צו דעם האַרץ פון דער וועלט
איז פאַרשניטן דער וועג.

## וואַנדערער

איוב אין דייטשלאַנד, טשעכיע און פוילן
שוין וודאי געזאָגט פאַרן קוילן.

אַ קבר זיך שוין געגראָבן,
פאַר באַגלייטער — שוואַרצע ראָבן.

אין קיינעמס לאַנד שוין געלעגן,
אויסגעמאָסטן אַלע וועגן.

אין נעכט פינצטערע אין זומפּן געקראָכן,
געטראָגן אויף נאַקן אַ טויטן שכן.

געבאָרגט זיין קלייד אַ פרעמד קינד,
געוואָגלט מיט וואָלקנס, שטורעם און ווינט.

געקלאַפּט אין טירן, געבעטן, געבענטשט,
נאָר אַ וואָלף איז געוואָרן דער מענטש.

ניט פאַרנומען זיין יאָמערדיק געבעט,
ווי אַ מצורה אים געטריבן פון שטעט.

און אַט אַזוי מיט געשוואָלענע טריט
וואַנדערט אויף גאָטס באַראָט איוב, דער ייד.

## „יוד"

איוב מיט אַ „יוד" אויפן פאַס —
„יודע־שאַנד".
איוב אין אַ וועלט פון האַס
זוכט אַ לאַנד.

דער ייד איוב

געוואַנדערט אַזוי פיל דורות
דורך קאָנטינענטן און אָקעאַנען.
ווי אַן אבל אויף אַ בית הקברות
מוז ער איצטער שפּאַנען.

איבער וועגן בלינדע,
פון בייז אַ קרבן.
געלאָזן ווייב און קינדער
צווישן טויט און חורבן.

## ייִד

אַזוי פיל לענדער באַזעסן, געבויט,
פעלדער פאַראַקערט, פאַרזייעט, געשניטן.
פאַרמשפּטע צו מאָלצייטן פון קאַרג ברויט,
די חלומות אויף שערבלעך געביטן.

אין שטעט געוועזן דער שאַפער, דער קרעמער,
די אָדערן פון וועלט מיט האַנדל געפילט.
דורות האָבן מיט זייערע גופים, ווי לעמער,
דעם בלוטיקן דורשט פון רוצחים געשטילט.

איוב — דער יורש, דער בכור פון זיי,
שלייכט אַרום, ווי אַ וואָרים,
געזויגן פון דורות דעם וויי,
זיין פאַר דער וועלט אַ דאָרן.

פון גאַנצן פאַרמעג געבליבן:
אַ געלע לאַטע, אַ צעריסן העמד.
צער אויפן וועג געקליבן
עס צו טראָגן אין דער ווייטער פרעמד.

## קיינעמס לאַנד

די לבנה גייט אויף נידריק,
צו דערגרייכן ממש מיט דער האַנט,
אַ פעלד אַ זומפּיק, אַ פעלד אַ ווינטיקס —
דאָס איז קיינעמס לאַנד.

ווי שטאַמען פון דעמבעס זיצן זיי
און גאַפן אין דער בלויער ווייט.
אין האַרצן צערטלט מען די ווי,
דער האַס מיט יאַמערדיקע קולות שרייט.

גריבער זיינען זייערע שטיבער,
דער דאַך — האַרבסטיקע צווייגען.
דאָ אין וויסטעניש איז ליבער
דאַס גרויליקע שווייגן.

יידן געאַנקערט אויף וויסטע ברעגן,
ביימער ווייגען, ווי האַרפּן.
אַזאַ שפע בליט אויף גאָטס וועגן,
נאַר גראַז און צווייגן זיינען געוואָרן שאַרפּן.

# אין גרוב

איוב זיצט אין אַ גריבל ערד
אין קיינעמס לאַנד;
וואָס קאָנען האָבן פאַר אים אַ ווערט
די גאָלדענע קערנער זאַמד?

אַז פון די קליידער קריעה געריסן,
די האָר לייגן זיך גרוי.
ניטאָ פאַרן מויל אַ ביסן,
פון וועלדער טראָגט זיך וועלפיש געוואָי.

איוב רעדט צו זיך אַליין;
— נאַקעט געקומען פון מוטערס טראַכט;
(רייד ציטערן אין די ציין,
אין די אויגן בלענדט די נאַכט)

— כ׳וועל אויך בלינד אוועקגיין,
— נאַקעט אומקערן זיך אַהין,
— וואו די שטראַלן, ווי פּעדים ליין,
— ציען זיך דין . . .

— וואו נידעריק גייט אויף די זון,
— און נידעריק זי פאַרגייט;
ווער קאָן וויסן דעם סוד דערפון,
ווען זי איר בלוט אויף שליאַכן שפּרייט.

## בשורות

אין די פעלדער רייפט זיך דאָס קאָרן,
אין די בייטן פּערלט זיך דאָס קרויט.
סאַראַ פרייד ווערט איצט צעשטערט,
ווען ווינטן טראָגן בשורות פון טויט,

ווען ווינט דערציילט דעם בוים אין פעלד,
אַז ערגעץ איבער ווייטע ימען,
פאַרגייט אין בלוט אַ וועלט,
פאַרגייען היימען אין פלאַמען.

און אויף די וועגן וואַנדערן מיינע ברידער,
אויף זייערע ליפּן ציטערט אַ תּפילה.
אין די נעכט שוידערן זייערע גלידער,
פאַרגייען אין געוויינען שטילע.

אויף די פּלייצעס טראָגן זיי,
דעם מידן יאָך פון ווי.

## אין וואָגל

די וועלט איז גרויס,
די וועגן לאַנג.
ווינטן ברויזן אויס
שנאה אין גאַנג.

היים פאַרלאָזן,
זיך ניט געזעגנט.
אויף האַרבסטיקע גראָזן
עדה יידן באַגעגנט;

שאול מאַלץ

וואָס בייזע האַנט
און האָס טרייבן
אין קיינעמס לאַנד
צער צו קלייבן.

אין געצעלט פון צווייגן
שבעה צו זיצן, ווי האַרן
אין פאַרעקשנטן שווייגן,
און אויף גרעניצן שטאַרן.

## שליאכן

כ׳זע איוב׳ן אַזוי קלאָר
אויפן פּאָן פון האָריזאָנט.
ער וואָגלט מיט ווינט און שטראָם,
טראָגט בשורות פון וואָר.

זיין גוף שניידט אַ קרייז,
ווי אַ הונגעריקע מעווע.
פון אַלע ווינקלען רעווען
קולות פון בייז,

וואָס רינגלען אים אַרום,
פאַרוואָלקענען די טעג.
נאָר איוב זיין וועג
שניידט דורך שטום.

די קולות שניידן
די פרייד פון האַרצן.
ווינטן און כמאַרעס שוואַרצע
פון זון אים שיידן.

פראָסט בריט אים אין די טריט,
מאָלט זיין לייב בלייך.
יעדע צווייג קריצט און שטרייכט
אויף זיין הויט אַ שניט.

אַ סטעמפּל — בלוט־רויט
געקריצט אויפן העמד;
— ביסט דער וועלט פרעמד,
— ביסט אַ קרוב מיטן טויט.

און אויפן שוואַרצן קלייד
די לאַטע בלענדט געל,
און די זון, פון שווינדזוכט העל,
אויפן וואַגל אים באַגלייט.

איוב טראָגט אַ בשורה,
גאַליק איז דאָס וואָרט.
פאַרן שונא — מאָרד,
פאַרן שענדער — קבורה.

אַזוי שלייכט אום אַ ייִד,
געקנאָטן אין בלוט —
און זינגט דאָס ליד
פון אויפגיין און מוט.

## „סט. לואיס"

אויף בלינדע ימען וואָגלט אַ שיף,
איובן פון היים פאַרטריבן.
שוואַרצע כוואַליעס, אָפּגרונטן טיף
האָבן זיין חלום, ווי שוים צעריבן.

גרעניצן וויסטע, וועכטער שטומע,
די בליקן שניידן אין האַרצן.
אויף טייכן פאַרפרוירענע געקומען
צום חלום פון לעבן זיך שוואַרצן.

און ווי מעוועס מידע געפינען אַן אָרט
אָפּרוען די פיס, די מאַטע.
איבער שליאַכן וויסטע געטריבן דורך מאָרד
און געשענדט מיט געלער לאַטע.

הונגער באַגלייט זיינע טריט,
טויט קומט צו אים צוגאַסט.
דער טרויער אין די אויגן גליט
און שטראַלט אין אַ וועלט פון האַס.

ברעגן פרעמדע, קריעס איז,
אַ שיף געאַנקערט אין קיינעמס לאַנד.
ברעגן שפרייטן זיך, ווי לעמער ווייס
פּאָר פּליטים געשטעמפּלט מיט געלער שאַנד.

בלינדע נעכט, מילכוועגן;
ס׳האָט אַ האַנט געצייכנט די שיף אין קויל.
טייכן אָפענע, שונאס ברעגן
שטאַרן, ווי אַ וואָלפס מויל.

אַזוי פיל ערד, אַזוי פיל ימען
דאָ אויף גאָטס גרויסער וועלט.
נאָר איובן גרייכן פון האַס די פלאַמען,
אין זיינע אויערן דער ווינט שעלט.

## ביטער בלעטל

ווען דער פּיין האָט
פון אַלע זייטן געדריקט,
האָט איוב אויף גאָטס באַראָט
אַ טויב אַרויסגעשיקט.

אפשר איז באַשערט,
אויפן לאַנגן וואַנדער־וועג,
געפינען אַ שפאַן ערד
אין אַזעלכע מבול־טעג.

ווייל די ימים רעווען
מיט גלות, מיט וואַנדער, מיט בויט.
פון אַלע זייטן ברענגען מעווען
די בשורות פון טויט.

איז די טויב געפלויגן
אין דער פאַרוואָלקנטער ווייט,
מיט טרויער אין די אויגן
פון דעם עלנט, וואָס שרייט;

פון דער פּיין, וואָס נאָגט
און אַ בלינדע שרעק,
פון דער רציחה, וואָס פּלאָגט
איובן אויפן דעק.

סע האָט די טויב קיין לאַנד
ניט אויסגעמיטן.
נאָר ערגעץ האָט אַ בייזע האַנט
איר האַלדז צעשניטן.

און שטאַר אַזוי צוריק
געקומען צופליען.
טויט אין דעם בליק,
די טראָפּנס בלוט גליען.

נאָר אַ בלעטל געבראַכט אין מויל,
איז עס גאַליק ביטער.
איוב שווידערט אין גרויל,
שטייט אין פּיין פאַרביטערט.

## יידל מיטן פידל

יידל מיטן פידל
שפּיל אויף דיין טרויער־ניגון.
איוב וויל אַצינד
זיין ווייסט לעבן פאַרוויגן.

זיין שענסטן חלום
גייט ער איצט באַגלייטן;
צום פּאַך פון רוט,
צום קלאַנג פון קייטן.

אַזוי פיל פּיין
מוז זיין האַרץ פאַרנעמען;
אַזוי פיל שענדער
קומען אים פאַרשעמען.

אַזויפיל הענקער
קומען אים פּייניקן,
קומען רייניקן
דעם גוף, דעם ביינינקן.

ער זאָל אויפגיין
פאַר גאָט געלייטערט
מיט רויך און פלאַמען
פון שייטערס.

יידל שפּיל אויפן פידל
דיין טרויער־ניגון,
איוב וויל אַצינד
דייך לעבן פאַרוויגן.

## אַז מען פּייניקט מיינע ברידער...

אַז מען פּייניקט מיינע ברידער...
ערגעץ אין לענדער ווייטע,
פילן עס מיינע גלידער
שניידן מיך די קייטן.

אַז סע ליגט מיין ברודערס געביין
צעפּערטלט און צעשניטן,
האָט מיך זיין פּיין
ניט אויסגעמיטן.

אויך איך ליג געבונדן,
אין קראַמפּן פאַרגייט מיין גוף.
אויך פון מיינע גלידער
טריפט יידיש בלוט.

## וואו נעמט מען?

אוי, וואו נעמט מען אזוי פיל כח צוזאמען
איבערצוטראגן דעם וואנדער און תפיסה־גראטע?
כ׳וועל אויפוועקן פון קבר מיין טויטע מאמע
זי זאל מיר אנגייען א געלע לאטע.

איך וועל וואנדערן שטאלץ אין שטאט
אויף פרעמדע גאסן.
און מעג איך זיין צו שפאט,
און מעג מען מיך האסן —
איך וועל מיין פיין באווייזן
איך וועל מיין פיין צעגיסן
און ווידער אויף וועגן שפרייזן
מיט א הארץ צעריסן.



# י. מעצקער

(עטיוד)

## משה שטארקמאן

י. מעצקערס אנטוויקלונג, ווי א בעלעטריסט, קאן מען ניט מעסטן דורך פארגלייכן זיינע ערשטלינג־ווערק מיט זיינע איצטיקע שאפונגען. ער איז געקומען אין דער ליטעראטור אריין מיט דערציילונגען, וואס זייער חותם איז געווען — קינסטלערישע רייפקייט, אי אין פרט פון שלמותדיקער קאפאזיציע, אי אין פרט פון אייגנארטיקער שילדערונג.

די יידישע ליטעראטור איז געווען מעצקערס קינסטלערישע שול. די ווערק פון די יידישעווארט־מייסטערס האבן אים אינספירירט. זיי זיינען געווען דער שפריי־רעגן אויף די שאפונג־קרייטעכער, וואס האבן געווארצלט אין אים, און זיך געריסן צו שפראצונג.

מעצקער איז פון די יידישע ווארט־מייסטערס אינספירירט געווארן, אבער קיינער פון זיי האט אים ניט משפיע געווען צו אימיטאציע. אויב אפילו א שטעלע אין זיינס א דערציילונג קאן דערמאנען דעם לייענער אן ארט אין א ווערק פון אן אנדערן שרייבער, איז דאס

— אָדער אַן אויסגעדוכטע ענלעכקייט אָדער אַ שאַפערישע קרובה־שאַפט, וואָס איז מעגלעך צווישן צוויי באַזונדערע וואָרט־קינסטלער, אפילו ווען זיי זיינען איינער פון דעם אַנדערנס ווערק קיינמאָל ניט באַווירקט געוואָרן.

מעצקערס דערציילונגען — פון זיינע ערשטע ביז די לעצטע — וויזן אַן אויף זיין בעלעטעריסטישער פאַך־קענטעניש. זיי זאָגן עדות אויף דער געניטקייט פון שרייבער, וואָס אַרבעט מיט געדולד און אויסדויער. עס זיינען ניטאָ קיין סימנים פון מלאָכה און עס זעען זיך ניט קיין צויטן און שיילעכץ פון וואַרשטאַט.

יידישע שרייבער זיינען, בדרך כלל, קינדער פון דער שטאָט. דער רוב זעט דאָס דאָרף אין אידילישע פאָרמען. פאַר מעצקערן אָבער, איז דאָס דאָרף ניט עפּעס שיינס, געזען דורך די אויגן פון שטאָטישן מענטש, נאָר די וועלט און דער מענטש אין זייער פּשטות און אויך אין זייער רויקייט.ביידע, אי די פּשטות, אי די רויקייט, סינטעטיזירט ער קינסטלעריש אין זיינע דערציילונגען. דערפאַר זעט מען אין זיי בולט די קרובהשאַפט צווישן מענטש און נאַטור, צווישן חיות און פלאַנצן. ס׳זיינען נישטאָ קיין גוטס און שלעכטס, נאָר רוי ערד און רוי מענטש, „ערד און זון״, גלוסטיקייט און זעטיקונג.

מעצקער זעט אין מענטשן — די תאווה, און אין נאַטור — די סטיכיע. ער האַמעוועט זיי מיט קינסטלערישע דאַמבעס און וואַלן, ניט כדי זיי צו קאָנטראָלירן, צו האַמעווען, נאָר כדי די אור־כחות זאָלן זיך אָנזאַמלען און פּרעזערווירט ווערן פאַרן קלימאַקס, ווען דער פּרימיטיוו וועט צעשמעטערן אַלע גרענעצן, וואָס זיינען פאַר אים אויפגעשטעלט געוואָרן. דערפאַר זיינען די פינאַלן פון זיינע בעסטע דערציילונגען אין שניי־זאַווערוכעס און אין רעגנשטורעמס, ווען דער מענטש ווערט אומרואיק און איינס מיט דער דער נאַטור.

מעצקער האָט אַן אויג פאַרן דעטאַל, און אין די דעטאַלן וויזט ער זיין כח ווי אַ שילדערער. זיינע פאַרגלייכונגען זיינען ניט קיין צוגעטראַכטע; ס׳איז אין זיי ניטאָ דער עלעמענט פון „ליטעראַרישקייט״, נאָר זיי וואַקסן אַרויס פון דער שילדערונג גופא, און זיינען אַן אָרגאַנישער טייל פון איר .

דאָס זעלבע איז דער פאַל מיט זיין שפּראַך. ער טראַכט ניט צו קיין ספּעציעלע „דאָרפישע״ ווערטער. זיין שפּראַך איז אַן ערדישע, און זי פאַרבלייבט ערדיש אפילו ווען מעצקער שילדערט די שטיינערנע שטאָט.

און דאָס איז אויך דער פאַל מיט זיינע העלדן. וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען, אויף דער עלעקטריש־באַלויכטענער גאַס, אָדער אין דער עלעקטריש־געטריבענער פאַבריק; אין די פעסטע מויערן און אין די דומפיקע טענעמענטס; אויף יאָגנדיקע באַנען און אין די טיפענישן פון שיפן — זייערע וואָרצלען בלייבן אין דאָרף, מיט דער נאַטור. נישט די „אינטעליגענטישע" ליבע צו דער ערד ווירקט אויף זיי, נאָר דאָס, וואָס קיין אַנדערע וואָרצלען האָבן זיי ניט. דאָס פעלד, דער וואַלד זיינען זייער היים, די היים.

מעצקער איז לאָקאַל — ער שילדערט דאָס גאַליצישע דאָרף — אָבער ער איז ניט לאָקאַליסטיש. דאָס וואָס ער דערציילט פון אַ גאַליצישן דאָרף, האָט פונקט אַזוי גוט געקאָנט טרעפן אין אַ נאָר־וועגישן דאָרף אָדער אין אַן אַמעריקאַנער ווילעדזש. דער חילוק צווישן די יידן און גוים, אין זיינע דאָרף־דערציילונגען, באַשטייט לרוב בלויז אין דעם, וואָס זיי זאָגן אַנדערע תפילות און האָבן באַזונדערע רו־טעג. סוף כל סוף, האָלט מעצקער, ווערט אַלץ דאָמי־נירט און רעגולירט פון דער תאווה, און אַלע בלוטן רוישן גלייך: אַן עסטרייכישער יידישער זעלנער, וואָס גייט אַהיים פון רוסישער גע־פאַנגענשאַפט, מיט בענקשאַפט צו זיין היים און משפחה, בלייבט אויפן וועג וואוינען מיט אַ דייטשער קריג־אלמנה; אַ צעדולטער, געליימטער יונג ווערט אַ נאַרמאַל־תאווהדיקער מאַן דורכן גלי פון אַ יונג מיידל; אַ פויערים־זון וויל אויפהעצן דאָס גאַנצע דאָרף צו מלחמה ווען אַ יידישע טאָכטער ווערט פאַרקנסט צו אַ יונגנמאַן פון אַן אַנדערן דאָרף; אַ יידיש יינגל הייבט אַ האַק קעגן זיין צווילינג־ברודער אין קאַמף איבער אַ מיידלס ווייסע פיס.

מיט דער זעלבער קראַפט, וואָס מעצקער שילדערט דעם אומרו אינעם ערד־מענטש, שילדערט ער אויך דעם אומרו אין דער חיה, אין דעם עוף און, אפילו, אין די געוויקסן. דורך דעם אומרו פון אַ הונט אין אַ דייטשיש דאָרף ווערט געשילדערט דער אָנהייב פון היטלעריזם; דורך די איבערלעבענישן פון אַ גענדזל זעט מען דעם אורקאַמף צווישן די שטאַרקע און שוואַכע; אוגערקעס אין גאָרטן, פונקט ווי פיקסן, האָזן און הינט קעמפן קעגן דעם מענטש, וואָס וויל זיי באַ־צווינגען.

אָבער — מעצקער מעסט ניט אָן אויף די חיות און עופות מענטשלעכע אַטריבוטן. זיי האַנדלען אויף זייער שטייגער, לויט זיי־ערע נאַטירלעכע אינסטינקטן. אויף וויפל ס'איז פאַראַן „מענטשלעכעס" אין די חיות, איז דאָס — אין מעצקערס דערציילונגען — בלויז צו

באַטאַנען זייער קרובהשאַפט צום מענטש, וואָס פאַרמאַגט אַ סך פון דעם חיהשן.

פונקט ווי מעצקער קען דאָס פרימיטיווע אין מענטש און דאָס מענטשלעכע אין דער חיה, אַזוי האָט ער אויך אַ טיפן אַריינבליק אין דער קינדער־וועלט. די קינדערישע אימפולסן ביי אים זיינען ניט געצאַמט דורכן געדאַנק אָדער דורכן שכל.

מעצקער רעדט צו קינדער און וועגן קינדער ניט ווי אַ דער־וואַקסענער צו קליינוואַרג, נאָר ווי איינער וואָס לעבט מיט זייער לעבן. אין זיינע דערציילונגען פון קינדער־לעבן און פאַר קינדער איז ניטאָ דאָס צוגעטראַכט „קינדערישע". זיי זיינען קינסטלערישע שאַ־פונגען פאַר לייענער פון יעדן עלטער.

די דאָזיקע „קינדער"־דערציילונגען האָבן זיך דערפאַר אַריינגע־פאַסט אינעם בוך „ערד און זון" צוזאַמען מיט די אַנדערע דערציילונגען, און דער דערוואַקסענער ווייסט אפילו ניט, אַז ער לייענט אין דעם זעלבן בוך אויך „קינדער־ליטעראַטור". „טאָלי און טאָבי" — דער ראָמאַן וועגן די אַוואַנטיורעס פון צוויי יידישע דאָרפסקינדער, איז אַזוי אַרום אַ ראָמאַן, וואָס האָלט געשמידט דעם יוגנטלעכן לייענער, וואָס האָט גענוס ניט בלויז פון דעם, וואָס עס ווערט דערציילט, נאָר אויך פון דעם ווי אַזוי דאָס ווערט דערציילט. זיינען דאָך האַנס אַנדער־סענס קינדער־מעשהלעך אַזוי באַליבט אויך ביי די דערוואַקסענע!

מעצקער איז אַ שילדערער, אָבער אויך אַ דערציילער. זיינע שילדערונגען וויקלען זיך אַרום סוזשעטן מיט האַנדלונגען, און פון ביידע, אי פון דער שילדערונג, אי פון דער האַנדלונג, ווערט אַ ניט־צוטיילבאַרער קינסטלערישער איינס. ווייל שילדערונג און אַקציע זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר מעצקערס שאַפן, איז דערפאַר געווען נאַטירלעך, וואָס צווישן פאַרשיידענע היסטאָרישע געשטאַלטן האָט ער דווקא אויסגעקליבן די פיגור דאָן יצחק אברבנאל, וועמעס לעבן און תקופה האָבן אין זיך יענע עלעמענטן, וואָס גיבן מעצקערס טאַלאַנט די מעגלעכקייט אויף קינסטלערישן תיקון.

מעצקער האָט מיט זיינע ביז־איצטיקע דערציילונגען פאַרענדיקט אַן אייגענע קינסטלערישע תקופה. זיי ווייזן אויך אויף אַ לאַנגן שריי־בערישן אָטעם. ס'איז דערפאַר מעגלעך, אַז די דאָזיקע דערציילונגען, לענגערע און קירצערע, זאָלן מיט זיך פאַרשטעלן זיינע „ערשטע ליטעראַרישע טריט" צום שאַפן גרעסערע ווערק, אין כמות און אין איכות. אויב דאָס איז אַזוי, איז דער אָנהייב, מעצקערס, געווען זייער אַ געלונגענער.

### י. מעצקער

ביבליאָגראַפיע :

„טאָלי און טאָבי". אילוסטרירט פון י. פרידלענדער. פאַרלאַג „מתנות", ניו־יאָרק (1936), 158 ז.

„ערד און זון". אַרויסגעגעבן פון קליוולאַנדער אַרבעטער רינג אינסטיטוציעס, לייען־קרייזן און קולטור־געזעלשאַפט, ניו־יאָרק, 1937, 189 ז.

דאָן יצחק אברבנאל. אילוסטרירט פון ה. ניישלאָס. פאַרלאַג „קינדער־רינג", ניו־יאָרק (1941), 48 ז.

# קינס צייכן

(דערציילונג)

## י. מעצקער

אין דעם האַרבסטיקן אינדערפרי, ווען עס איז קיין ניו יאָרק אָנגעקומען די נייס, אַז גאַנץ פוילן איז שוין אין די הענט פון די נאַציס, זיינען די אַרבעטער פון היימאַנס פוטערוואַרג פאַבריק דערשלאָגענע געקומען צו דער אַרבעט. געוויינלעך האָבן זיי אין דער פרי, ביים אַריינקומען אין שאַפּ אַריין, ליב געהאַט זיך אויסצוטשוכען פון שלאָף מיט אַ נייעם וויץ, אָדער מיט עפּעס אַ צווייי־דייטיקער חכמה אויפן חשבון פון די עטלעכע פּרויען פון דעם פינישינג־דעפּאַרטמענט. אָבער דאָס מאָל האָט זיך קיינעם פון זיי ניט געגלוסט צו שפּאַסן. זיי האָבן מיט פאַרהויכטע טרויעריקע אויגן איינס ס׳אַנדערע אָנגעקוקט, ווי אבלים, מיט קאַרגע רייד זיך באַגריסט און איינציקווייז זיך צונויפגעקליבן אין אַ ווינקל.

אַזוי ווי די ווייזערס פון דעם גרויסן שאַפּ־זייגער האָבן נאָך געהאַט דורכצומאַכן אַ היבשן מהלך ביז צו די ציפערן ווען דער מעטאַלענער קלאַנג זאָגט אָן, אַז עס איז שוין צייט זיך צו שטעלן צו דער אַרבעט, האָט איינער פון די אַרבעטער, פון דער העלער הויט, מיט אַ קול, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט געוויין, גענומען פאַרלייענען פון אַ יידישער צייטונג. ער האָט געלייענט וועגן דעם בלוטיקן נאַצי־מאַרש, וועגן טויט און פאַרוויסטונג און וועגן פּאָגראָמען, וואָס אוקראַאינער, אויפגעהעצטע פון דייטשע סאָלדאַטן, האָבן געמאַכט אין עטלעכע גאַליצישע שטעט.

די אַרבעטער פון היימאַנס שאַפּ זיינען כמעט אַלע געווען אַריבערגעקומענע פון יענער זייט ים און יעדעס וואָרט פון די אַלע ידיעות האָט מיט טיפער זאָרג זיך איינגעקאַרבט אין זייערע פּנימער.

ווען דער אַלטער גריך באַבאַטעס, וואָס האָט מיט זיי צוזאַמען יאָרן לאַנג געאַרבעט, איז אַריינגעקומען אין שאַפּ איז אים זייער אומהיימלעך געוואָרן ווען ער האָט דערזען די צונויפגעטוליעטע פינצטערע געזיכטער. ער האָט מיט לאַנגזאַמע טריט זיך צוגעשאַרט צו די אַרבעטער, אויס־געצויגן זיין געקנייטשטן האַלדז און אויך צוגעבויגן אַן אויער צו דעם פאַרלייענער.

נאָך דעם גריך איז אַריינגעקומען סעם דער קאַטער, וואָס איז געווען אַן אוקראַינער פון גאַליציען. דער עולם איז אַזוי פאַרטיפט געווען אין די נייס, אַז זיי האָבן אַפילו ניט באַמערקט, ווי ער איז אַ צעטומלטער עטלעכע מינוט געבליבן שטיין לעבן דער טיר און דערנאָך ערשט זיך ווי אַריינגעגנבעט אין זיין ווינקל לעבן צושנייד־טיש און גענומען שאַרפן זיינע מעסערס.

— ניש וואָרי, היטלער מיתה משונה, דאָס אַ קומען אין ניו־יאָרק. — האָט דער גריך געמאַכט אַ פייג און מיט זיין האַרטן יידיש גענומען טרייסטן די אַרבעטער ווען דער פאַרלייענער איז שטיל געבליבן. דער גוטמוטיקער גריך האָט מיט זיינע אויגן, וואָס זיינען איצט געווען אָנגעגאָסן מיט טרערן, גענומען אַרומזוכן סעמען.

— העי סעם — האָט ער זיך דערפרייט ווען ער האָט דערזען דעם אוקראַינער ביים טיש. — העי יידישע קאָפּ, טעלעם היטלער וואַקסן ווי ציבעלע מיט קאָפּ אין דרערד — האָט דער גריך גוט־ברודעריש סעמען מכבד געווען מיט דעם צונאָמען „יידישע קאָפּ", וואָס ער האָט זיך אים דערוואָרבן צווישן די פאַריער פאַר קענען רעדן יידיש און פאַר האָבן אַ יידיש ווייב. סעם איז שטענדיק געווען דער, וואָס האָט אַ פריילעכער זיך געלאָזט הערן אין שאַפּ און באַבאַטעס האָט צו אים איצט אַריבערגערופן, אַז ער זאָל אַביסל אויפהייטערן די פאַרזאָרגטע געמיטער.

— דעטס רייט — האָט באַרני דער פאָרמאַן, אַן אַמעריקאַנער יידיש בחורל, ביים אויסטיילן די אַרבעט אַרויסגעהאָלפן דעם גריך.

סעם האָט עפּעס ווי צו זיך אַליין אין דער שטיל אַ ברום געטאָן. ער האָט דערנאָך אַ שוויגנדיקער זיך נאָך מער אַריבערגעבויגן איבערן שאַרפשטיין אויף וועלכן ער האָט געשאַרפט די שפּיצן פון זיינע מעסערס מיט אַזאַ כוונה, אַזש פונקען זיינען געפלויגן.

***

אַכט־דרייסיק האָבן די אַרבעטער זיך גענומען צו דער אַרבעט. דער גערויש פון דעם מאָטאָר, וואָס האָט אָנגעהויבן טרייבן די

מאַשינען האָט אין זייערע אויערן ווי אַריינגעגאָסן דאָס זשומען פון די דייטשע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן פון דער הויך פאַרזייט דעם טויט איבער טויזנטער פרידלעכע היימען. די נאָדלען פון די ניי־מאַשינען האָבן וואָס אַמאָל זיך שנעלער גענומען יאָגן און מיט זייערע דריבנע שטעך ווי אויסגעשטעפּט סטעזשקעס, וואָס האָבן גע־פירט פון ניו־יאָרק, פון היימאַנס פאַבריק אויפן דרייסיקסטן שטאָק, ביז צו די חרובע שטעט און דערפער אין פוילן. די אַרבעטער זיינען מיט די סטעזשקעס אַוועק זוכן זייערע אַלטע היימען, זייערע אייגענע און אין איינוועגס אויך זייערע קינדער־יאָרן. אַלעמענס מיילער זיינען געווען ווי פאַרזיגלט און דאָס שווייגן האָט מיט אַ שווערקייט זיך צעלייגט איבערן שאָפּ.

באַרני דער פאָרמאַן, וואָס איז כמעט שטענדיק געווען אין גוטער שטימונג, האָט ניט געקאָנט פאַרליידן די אומהיימלעכע שטיל־קייט. ער איז געווען יונג און זאָרגלאָז און קיין זאַך אין דער וועלט האָט ער אַזוי שטאַרק ניט ליב געהאַט ווי ריטם. דאָס שווייגן האָט אים איצט געבראַכט דאָס געפיל, אַז עס פעלט אין שאָפּ דער טעמפּאָ און אַז די אַרבעט שלעפּט זיך עפּעס אָן טעם.

— דו ווייסט, מיין מאַמע האָט מיר דערציילט, אַז מיין גרענדפּאָפּ איז געווען אַ ראַביי אין פּאָלאַנד ביפאָר ער איז געקומט צו אַמעריקע — האָט באַרני דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט און אַריבער־גערעדט צו אַן עלטערן יידן, אַ נאָגלער, וואָס האָט ביי דער אַרבעט אין די האַרבסטיקע טעג ליב געהאַט צו פאַרציען אַ ימים נוראימדיקן ניגון.

— אויב אַזוי דאַרפסטו דאָך מסתם אין צווייי פּאָר תפילין יעדן טאָג. ביסט אים אַ שטאַרקער נחת דעם גרענדפּאָפּ דיינעם, — האָט דער ייד, אויסציענדיק אַ נאָסע פעל אויף אַ ברעט, אים ברוגזלעך אָפּגעענטפערט און מיט ביטול אים געגעבן אַ מעסט אָפּ פון דעם אויס־געגלעטן שוואַרצן קעפּל ביז צו די גלאַנצנדיקע לאָק־שיכלעך.

באַרני האָט מיט די רייד געוואָלט דעם נאָגלער אויפוועקן צו אַ שטיקל הזנות. ער האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז דער ייד איז ניט אויפגעלייגט צום זינגען און ער האָט אויף זיינע לייכטע פיסלעך ווי אַוועקגעטאַנצט פון אים. פון היימלעכקייט וועגן האָט איצט דער פאָרמאַן אָנגעהויבן אויספייפן דאָס אַמעריקאַנער מלחמה־לידל „אָווער דהער". ער איז אָבער באַלד פאַרקראָכן אויף אַ פאַלשן טאָן און אין מיטן איינגאַנצן פאַרלוירן דעם אָטעם.

— העי יידישע קאָפּ, מאַך אויף די פּיאַנאָ. זינג עפּעס, באָט סאָמטהין טשירפּול, — האָט באַרני איצט אַריבערגעשריגן צו סעמען און פון דערוויטנס אים צוגעוואָרפן אַ בינטל פּעל.

— „שייען ווי די לעווע־וואָגע לעעקטיק ווי דהע שטע־ערן״

— האָט דער אַלטער גריך זיך געמיט אָנצושלאָגן דעם טאָן פון דעם יידישן טעאַטער ליד, וואָס סעם האָט עס אָפט געזונגען אין שאַפּ.

אָבער ניט באַרני און ניט דער גריך האָבן סעמען אַרויסגעריסן פון זיין שווייגן. ער האָט אַ נערוועזער גיך אויפגעכאַפּט די פּעל וואָס דער פאָרמאַן האָט אים צוגעוואָרפן און ער האָט זיך אַריבער־געבויגן איבער זיי מיט אַן אויסגעשאַרפט מעסער.

**
*

סעם איז אין די לעצטע עטלעכע טעג געווען שטאַרק צערודערט. די שרעקלעכע נייעס פון יענער זייט ים מיט וועלכע די לופט איז פול געווען האָט אים אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון זיין גלייכגעוויכט. אַ מאָדנער געדאַנק האָט אים אין די לעצטע עטלעכע טעג גענומען פאַרפאָלגן. עס איז אים פאַרגעקומען, אַז מענטשן קוקן אויף אים מיט פאַרדאַכט, אַז זיי אהנען, אַז ער באַהאַלט עפּעס פון זיי און ער האָט וואָס אַ טאָג אַלץ מער זיך אָפּגעזונדערט פון די אַרבעטער מיט וועלכע ער האָט אַ צייט לאַנג צוזאַמען געאַרבעט.

ווען ער איז אין דער פרי אַריינגעקומען אין שאַפּ און געהערט פאַרלייענען וועגן די פּאָגראָמען וועגן וועלכע ער האָט שוין פריער געהאַט געהערט, איז ער שטאַרק צעטומלט געוואָרן. ער האָט דייטלעך געהערט דערמאָנען די נעמען פון די שטעטלעך און עס איז אים אַזאַ שטאַרקע אָנגסט באַפאַלן, אַזש אַ קאַלטער שווייס האָט אויף אים גענומען אַרויסטרעטן. אין די פאָר מינוט וואָס ער איז געשטאַנען ביי דער טיר איז זיין קיילעכדיק פול פּנים געוואָרן אָנגעצונדן רויט און זיין פאַרריסן גויאיש נעזל איז אויפן שפּיץ געוואָרן וויס און באַדעקט מיט אַ הויך. זיינע מוטנע גרויע אויגן זיינען ווי אויפגעוועקט געוואָרן און זיין פלאַקסענער קאָפּ האָר מיט זיינע ווייסע ברעמען זיינען נאָך ווייסער געוואָרן.

—זיי האָבן זיך שוין ווידער צעהוליעט, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, — האָט ער געהערט ווי דער עלטערער ייד, דער נאַגלער, האָט זיך אָנגערופן, נאָכדעם ווי דער פאַרלייענער האָט פאַרענדיקט לייענען די נייס וועגן די פּאָגראָמען. ער איז שוין דעמאָלט געשטאַנען ביים טיש אַן אַריבערגעבויגענער איבערן שאַרפשטיין און עפּעס ווי

מורא געהאַט אויפצוהייבן דעם קאָפּ. עס איז אים פאָרגעקומען, אַז ניט נאָר דער נאגלער, נאָר אַלע קוקן אויף אים פון דער זייט מיט פּילדייטיקע בליקן. דער געדאַנק, אַז זיי לייענען אַראָפּ פון זיין פּנים דאָס וואָס ער האָט אַזויפיל יאָרן באַהאַלטן אין זיך, האָט ניט אויפגעהערט פּיקן אין זיין מוח און אים ממש געטריבן צו משוגעת. און אפילו איצט, ווען די אַרבעט איז שוין געווען אין פולן גאַנג און בּאַרני דער פאָרמאַן האָט אים געהייסן אויפזינגען עפּעס אַ פריילעכס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט די ווערטער: — זינג סעם, עס איז דאָך ווידער פריילעך דאָרטן. זינג זיי צו, די ברידערלעך דיינע. —

איין שטעטל פון די וואָס זיינען ביים פאָרלייענען דערמאָנט געוואָרן איז געווען די קאַנווע פון סעמס אַמאָל. דער נאָמען פון דעם שטעטל און די בייעס פון יענעם גאַליצישן ווינקל, וואָס זיינען צו אים דערגאַנגען אין די לעצטע עטלעכע טעג, האָבן אין אים אויפגעוועקט בלוטן, וועלכע האָבן שוין יאָרן לאַנג געדרימלט אין זיינע אָדערן.

— ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, — האָט דער מינדסטער געררויש אַרום אים ווי איבערגעחזרט די ווערטער און אים ווי צוריק־געשלעפּט צו יענער צייט. ער האָט אַ צערייסטער געטריבן פון זיך די דערמאנונג, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין צינדן, ביז זי האָט ביסלעכווייז אינגאַנצן פאַרפלייצט זיין מוח.

***

אַן איבערגעבויגענער מיטן מעסער איבער די גלאַנצנדיקע שוואַרצע סיעל־פעל האָט סעם ווי פאַר זיך דערזען דעם איבערגעוואַקסענעם זיבעצן יעריקן סעמיאַן, מיטן פלאַקסענעם צעשויבערטן קאָפּ האָר, מיט באָרפיסע בלאָטיקע פיס, אַנגעטאָן אין אַ העמד פון גראָבער לייוונט אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן.

סעם האָט צונויפגעצויגן זיין קורצן שטערן אין קנייטשן, געפינטלט מיט זיינע פיבערנדיקע אויגן און געטריבן פון זיך דעם געדאַנק, אַז ער אַליין איז דאָס געווען דער סעמיאַן. ער אַליין האָט זיך דאָס אויפגעהאָדעוועט אין דעם קליינעם גאַליצישן דערפל, אַן טאַטע מאַמע און ביז זיבעצן יאָר דאָרטן געווינטערט אין שטאַלן און געזומערט אויף פעלדער, ביז עס איז אומפאַרהאָפּט געקומען דער טאָג ווען ער איז אַזוי פּלוצלונג אויף שטענדיק אַוועק פון דער היים.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז עס געווען. דער דרויסן איז פול געווען מיט ברוינע און וויינרויטע האַרבסט־קאָלירן און געשמעקט

מיט ריחות פון צוגעלייגערטע פלוימען און צייטיקע ווינטער־עפל, פעדים שפינוועב פון אַלט־מידן זומער האָבן זיך געזילבערט אין דער לופט. דער טאָג איז דעמאָלט געווען לויטער און וואַרעם, פונקט ווי דער טאָג וואָס ליכטיקט זיך איצט צווישן די הויכע מויערן פון דער שטאָט ניו יאָרק. ער איז געשטאַנען אויף דעם פויערישן הויף, וואו ער האָט געדינט, און קעגן דער זון, מיט גבורה, געשאַרפט אַ האַקמעסער אויף אַ גרויסן דריישטיין פון וועלכן עס האָט געשלאָגן מיט פונקן פייער. אין מיטן שאַרפן דאָס גרויסע מעסער מיט וועלכן ער האָט זיך געקליבן גיין אויסהאַקן הייפּטלעך קרויט פון גאָרטן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט עטלעכע מאָל און אַריינגעקוקט אין דעם פולן צעבער וואַסער איבער וועלכן דער שאַרפשטיין האָט זיך געדרייט. ער האָט דאָרט ווי אין אַ שפּיגל געזען דעם יונגן שפּראָץ אויף זיין פּנים און עס האָט אים שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס זיינע וואָנסן זעען זיך שוין גוט אָן.

פּלוצלונג זיינען מיטן וועג אָנגעקומען עטלעכע פּעטליורישע סאָלדאַטן און מיט זיי אַ מחנה היימישע שקצים באַוואָפנט מיט העק און מיט דרענגלעך.

— מען גייט פון די דערפער אויפן פּריצישן הויף און אויף די יידן פון שטאָט, — האָט איינער צו אים אַריבערגעשריגן.

— העי, סעמיאָן, וואָס שטייסטו ווי אַן אויסגעמאָלטער? נעם אַ זעקל און קום אויך.

— קום, וועסטו דיר אין שטאָט אויסקלייבן אַ ווייצענע יידישע כלה, — האָבן עטלעכע היימישע אים מיטגערופן.

סעמיאָן האָט מיט גרויסע אויגן זיי אָנגעקוקט. ער האָט עפּעס ווי ניט געקאָנט באַנעמען זייערע רייד. זיי האָבן אָבער אים לאַנג ניט געלאָזט טראַכטן און אים באַלד מיטגעשלעפּט מיט זיך.

ער איז מיטן האַקמעסער אין האַנט צוגעשטאַנען צו די היימישע שקצים און זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיי אין שטעטל אַריין. צוזאַמען מיט די פּעטליורישע סאָלדאַטן זיינען זיי דאָרטן באַפאַלן יידישע הייזער. זיי האָבן געבראָכן טירן און פענצטער, מיט רציחה באַפאַלן יונג און אַלט און געפּליגדערט יידיש האָב און גוטס. סעמיאָן האָט אין איין יידיש הויז זיך אויסגעפּוצט אין יידישע קליידער, פון וועש ביז צו אַ טונקלען איבערמאַנטל מיט אַ סאַמעטענעם קאָלנער, פונקט אַזאַ ווי דעם גלחס זון האָט געטראָגן. דערנאָך איז ער מיטגעגאַנגען מיט די שקצים און סאָלדאַטן און זיי געהאָלפן אַרויסטראָגן פון יידישע שענקן פעסער

בראנפן אין מארק אריין. זיי האבן דארטן געזונגען און געטאנצט און זיך געלאזט וואוילגיין ווי אויף א חתונה.

— טרינק סעמיאן. עס איז עכטער ניינציקער און עס קאסט ניט קיין געלט. טרינק, עס דארף היינט זיין פריילעך, — האבן זיי אים געשטופט אין מויל אריין אן ערדן קריגל מיט דעם הארבן געטראנק צו וועלכן ער איז נאך ניט געווען צוגעוואוינט.

***

סעם האט מיט א שווערער האנט ארומגעפירט איבער די סאמעט־גלאטע פעל און א צערייצטער מיט א שטארקער שנעלקייט זיי געשניטן. מיטאמאל האט ער זיך געכאפט, אז ער האט זיך א שניט געטאן אין א פינגער. ער האט ניט געפילט קיין ווייטיק און ווען ניט דאס בלוט, וואס האט זיך באוויזן אויף זיין האנט, וואלט ער דעם שניט אזוי גיך ניט געווען באמערקט. ער האט דאס בלוט גיך אראפגעשארט מיטן מעסער, עפעס ווי ער וואלט דערויף ניט געקאנט קוקן און א פאר מאל אפגעווישט דעם פינגער אן זיין ארבעטס־כאלאט. אומבאמערקט האט ער דערנאך א פיר געטאן מיט דער האנט איבער זיין פנים און זיך איינגעשמירט דעם שטערן מיט בלוט.

צוויי שווארצע אויגן האט ער פאר זיך איצט דערזען. אויפגעריסענע גרויסע אויגן פול מיט שרעק און געבעט. דאס זיינען געווען די אויגן פון דעם יידישן מיידל, וואס ער האט דעמאלט, א שיכורער, זי געפונען א באהאלטענע אויף א בוידעם. איר צעשראקענער בליק, איר שטום געבעט האט אים בלויז עטלעכע רגעס אפגעהאלטן. ווי א ווילדע חיה, וואס ווארפט זיך פארצוקן איר רויב, אזוי איז ער זי דעמאלט באפאלן. און דערנאך האט ער זי געלאזט ליגן א פאר־חלשטע.

עס איז איצט סעמען אויפסניי פארגאנגען דער ריח פון דעם יונגן מיידלשן לייב און א הייסער שטראם האט אים גענומען שטייגן צום קאפ. עס איז געווען דער זעלבער ווארעמער פרישער ריח, וואס האט דעמאלט א צייט לאנג פון אים ניט געוואלט אפטרעטן און אים איינגאנצן איבעראנדערשט. ער איז יענעם טאג שוין ניט צוריקגעגאנגען אין דארף אריין און ער האט שוין די יידישע קליידער מער ניט אויסגעטאן, נאר דערנאך שוין כסדר זיך אויפגעהאלטן אין שטעט צווישן יידן. אן אונטערטעניקער, א שטילער, האט ער זיך געדרייט ארום יידישע הייזער, געזוכט ארבעט ביי יידן און מיט דער צייט לעבן זיי זיך אביסל אויסגעמענטשלט.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ער זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע. ער איז ווי נאָכגעפאָרן דער גרויסער צאָל יידישע מיידלעך, וואָס האָבן אין יענער צייט פאַרלאָזט די קליינע שטעטלעך און געצויגן קיין ניו יאָרק.

אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וואו ער האָט געביטן זיין נאָמען פון סעמיאָן אויף סעם, האָט ער זיך געמישט מיט יידישע אַרבעטער און ערשט צווישן זיי זיך אויסגעלערנט גוט רעדן יידיש. דאָס גרעסטע פאַרגעניגן איז ביי אים דערנאָך געווען ווען ער האָט אַזוי אין שפּאַס געקאָנט אָפּנאַרן, אַז ער איז אַ ייד.

אין ניו־יאָרק איז אים זייער לייכט אָנגעקומען זיך צו נעמען אַ יידיש מיידל פאַר אַ ווייב. נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעווען עטלעכע יאָר אין לאַנד האָט ער אין אַ ראַדיקאַלן קלוב זיך באַקענט מיט אסתרן. זיי האָבן זיך באַלד באַפריינדעט און אין געציילטע עטלעכע וואָכן געזעצלעך חתונה געהאַט אָן דער צושטימונג פון אַ רב אָדער אַ גלח.

*****

פאַרנאַכט, ווען דער גלאָק אין הײמאַנס שאָפּ האָט זיך צעקלונגען און אָנגעזאָגט די צייט פון גיין אַהיים, האָט סעם אַ ציטער געטאָן און זיך אַ ריס געטאָן פון טיש גלייך עמיצער וואָלט אים מיט אַ שטאָך פון אַ נאָדל אויפגעוועקט פון שלאָף. ער האָט מיט שרעק אין זיינע אויגן זיך אַרומגעקוקט מיט אַ מאָדנער פרעמדקייט, עפּעס ווי ער וואָלט ניט געוואוסט וואו ער איז.

די אַרבעטער האָבן זיך געאיילט צו גיין אַהיים, אָבער אין זייער איילעניש האָבן עטלעכע באַמערקט סעמס פאַרענדערט פּנים, וואָס איז געווען אָנגעדראָלן רויט. זיי האָבן ווי מיט פאַרוואונדערונג אים באַטראַכט און געקוקט אויף זיין שטערן, וואָס איז לענג אויס ווי געצייכנט געווען מיט בלוט. דער עלטערער ייד, דער נאָגלער, וואָס איז געווען אַן אַריבערגעקומענער פון אַ גאַליצישער שטאָט, פון דעם זעלבן געגנט וואָס סעם, האָט אים ווי דורכגענומען מיט זיין בליק. דער ייד האָט קענטיק אים עפּעס געוואָלט זאָגן, ער האָט אָבער בלויז האַלב געעפנט דאָס מויל און דערנאָך מיטאַמאָל זיך אָוועקגעדרייט.

סעם האָט אַ צעטומלטער אויפגעכאַפּט די אַלע בליקן. עס איז אים פאָרגעקומען, אַז עפּעס דאַרף דאָ מיט אים געשען און ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט דאָס מעסער פון האַנט. מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער עטלעכע מאָל אַ פיר געטאָן איבער זיין שטערן, ווי איינער

וואָס וויל זיך עפּעס דערמאַנען. און באַלד דערויף האָט ער האַלב הינטערווײַלעכס זיך גענומען אַרויסשאַרן פון שאַפֿ.

דעם גאַנצן וועג אַהיים איז סעמען פאַרגעקומען, אַז מען פאָלגט אים נאָך. ער האָט אַלע מאָל מיט אַנגסט זיך אַרומגעקוקט און פאַר־קוועטשט זיין האַנט אַרום מעסער, וואָס ער האָט געוואָרעמט אין קע־שענע. ווי נאָר ער האָט זיך אַריינגעקוועטשט אין דער סאָבוועי וואָס איז געווען געדיכט געפּאַקט מיט מענטשן, האָבן באַלד אויפסניי די נייס וועגן רויב און מאָרד אויף יידן דערגרייכט זיין אויער און אים עפּעס ווי אַ ברי געטאָן אינעווייניק. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט דעם נאַגלערס קול און ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז אַלע אין דער סאָבוועי רעדן וועגן אים און קוקן אויף אים. אויגן, פון אַלע זייטן אויגן, האָבן ווי מיט שפּיזן געבויערט זיין שטערן ביז צו דער סטאַנציע וואו ער האָט געדאַרפט אַרויסגיין.

ווען ער איז אַהיימגעקומען איז ער שוין אינגאַנצן געווען צעשרויפט. אסתר איז אין דער היים ניט געווען. אַזוי ווי קיין קינדער האָט זי ניט געהאַט האָט זי אָנגעהאַלטן אַ שטעלע אין אַ רעסטאָראַן, וואו זי האָט אין די אָוונטן געאַרבעט אַלס קאַסירערין.

סעם איז אַריינגעקומען אין הויז אַריין מיט ניט זיכערע טריט ווי אַ פרעמדער. ער איז פאַרבייגעגאַנגען די קיך וואו דער טיש איז פאַר אים געווען געגרייט און וואו זיין וועטשערע האָט זיך געוואָרעמט אויף צאַנקענדיקע גאַז־פלעמלעך און זיך ווי אַריינגעגנבעט אין פראָנט־צימער. דאָרטן האָט ער אַ שווערער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער סאָפע. אַ קאַלטער שוויס האָט גענומען גליווערן זיין פּנים. עס איז אים עפּעס ווי ענג געוואָרן אין זיינע קליידער און ער האָט זיך צעקנעפּלט, צעכראַשטשעט און זיך אויסגעטאָן באָרפיס. דערנאָך איז ער געבליבן זיצן אַן אומבאַוועגלעכער, זיינע אויפגעריסענע גרויסע אויגן געווענדט צו דעם פענצטער דורך וועלכן עס האָט אַריינגעקוקט אַ גרויער האַרבסטיקער פאַרנאַכט.

עס איז שוין לאַנג געווען פינצטער ווען סעם האָט מעכאַניש זיך אויסגעצויגן אויף דער סאָפע. ער איז אַזוי האַלב אויסגעטאָן ניט איינמאָל איינגעשלאָפן אויף דער סאָפע ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין וואַרטנדיק אויף אסתרס אַהיימקומען. אָבער איצט האָט זיך צו אים קיין שלאָף ניט גענומען. ווי נאָר ער האָט זיך אַוועקגעלייגט האָט אים אָנגעכאַפּט אַ יוקן און אַ בייסן, גלייך ווי עמיצער וואָלט מיט אַ פעדער אַרומגעפּידרט איבער זיין לייב. דאָס בייסן האָט אים שטאַרק צערייצט און ער האָט אַ צעווילדעוועטער זיך גענומען וואָרפן

פון איין זייט אויף דער אַנדערער. ער האָט מיט ביידע הענט געקראַצט און געריסן פון זיך די הויט ביז בלוט. אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

**
*

אין שפּעטער נאַכט האָט סעם זיך אויפגעזעצט אויף דער סאָפע און אַנגעשפּיצט זיינע אויערן. די פריילעכע און שכורע קולות פון די הימישע שקצים פון דאָרף האָבן זיך צו אים איצט דערטראָגן. די קולות זיינען געקומען צו אים וואָס אַמאָל דייטלעכער. איז ער געזעסן און זיך צוגעהערט.

— מיר גייען אויפן פריצישן הויף און אויף די יידן, — האָט ער געהערט ווי איינער האָט אויסגערופן.

סעם האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און דערזען פאַר זיך זייערע געשטאַלטן. ווי אין בליץ האָבן זיי זיך איצט פאַר אים געוויזן און באַלד ווידער פאַרשוואונדן געוואָרן. בלויז איינער איז געבליבן שטיין אין אַ ווינקל און צו אים אַריבערגעקוקט. די געשטאַלט וואָס האָט זיך וואָס אַ מאָל מער אַרויסגעשיילט פון דער טונקלקייט איז אים פאַרגעקומען זייער באַקאַנט. האָט ער פאַוואָליע זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אַרויסגענומען דאָס צושנייד־מעסער פון קעשענע און מיט שווערע באַרפיסע טריט צוגעשפּאַנט צו יענעם ווינקל. דאָס איז געווען זיין אייגענע געשטאַלט וואָס האָט צו אים אַרויסגעקוקט פון שפּיגל. סעם האָט מיט דער זעלבער נייגעריקייט ווי דעמאָלט אין צעבער וואַסער באַטראַכט זיין פּנים און זיין פלאַקסענעם צעשויבערטן קאָפּ האָר.

— סעמיאָן, וואָס שטייסטו ווי אַן אויסגעמאָלטער? נעם אַ זעקל און קום אויך. קום וועסטו די אויסקלייבן אַ ווייצענע יידישע כלה, — האָט ער דערהערט ווי די הימישע שקצים פון דאָרף רופן אים.

ווי דורך אַ כישוף איז סעם איצט צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם אַמאָליקן סעמיאָן. עפּעס ווי אַן אויפגעפּענטערטער איז ער איצט פלינק אַוועק פון דעם שפּיגל און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די צימערן. אַ רירעוודיקער האָט ער אַראָפּגעשלעפּט דאָס ליילעך פון דעם בעט, עס אויסגעשפּרייט אויפן דיל און גיך אין אים געגומען צונויפוואָרפן שטיקלעך זילבערוואַרג, אסתרס זיידענע וועש און נאָך אַנדערע שטובזאַכן. דערנאָך האָט ער מיטן מעסער, וואָס ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט, צעשניטן דעם מאַטראַץ פון בעט און צעטרענט די קישעלעך. אַלץ וואָס איז אים געקומען צו די הענט

האָט ער צעריסן, צעבראָכן און צעוואָרפן איבער דער גאַנצער וואוינונג. מיט די אַלע זאַכן, וואָס ער האָט צונויפגעבונדן אין אַ פּעקל, האָט ער דערנאָך ווי אַ שטורעם זיך געלאָזט צו דער טיר. פּונקט דעמאָלט האָט ער דערהערט טריט, האָט ער זיך פאַרזעצט אין אַ ווינקל און געוואַרט.

אסתר איז אַריינגעקומען. סעם האָט פון זיין ווינקל, אין מאָטן שיין, וואָס איז פון דרויסן אַריינגעפאַלן דורכן פענצטער, דערזען אירע אויגן, צוויי שוואַרצע אויגן פול מיט שרעק. ער האָט געקוקט אויף איר ווי ער וואָלט זי איצט צום ערשטן מאָל געזען. אסתר איז איצט פאַר אים נישט געווען זיין ווייב מיט וועמען ער האָט זיבן יאָר אָפּגעלעבט, נאָר דאָס מיידל, וואָס ער האָט דעמאָלט געפונען אַ באַהאַלטענע אויפן בוידעם.

נאָך איידער אסתר האָט באַוויזן ליכטיק צו מאַכן איז ער צו איר צו מיטן מעסער אין האַנט און מיט אַ ווילדן כוח זי אַ שליידער געטאָן צום דיל. ער האָט מיט אַ פאַרענדערט קול אַרויסגעקייכט עטלעכע ווערטער אין אוקראַיניש און איר געדראָט מיטן מעסער. דערנאָך איז ער זי מיט אַזאַ ווילדער תאוה באַפאַלן, גלייך ווי איר וואָרעם לייב וואָלט אים אינגאַנצן פרעמד געווען.

**
*

ווען אסתר איז אין שפּעטער נאַכט צו זיך געקומען און אַ פאַר־וואונדערטע געגומען באַטראַכטן דעם חורבן אַרום זיך איז שוין סעם אין הויז נית געווען. אַ באַרפיסער מיטן פּעקל אונטערן אָרעם האָט ער זיך געשאַרט איבער זייטיקע טונקעלע גאַסן פון ניו־יאָרק, נאָכגייענדיק זיין אייגענעם שאָטן. אַלע מאָל איז ער אויף אַ ווייַלע געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געזוכט דעם מאַרק מיט די פּעסער בראַנפן, ער האָט די אויגן אויסגעקוקט נאָך זיינע חברים, מיט וועלכע ער איז געקומען אין שטאָט, כדי ער זאָל מיט זיי זיך קאָנען אומקערן צוריק אין דאָרף אַריין.

# לידער

## שלום שטערן

### רחמימדיק געזאַנג

א

ישראל פול מיט רויב.
אומעטום שפריצט דאָס בלוט.
אויף לייבער קנאַלט די שלאַנגען־רוט.
די אַדונים ברענגען יהוהן אַ קרבן־לויב...

די זינד צום הימל שרייט.
צו אָפּגעטער — דער מזבח רויכערט.
די רייכע צאָלן דעם שופט שוחד.
דער אָרעמעאַן האָט קיין ערד־שפּאַן.

אין ישראל פּיין און טרויער.
עס טויבט דאָס ווייטיק־געשריי
פון אָרעמאַן און פּויער.
יעדן טאָג הענגען מענטשן
ביי די האָר אויף דער בריק.
אַ שוטר — אַ ריז
מיט אַ בליאַסקנדיקער שילד,
טרעט אַ פּויער מיט די פּיס.
שלאָגט מיט דיקע שטריק:
ווילסט צוריק דיין אָרב — שטאַרב!

און מיט רשעות, מיט טעמפּער,
באַוואָפנטע זעלנער שלעפּן אויף דערגנער
נאַקעטע קערפּער.
זידלען און שעלטן:
איר אָרעמע, מיאוסע קרעץ
איר פּאָלגט נישט דאָס געזעץ.
איר האָרכט די באַנדע נביאים,
גאָט און קעניג איר ווידערשפּעניקט.

קרעכצט דאָס פאָלק
אונטער אײַזערנעם קלאַמער.
קעפּ פון נביאים
שמעטערט דער האַמער.

ב

איזבל זוכט אליהוס טויט.
לעבעדיקערהייט זי רײַסט
פון נביאים די הויט.
פאַרשטיקט איז דאָס צאַרנדיק־קול.
דער שטאָלצער, מוטיקער מאַן פון גלעד
איז נע ונד:
די זון — אַ פײַערקויל.
עס גליט דער מדבר־ים.
אומענדלעך כוואַליעדיקער זאַמדן־צאַם.
נישטאָ קיין שאָטן־בוים, קיין קוואַרער־שטאַם.

בעט אויף זיך אליהו דעם טויט.
עס הערן חיות אויף פאַרבאָרגענע וועגן,
דאָס געפליגל אונטערן הימל.
אליהו בײַ זײַן הייל,
אָנגעלענט אויפן האַרביקן שטײַך,
עס פײַניקט אים דער דאָרשט און די היץ.
אויסגעטריקנט דאָס רעגן־וואַסער.
אַ, שיק, גאָט, דעם קראַכנדיקן דונער,
דעם בלענדנדיקן בליץ.

עס יאָמערן מיט אַלע חיות,
אַ געברום פון ווילדע סטייעס.
אַ געקלאַפּ פון פליגל,
ווי פון הימל זאָלן פאַלן גליענדיקע ציגל.

דער שפּאַרבער, דער אָדלער און די קראָ,
טראָגן אין מויל טראָפּנדלעך פון אַ ווײַטער, טײַכיקער בלאָ.
דער לעמפּערט, דער טיגער, דער לייב,

דער ווילדער אָקס און די ווילזלטיר
איילן טויזנטער מײַלן פֿון וואַסער־פּאַל,
עס קילט אין מויל אַ וואַסער־שטראַל.
אַלע רינגלען אַרום דעם וואונדערלעכן מאַן,
מידע קניען זיי בײַ זײַן צופֿוסנס, פֿון זײַן שטעקן — אַ שפּאַן.
טראַפּנדלעך וואַסער טריפֿן אויף אליהוס הענט
זײַנען טרערן גיסן אויף די שטיינערנע ווענט;
גאָט, פֿול רחמים און גנאָד,
אַלץ איז פֿאַרהוילן, טיפֿער סוד.
געדענק דײַנע עלנטע באַשעפֿענישן,
רײַך זיי נישט מיט הונגער און דאָרשט,
גרייט זייערע באַדערפֿענישן אויף יעדן אָרט.
דײַנע חיות רעות — אין גאָרן וואויל און גוט.
לויטער זייער הארץ — בענקענדיק זייער בלוט.
שפּרייט אויס דײַן פֿרידן־געצעלט
פֿון עק וועלט ביז עק וועלט.
און — איך וויל דאָ שטאַרבן
ביים קעמל — שטיין.
איך וואַרט אויף דיר בײַ דער הויערנדיקער וואַנט,
וויג מיך אײַן מיט דײַן ליכטיקער האַנט.
שטראַל אויף דײַן פֿרידן שײַן,
ברענג רו מײַן מידן געביין.
אָ, לאָז מײַן לעצטער טאָג אין רחמים פֿאַרגיין,
לעצטע, שטילע טרער אויף מײַן געלעגער־שטיין.
איך האָב אלישען אויסדערוויילט — אַ קריגערישער מאַן.
עס רוט אויף אים פֿון דײַן חסד דער גערעכטער גײַסט.
איבער קעפּ פֿון מלכים און אדונים ער שפּרייזט.
דאָס רשעות פֿון געצנדינער מיטן וואָרצל ער רײַסט.

ג

ווינטלדיקער פֿאַרנאַכט שפּאַנט.
אויף אַלץ אַ פֿאַרכטיקע טרויעריקייט פֿאַלט.
אין מערב־ראַנד,
וויקלט זיך אַ פֿײַער־באַנד.
אַ שטראַליקע האַנט,

ציטערט אויף שטיינערנער וואַנט.
אַ פויגל פלאַטערט שטיל און פלינק.
אליהוס גוף ווערט שוועבנדיק, גרינג,
עס הייבט אים אויף אַזאַ רחמימדיק געזאַנג.
הייליק, לויטער, לעצטער דאַנק,
עס זינקט דער טאָג בלאַנדזשענדיק לאַנג — — —

ד

עס דערנענטערן זיך אלישעס טריט:
איך בין יונג און דו שוועבסט אַוועק,
אויפן פאַרהוילענעם, באַרוטן שטעג.
עס מיניעט דער ווייסער בויגן,
לעשנדיק דאָס ליכט פון דיינע אויגן.

צוריק, אַליין, מיין וועג.
מיינע פיס טרעטן ווי אויף שפּיציקער זעג.
פאַרלאָז מיך נישט האַר, לערער!
דאָס שלעכטס ווערט מער, שטרויכלדיק, שווערער.

פּלוצלונג — אלישע דערהערט:
ביסט אויסגעקליבן און ווערט.
ביסט אויסדערוויילט צו זיין,
אין פייגען־קאַמף איינגעשפּאַנט.
און אין זכות פון די קעמפער מיט געראַכטער האַנט,
וועט אין יעדן דור אליהו זיך אומקערן אין אַן אַנדער געשטאַלט.

אלישע דאָס פּנים אין מאַנטל באַהאַלט.
צוריק קיין ישראל ער שפּאַנט.

## צום לעצטן מאָל

בערל ברוק דאָס שטעטל פאַרלאָזט.
די מאַמע שוידערט, איר לייב־שטעכיקער פראָסט.

די מאַמע פּילט, די מאַמע ווייסט,
עס איז נישט גלאַט, עס איז נישט פּראָסט.
דער מאַמעס האַרץ אויף גאָט זיך פאַרלאָזט —

בערל ברוק דאָס שטעטל פאַרלאָזט.
איינמאָל נאָר ער קוקט קריק,
צו דער לאַנגער בריק.
עס געזעגנט אים, עס באַגלייט אים,
בריינדלס פאַרוויינטער בליק.

ביידע געוואקסן ביי איין שוועל.
ביידנס הערצער צינדט די ליבשאַפט העל.
הינטער דער וואַסער־מיל,
פאַרנאַכטיק־רויט שוימט אַ וועל.
דאָס קאַלירטע שאַלעכל פלאַטערט אויף איר קאָפּ.
אויף איר אַקסל ציטערט דער שוואַרצער צאָפּ.
זי ווייסט, זי זעט אים צום לעצטן מאָל.
די נאַכט זינקט, פינצטערניש רינגלט זי אַרום —
אַ בלינדער, בלאַנדזשענדיקער טאָל.

בערל ברוק אַהנט זיין סוף.
ער איז אַלעמאָל גרייט דערויף.
נישט קיין ציטערניש, נישט קיין שרעק,
אויפן שטילן, וואַלדיקן וועג.

זיין וואָרט שטורעמדיק, הייס,
וועגן אַרבעט וועגן שווייס.
דער גלויבן אין גערעכטיקייט גרויס.
אַרבעטער און פויער פול בונט און ברויז.

די גערעכטע רייד פון די נביאים
אין אים גליען.
עס אומעטיקט דאָס דאַוונען פון דער באָבען.
עס פליסטערט דער זיסער ניגון פונעם רבין.
בריינדלס טרערן זיין פּנים בריען.

לידער

בערל ברוק בלייבט שטיין,
ביים בלעזלדיקן קוואַל, הינטער קרומען בוים.
ער טוט דריי קלונג אין בלעכל אויף דראָטן־צוים.
אַ שאָטן שפּרינגט אויף,
אַ געשריי, אַ לויף.
זיינע הענט אין קייטן־שרויף.

צאָרנדיקער טרויער אין דאָרף.
יעדער פויער אַ פריינט, אַ קרוב.
מען פירט בערל ברוק צום טויט.
גאָט האָט דער מאַמען פאַרלאָזט.
זי וואַלגערט זיך אין שטויב,
איר זון — פאַר קראָען דער רויב.
זי שינדט די הויט פון הענט און געזיכט.
די אויגן פון טרערן ליידיק, בלינד.

ברײַנדל בייגט זיך איין:
בערלס גוף — צעבראָכענער ביין.
אויפן גראָז גליוועט זיין בלוט.
זי גלייכט זיך אויס,
נקמה שווידערט אין איר בליק.
איר פּנים — צער פול מיט מוט.
נאָר איינמאָל זי קוקט קריק.
און שפּאַנט אַוועק אויף וואַלדיקן וועג,
אַקעגן טויט, צום זיג — — —

## אליה מאיר

### א

די הענט הינטער זיך,
געבויגן ביזן דיך,
כליפּעט שטיל אַזוי אין שטיבל,
אליה מאיר דער דאָרפסגייער:
גאָט! דיין פאָלק אַ דערשראָקענע עדה.

מוטער און קינד — אין איין טאָג קוילעט מעןביידע.
שטענדיק מיט די פּעק צו פּלאָגנדיקע פרעמדן.
שטענדיק אויף די קעפּ אַש און זעק.
שרעק און ווייטיק אין אונדזערע לענדן.
וואוהין יאָגסטו אונדז, צו וועלכע ענדן?

ליגט דער בלינדער פּנחס,
אויפן לאַנגן טיש ווי אויף אַ מזבח,
און קרעכצט תהלימדיק למנצח.
דער הונגער שמעקט פון ברויט דעם ריח.
זיין פּנים בלאַסט רואיק, ווייך.
ביי די גערטנער שווענקט קלאָר אַזוי דער טייך.

ב

אין רויכיקן שטויב פערד און וואָגן.
פון דער חורבה וויסטער קלאָגן.
מיט בעטגעוואַנט, ספר תורות און גמרות,
ליגט אויפן בית־הקברות,
אַ האַלב שטעטל באַהאַלטן.
טונקל קריכט דער טאָג אין די ביימער־שפּאַלטן.
הינטער מצבה־שטיינער,
ציטערניש אין יעדן אבר.
די הויכע גראָזן ביי משיחס קבר,
פאַרדעקן נישט די בעטנדיקע בינטלעך־ביינער.
קאָזאַקן יאָגן, צילעווען, שיסן.
יידיש בלוט איבער גאַסן גיסן —

ג

די הענט הינטער זיך,
געבויגן ביזן דיך,
כליפּעט שטיל אַזוי, אין שטיבל,
אליה מאיר דער דאָרפסגייער:
גרייט בין איך צום טויט.
זאָלן די רשעים ווי ר׳ עקיבאָן,

רייסן מיט אייזערנע קאַמען,
מיין לייב, מיין הויט —

ביי דער וואַנט שווער געראַנגל,
שאַרפער קלונג פון מעסער־קלינגל.
עס גיט אַ פּראַל זיך אויף די טיר.
אליה מאיר קוקט אויף דער ביקס, אויפן פאַרבלוטיקטן שטאַל:
מיט געהרגעטע יידן איז פול דער בלאַטע־טאַל.
גאַט, שפך חמתך על הרוצחים,
נעם נקמה פון די אכזרים,
פאַר אַלע יידן און פאַר מיין ברודער אפרים.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אליה מאיר אַ קרבן תמים — גאַנץ און ריין,
קלאַגט אין דער חורבה די שכינה אין שטילן געוויין — — —

## אונטער דיין פענצטער

### א

אויף בערג, אויף אייזיקן שטאַל,
גליטשט זיך די לבנה,
אין שניי־פאַרדרימלטן טאַל,
יאַגט דער וואָלף, לויערט די סכנה.

און איך בין יונג,
די פיס מיינע פלינק,
די בענקשאַפט — פליענדיק־גרינג,
יאַגט איבער וויסט,
מיטן וואָלף אויפן וועג,
און שטעלט מיך אונטער דיין פענצטער אַוועק.

אַלע לאַמפן ברענען דורך די פענצטער,
די בעטן — ווייסער טרויער,
בלוט שוימט דורך מויל.

שלום שטערן

דאָס פּנים ווערט גרויער,
פאַרשטאַרט דאָס געביין,
דער טויט בלייבט שטיין . . .

מיין שאָטן אויפן פענצטער,
דיינער — אויף דער וואַנט.
אַלע בעטן אין טויט פאַרקלעמט.
עס טרויערט דיין מידע האַנט.

ווערט שפּעט, שפּעטער.
אַלע לאָמפּן אויסגעלאָשן.
דו פירסט מיך פון פענצטער אַוועק.
די בענקשאַפט פליענדיק — גרינג,
יאָגט איבער וויסט,
מיטן וואָלף אויפן וועג,
און שטעלט אונדז אין פויערישן שטיבל אַוועק.

וויסער טרויער אויסגעשפּרייט
אין דיינע הענט מיין פרייד ברענט אויס.
אויסגעשפּאַנט שטייט דער אַנגעגרייטער שליטן.
אויף די שייבלעך פאַלן שנייען — ווייסע בליטן
בילנדיקע הינט דאָס דערפל היטן — — —

●

# לידער

## הלל שאַרגעל/תל אביב

### שטאָט

דער טאָג טויכט־אויף אין גאָלדענע פאַרבן,
איבער נויט, איבער הונגער, איבער הויז, איבער צעלט
די בערג ירושלימס — דורותדיקע קאָרבן
אויפן פּנים דעם געקנייטשטן פון דער וועלט.

דער טאָג הייבט דאָ אָן מיט מיסט און געפּילדער,
און אַ שטויב, אַזאַ גאָלדענער, מישט איבער דאָ די לופט. —
דאָס פּנים פון דער שטאָט איז ייִנגער און מילדער
פון דעם רויש, פון דעם ריח, פון טוכלעדיקן דופט.

די טאַנען פאַרשטויבטע, פון ווינט־צעוויגטע,
די הימלען — טליתים, איבער קעפּ פון מתפּללים.
און קלויסטערס, מענטשן, און כהנים צעקריגטע
איבער באַרגיקן קבר פון אַ גאָט אַ געפאַלענעם.

עס וויקלען זיך גאַסן — יריעות, רצועות,
און געסלעך, וואָס שילטן מיט גאָט און מיט שאַנד,
שטאַמען און פעלקער, הויות און תנועות,
מיט טרערן, וואָס בעטלען ביי דער הייליקער וואַנט.

דער טאָג וואַקסט דאָ אויף און פאַלט מיט אַ מאָל,
און די זון נידערט נאָך אין די טיפע תהומות. —
איבער קברים, איבער פּרוכנע שוועבט דער אַמאָל
אַריין אין אַ וועלט פון חלומות.

## מאה שערים

הונדערט טויערן, הונדערט מויערן, —
הונדערט שוועלן אויסגעטרעטן.
הונדערט ייִדן איינגעבויגן,
הונדערט הענט ווייִנען, בעטן.

הונדערט טויערן, הונדערט מויערן. —
אַלע דורכגענג פינצטער לויערן.
הונדערט היימען סומנע, אָרעם,
הונדערט טויערן — מאה שערים.

הונדערט ווייבער תפילות זאָגן:
יעדערס טאָכטער זאָל פאַרגיין אין טראָגן!

הלל שאַרגעל

אַ יידישע טאָכטער וועט משיחן געבוירן!
איז יעדער פּנים: אויגן, אויערן —
אין הונדערט מויערן, הונדערט טויערן.

# יידן

יידן — — באָרד און פאות.
שטייען אויף אַ ראָג, ווי אין מיטן אַ בעלעמער,
מיט אויגן — וואָלקנס, וואָס טראָגן אַן זאָווייעס, —
זיי באָטן אַן אַ כריז מיט אַ ניגון, אַ זמר.

ס׳איז אַנהייב טאָג, אַנהייב זומער,
בלעטער הייבן אָן זייער וואונדערדיק ריידן,
בחורים יונגע, בלאָס און פאַראומערט,
זיינען גרייט דעם קץ צו באַשיידן: —

„ס׳וועט קומען אַ צייט״, די זון וועט פאַרוויאַנען,
אַוועק אין הרי־חושך פון פּרוזדור, דער וועלט,
בלויז קדושים וטהורים — די שטאָמיקע טאַנען,
פאַר זיי וועט זיין ליכטיק, שבתדיק צעהעלט.

און אַז עס וועט אויפגיין אַ כח פון רוים
וועלן אויפשטיין די תפילות, וועלן אויפגיין געוויינען,
אַז דאָס בלוט פון תמימים וועט איבערגיסן, ווי שוים,
וועט ער סדום נאָך אַ מאָל פאַרשטיינען.

אַזוי שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים: —
דאָ וועט דאָס זיין דער וועג צו זיין סוף.
די אבות ובנים פון די ליכטיקע קברים
וועלן אויפשטיין פון זייער הימלישן שלאָף.

און עס וועט זיך אויפוועקן די מלכה ירושלים —
די מויער, די כותל, ס׳גאָלדענע טויער,
פון יענער זייט ים־הגדול, פון דער — נחל־מצרים
ער וועט אויסלייזן פון גלות, פון טרויער.

### לידער

קומזשע, זיי מוחל, זיי מיט אונדז מתפלל
היום, בשעה 4 אחרי הצהרים,
דו וריסט דאָך וואויל, אַז יעדנס תפילה ער דערהערט —
מלך משיח בירושלים.

## דאָס טויער

אינעם ליכט פון צעשאָטענעם שפּרייען
צעגלאָנצט זיך דער וועג פאַרן טויער,
עס גייען טרוימען, גייען און גייען
אַריין אינעם אייביקן טרויער.

דאָס אַלטע טויער איז אָפן.
אויף אַ חרובן אייזל רייט אַריין אַ פּעלאַך.
זיין אויג איז מיט ברוגז פאַרלאָפן,
און דער באָרד פאַרקרימט זיך אַ לאַך.

אויף דער ערד זיצט אַן אַלטער און וואַרט; —
עס רייט נישט אַמאָל אַן אַ דערלייזער?
דאָס לעבן פון אַ בעטלער איז האַרב,
ווי די שוועלן ביי שטיינערנע הייזער.

דער טויער איז אָפן און חרוב
איז דער באַרג מיט זיין אַלטן באַגאַזש. —
אַ טויער איז קיינמאָל דעם אַריינקום נישט ערוב,
ווי דער מדבר פאַר טרוים און מיראַזש.

## אַ ווינקל

אַ ווינקל פון אַ גאַס. אַ שפּיטאָל.
די ווענט — קראַנקע.
באַרג פאַלט אַראָפּ אין אַ טאָל.

אַ שטיין. אַ מאַמע מיט אַ קינד.
די זון לעשט זיך אויס אין דער טיר.
זי ליגט. — עס בעטלען די לאָכעס פאַר איר.

אַנטקעגן. —
ביי שטיינערנע פֿאַרקנס צעקרימטע,
צדקה־קלייבערס אין שמאַטעס צעלייגט,
מיט באַנומענע קולות פֿאַרשטומטע.

אַ שפּיציקע באָרד, אַ רויטע, גייט אַריין
מיט אויגן פֿאַרגלייזטע, פֿרומע,
מיט לאַק־שיך, מיט זיידענע זאָקן
און מיט ליפּן שטומע.

און איבער אַלע — אַ האַלצערנער צלם
מיט יראה געבויגן — אַ לולב,
מיט תאווה אין גיריקע אויגן
צו דער הייליקער בתולה.

## אויף די וועגן קיין בית־לחם

אויף די וועגן קיין בית־לחם
בלאָנדזשעט אום אַ ווייטער חלום.
עמעץ האָט זיין שלאָף געשטערט
און זיין שטיינערנעם שלום.

אין מיטן וועג שטייט אַ קבר —
אַן אַלט געוועלבל אָפּגעכוימלט;
אַ בלויע טיר און אַכרע ווענטלעך,
פֿול מיט שפּרוכן. פֿאַרגלאַנצט פֿון בוימל.

מחנות הינט דאָ לויפֿן אום,
רייסן זיך איבער טרוקענעם ביין,
גייט אַ ייִד דאָ שטיל און שטום
פֿליט אים נאָך אַ שטיין.

און דער וועג — אַ גלאַטער שפּיגל,
אָפּגעמעקטע אַלטע דורות,
צעשפּרייט די שנאה שוואַרצע פֿליגל,
אַראָפּגעלאָזט בייזע מוראס.

אויף די וועגן קיין בית־לחם —
שוואַרץ געפּלאַסטערטער אַספאַלט.
בלאָנקעט אום אַ ווייטער חלום,
שלייכט און שוועבט אַן געשטאַלט.



# אַ וואָגלדיקע שיף

## אידא גלאַזער

הימל און וואַסער, וואַסער און הימל.
לאַנגע טעג און נאָך לענגערע נעכט.
ברייט איז דער ים — אַ שטייג איז די שיף —
דרייען זיך מענטשן אין ענגן געפלעכט.

הימל און וואַסער, וואַסער און הימל.
דאָס וואַסער איז גרין — דאָס וואַסער איז בלוי,
אַט גאָר ראָוז און אַט שוין גרוי —
אַזוי ווי דער הימל.

מענטשן אויף שטולן, אויף דילן
באַוועגלאָז, פאַרטראַכט,
זיצן בייטאָג און בענקען ביינאַכט
אין שטאַרן, אומרואיקן דרימל.

אייביקע באַוועגונג — אָן אַ ציל, אָן אַ זין,
טראָגן זיך כוואַליעס — וואוהין?
הייבן זיך הויך ווי די בערג
יאָגן זיך ווילד אין געיעג אַהער און אַהין.

שרעק אויף הפקרדיקער שיף.
אַט וויגט זי זיך לינקס,
אַט וויגט זי זיך רעכטס,
אַרויף און אַראָפּ
אין אַנגסטיקן קרעכץ.

**אידא גלאַזער**

עס מיידט די שיף אויס
אויפן ים די שרעק —
פחד האָבן יידן געהאַט שוין אַ סך,
שוויגן זיי פאַרגליווערט אויפן דעק.

אין אַזאַ שוויגן פּליסטערן ליפּן מיט אַנגסט:
„וועלן מיר שוין קומען ווען צו אַ ברעג?
גאָט אין הימל! לאָז אונדז באַטרעטן
מיט אונדזערע פיס שוין אַ לאַנד!
מאַך אַ סוף צו אונדזער וואַגלעניש,
צו אונדזער פאַרלוירנקייט און שאַנד!"

טראָגט זיך די שיף,
און אָט דערזעען שוין ווידער
די גאַרנדיקע אויגן אַ לאַנד.
עס שטרעקן זיך העלדזער און הענט צום ברעג;
געשרייען פון פרייד פאַרגייען זיך אין תפילות,
און בעטן פאַר אַ לאַנד, פאַר אַ שטענדיקן ברעג.

נאָר באַוואַכט ווערט דער ברעג
פון אַן אייזערנער וואַנט —
עס שטויסט אָפּ די שיף אויף צוריק
אַ קאַלטע, אומפריינטלעכע האַנט.

און ווידער ווערט דאָס פרייד־געשריי
פאַרוואַנדלט אין טרויער און שאַנד,
טויערן, טירן בלייבן פאַרשפּאַרט
אין יעטוועדן לאַנד.

יידן אויף אַ וואַגלדיקער שיף,
טראָגן זיך אָן אַ ציל, אָן אַ סוף,
וואו איז דער זין?
ווער ווייסט וואוהין?

# משה לייב האַלפּערן

(זעלבסט פּאָרטרעט)



(צום 10־טן יאָרצייט פון דיכטערס טויט)

# גרינבערגס משה לייב האַל־ פערן־שטודיע

## משה שטאַרקמאַן

כדי צו שילדערן אַ מענטשנס לעבן זיינען ביאָגראַפישע דאַטעס און כראָנאָלאָגיע פון זיינע אויפטועכץ ניט גענוג. יעדע אמתע ביאָגראַ־פיע איז בעיקר אַ פּסיכאָגראַפיע — אַ שילדערונג פון דעם העלדס עמאָציאָנעלן לעבן.

אַן אַריינבליק אין עמעצנס נשמה־וועלט קאָן מען קריגן בלויז דורך אַ באַקאַנטשאַפט מיט זיינע אינטימסטע פאָרמען פון אויסדרוק. די דאָזיקע אינטימסטע אויסדרוק־פאָרמען זיינען: ביי אַ געוויינטלעכן מענטשן — די בריוו צו זיינע נאָענטסטע; ביים בעלעטעריסט — זיינע דערציילונגען, און ביים דיכטער — זיין ליד.

פון אַלע אויסגערעכנטע פאָרמען איז דעם דיכטערס ליד די סאַמע אינטימסטע. יעדער ניי ליד איז אַ צוגאָב צום דיכטערס עמאָציאָנעלער אויטאָביאָגראַפיע. דעם דיכטערס ביאָגראַף, ווידער, מוז אַליין זיין באַשאָנקען מיט די חושים פון אַ פּאָעט צו קאָנען אויפפּלאָנטערן די עמאָציאָנעלע קניפּן און צו דערגרונטעוועז די טיפענישן פון אַ קינסט־לערישער נשמה.

אליעזר גרינבערגן, ווי אַ דיכטער, האָט געלאָקט און פאַראינטרי־גירט די פיגור משה לייב האַלפּערן — האַלפּערן דער מענטש און האַלפּערן דער פּאָעט. די קינסטלערישע אינטואיציע האָט אים אונטער־געזאָגט, אַז האַלפּערן דער מענטש און האַלפּערן דער פּאָעט זיינען איינס, פּונקט ווי אינעם ליד זיינען איינס די פאָרם און דער תוכן. דערפאַר — ווען גרינבערג האָט גענומען שילדערן די פיגור האַלפּערן, זיינען די ביאָגראַפישע דאַטעס געוואָרן אַ תפל און דאָס ליד איז געבליבן דער עיקר. אויב גרינבערג שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אָדער יענעם פאַקט אין האַלפּערנס לעבן, ווערט דער פאַקט גענוצט גיכער ווי אַ באַשטעטיקונג פאַר דעם, אַז דיכטער און מענטש זיינען איינס, אידער אַלס אַן אויפקלערונג — ווי סע קאָן זיך אויסדוכטן אויבנ־אויף — פאַר דעם אָדער יענעם מאָטיוו אין זיין פּאָעטישן שאַפן. אַוודאי קלערן אויף ביאָגראַפישע פאַקטן דעם שורש פון געוויסע לידער, און לידער קלערן אויף אַ טונקעלן ביאָגראַפישן פאַקט. אָבער גרינבערג האָט פאַר זיך געהאַט איין ציל — און קיין אַנדערער

האָט ניט געקאָנט זיין קינסטלעריש: שילדערן האַלפּערנען אין ראָם פון זיין ליד און ממילא איז שוין אַרויסגעקומען אויך אין ראָם פון זיין דור, פונעם דור, וואָס האָט משפּיע געווען זיין עמאַציאָנעל־דיכטעריש לעבן.

האַלפּערנס לידער האָבן אין זיך עלעמענטן פון ריינער ביאָ־גראַפישקייט. אין זיי פיגורירט ניט דער סובלימירט־לירישער „איך" — דעם וואָרט־שאַפערס „אָנכי" — נייערט קאָנקרעטיזירטע געשטאַלטן, „משה לייב" און „זרחי" טראָגן די שליסלען צום דיכטערס עמאַציעס. די שליסלען עפענען די טירן צו האַלפּערנס פּאָעטישע לאַבירינטן; און גרינבערגן האָט זיך איינגעגעבן די דאָזיקע לאַבירינטן צו באַ־לייכטן מיט קינסטלערישער פאַרשטענדעניש.

אינעם ערשטן קאַפּיטל פון זיין האַלפּערן־בוך — „דערקענטעניש" — האָט גרינבערג אָװעקגעשטעלט די גרונט־טעזיסן פון זיין מעטאָד און פון זיין ציל: א) נאָר דעם דיכטערס ווערק איז דער נאָפּל־פאָדעם, וואָס פאַרבינדט אים מיט דער וועלט; ב) טייל שרייבערריידן בלויז מיט זייערע ווערק, אָבער זיי אַליין אינטריגירן ניט דעם געניסער; אַנדערע, ווידער, רעגן דעם נייגער צו זיך דורך אַ באַקאַנטשאַפט מיט זייער שאַפן. האַלפּערן האָט געהערט צו דער דאָזיקער קאַטע־גאָריע; ג) „מען קאָן ניט איבערשניידן דעם קנופּ, וואָס פאַרבינדט דעם דיכטער מיט דעם ליד און דאָס ליד מיט דעם דיכטער, ניט שאַדנדיק ביידע"; ד) האַלפּערנס „אויסגעשפּראָכענע דיכטערישע אינדיווידו־אַליטעט, לאָזט זיך... דערקלערן דערמיט, וואָס ער האָט כמעט אַלע־מאָל דערפירט זיין ליד צום סאַמע אינערלעכן גרונט־עיקר פון פּאָ־עטישן אויסדרוק, תמיד דורכגענומען און דורכגעגליט מיט פייער פון עמאָציע, תמיד אַן אומגעריכטער אימאַזש, אַ וואוילקלאַנג, אַן איינ־פאַלערישקייט אין טעמע — וועלכע ער דערפירט קאָנסעקווענט ביז שלימות"; ה) „דאָס רעדן אַפּנהאַרציק, אומפאַרשעמט, אָן קונצן, אָן פּאָ־עטישע פליטערלעך, און די דירעקטיווע פאַמיליאַרע ווענדונגען צו זיך אַליין פונקט ווי צו אַנדערע—ווירקן אויף דעם לייענער אַזוי, אַז ער דער־פילט זיך באַלד היימיש. משה לייבס פּאָעטישע דירעקטקייט ווירקט אַזוי —אַז ער ווערט איינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון ליטעראַרישע פאַרמיטלער".

דאָס זיינען גרינבערגס גרונט־טעזיסן און דער ווייטערדיקער טייל פון בוך איז אַ פּירוש צו זיי.

גרינבערג שילדערט האַלפּערנען דורך זיין ליד, און דורך האַלפּערנס ליד קומט ער צו באַשטימטע עסטעטישע אויספירן — אי באַגרינדעטע

איך קונסט־פילאָסאָפיעס פון אַנדערע, אי דערגרייכטע דורך אייגענער דערקענטעניש.

ביים לייענען די דאָזיקע זייטיקע עקסקורסיעס אין דער טעאָריע פון וואָרט קונסט, האָט מען אָפּט דעם איינדרוק, אַז פּונקט ווי אַנאַטאָל פראַנס האָט געשריבן וועגן ביכער דערפאַר ווייל זיי האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט „צו רעדן וועגן זיך אַליין״, אַזוי האָט גרינבערג זיך באַנוצט מיט האַלפּערנס ליד צו רעדן וועגן זיינע אייגענע עסטעטישע איבערצייגונגען און דורך האַלפּערנס שאַפן ווייל ער די דאָזיקע איבער־צייגונגען באַקרעפטיקן. אפשר איז דער דאָזיקער חשד אַ באַרעכטיק־טער, און די באַרייוודיקייט אין די דאָזיקע זייטיקע עקסקורסיעס קאָנען דעם חשד שטאַרקן. אָבער —

יעדע לכתחילה־אויסגעדוכטע, זייטיקע, גרינבערגישע עקסקורסיע אין דער טעאָריע פון קונסט, ווערט לאָגיש דערפירט צו אַ פאַרבינדונג מיט האַלפּערנס ליד, און בדעיבד ווערט זי אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם גאַנצן ווערק.

און צוריקגעשמועסט:

איז עס דען אַ מעטאָדאָלאָגישער פעלער אויב גרינבערג נוצט אויס האַלפּערנס ליד צו באַקרעפטיקן קונסט־פילאָזאָפישע טעאָריעס, וואָס זיינען אים נאָענט? איך גלייב אַז — ניין, וואָרעם יעדער קריטיקער און שאַצער מוז דאָך האָבן אַן אייגענע מאָס און וואויל איז אים אויב ער געפינט דעם שאַפער, וועמען ער קאָן מיט דער דאָזיקער מאָס מעסטן.

דעם לייענער, וואָס ווערט אין זיין בוך זוכן ביאָגראַפישע פאַקטן וועגן האַלפּערנען, האָט גרינבערג פאַרגיטיקט מיט אויסצוגן פון זכרונות, וואָס אַנדערע האָבן געשריבן וועגן אים; ווידער די עסטעטישע אָפּשאַצונגען, וואָס אַנדערע האָבן געגעבן וועגן האַלפּערנען, האָבן גרינבערגן אָפּט געדינט ווי אויסגאַנג־פּונקטן פאַר זיינע אייגענע אויספירן.

אליעזר גרינבערג: „משה לייב האַלפּערן — אין ראַם פון זיין דור״. אַרויסגעגעבן פון מ. ל. האַלפּערן אַרבעטער רינג ברענטש 450, ניו־יאָרק, 1942, 136 זייטן.

# עמילווערהאַרענס לידער

(אַ נביאישער אָנזאָג פון איצטיקן קריג)

## ש. ל. שניידערמאַן

עמיל ווערהאַרען, דער וויזיאָנער און טראַגישער נביא פון אונדזער „עפּאָכע פון בלוט און אייזן", איז דער פּאָעט, וואָס האָט אַמשטאַרקסטן געהאַסט דאָס ניי־טעווטאָנישע דייטשלאַנד.

בעלגיעס גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער איז אומגעקומען אין יאָר 1916, אין עלטער פון 58 יאָר. ווען דער לעזער וועט באַרעכענען אָט די צוויי דאַטעס, וועט ער זען, אַז עס פאַלט איצט נישט אויס קיין יאָרצייט און אויך נים קיין געבורטס־טאָג, וואָס זאָל באַרעכטיקן די דאָזיקע שורות. אָבער 15 טעג פאַר זיין טראַגישן טויט האָט ווערהאַרען פאַרעפנטלעכט אַ באַנד לידער א. נ. „די רויטע פליגל פון קריג", וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די פולסטע אינקאַרנאַציע פון דער איצטיקער מלחמה און זיינען ווי אינספּירירט פון דער קאַטאַס־טראָפע, וואָס מיר לעבן היינט איבער.

די ווייפולע סטראָפן פון דעם לעצטן באַנד, וואָס זיינען אָפיר פון אונטער ווערהאַרענס פלאַמיקער פעדער, שטעלן מיט זיך פאָר זיין פּאָעטישן טעסטאַמענט, די צוואה פון איינעם פון די גרעסטע גייסטער און קינסטלער פון אונדזער יאָרהונדערט — דעם פּאָעט פון די סאַמע געוואָגטסטע אימאַזשן און אומרואיקן ריטם.

איצט, 27 יאָר נאָך זייער דערשיינען, זיינען די לידער גאָר אויסגעוואַקסן אין זייער טראַגישער אַקטועלקייט, ווייל אין פערטן יאָר פון צווייטן וועלט קריג האָבן די גרוילטאַטן פון די דייטשע האָרדעס נאָך אַלץ נישט געפונען אַזאַ שטאַרקע קינסטלערישע פאַרקערפּערונג, ווי אין ווערהאַרענס לידער פון ערשטן וועלט קריג. די דאָזיקע לידער זיינען ביז איצט די שטאַרקסטע וואָרנונג קעגן דייטשלאַנד, „די באַשאַפערין פון בין השמשות", קעגן דייטשלאַנד, דער „פאַרניכ־טערין פון די פאַרביקע מענטשלעכע ראַסן, קעגן דעם טעווטאָנישן אַדלער, וואָס האַלט אין זיינע נעגל די ערד, קעגן דייטשלאַנד, וואָס איז ביז דער וויסנשאַפט אירער פאַרפלעקט מיט רויב און בלוט".

די פּאָעמע, וואָס דערשיינט דאָ: אַ בלוטיק בילד פון ערשטן וועלט־קריג — איז ווי אַ שילדערונג פון די שחיטות, וואָס די דייטשן פירן

איצט אויס אין די געטאָס. די דאָזיקע דערשיטערנדיקע סטראָפן זיינען אַן אומאָפּוועגדבאַרער עדות, אַז דער נאַציזם איז נישט חלילה קיין פרעמדער אַנוואוקס אויפן קערפּער פון דייטשן פאָלק, ווי עס ווילן אונדזערע יידישע „רחמנות־האבער", נאָר אַז די אכזריות פון די נאַציס איז אַ דירעקטע ירושה פון זייערע אַלט־גערמאַנישע פאָטערס.

אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן, אַן היפּערבאָלן און אַן מעטאַפאָרעס, שילדערט ווערהאַרען די דייטשע פּאָגראָמען, די דערמאָרדעטע קינדער, די פאַרגוואַלטיקטע מוטערס, דאָס בלוט און דעם מאַרך, וואָס איז אויס־געשמירט אויף די ווענט. די נאַקעטקייט פון די שילדערונגען קאָנען נאָר פאַרגליכן ווערן מיט די שטאַרקסטע גרויל־שילדערונגען פון זאָלאַ, אָבער צווישן אָט די רויע בילדער רייסט זיך דורך דאָס פּאַטעטישע געשריי און די נביאישע וואָרנונג פון ווערהאַרען, וועלכער רופט צו די הימלען, אַז זיי זאָלן בלייבן פאַרטונקלט, ווייל די סימנים פון שלום זיינען פאַלש, ווייל דייטשלאַנד לויערט אָן אויפהער.

ווערהאַרענס טיפער האַס צו דייטשלאַנד איז נישט געווען קיין פּראָדוקט פון נאַציאָנאַליסטישע איבערצייגונגען אָדער רעאַקציאָנער־פּאַטריאָטישע געפילן. דער ספּאָנטאַנער אויסברוך פון האַס צו דייטשלאַנד איז פאַר ווערהאַרען געווען אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע, ווייל ער איז שטאַרק פאַרבונדן געווען מיט דער דייטשער קולטור, און ליב געהאַט דאָס דייטשלאַנד פון געטהע, בעטהאָווען און היינע, וועלכע האָבן שטאַרק באַאיינפלוסט זיין קינסטלערישע און אינטעלעקטועלע פאָרמירונג.

ווערהאַרען איז ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע פרעמדשפּראַכיקע שרייבער אין דייטשלאַנד. אַלע זיינע דראַמען און לידער זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין דייטש און דאָס ערשטע בוך, וואָס סטעפאַן צווייג האָט פאַרעפנטלעכט און מיט וועלכן ער האָט געוואונען אַנערקענונג אין דער דייטשער ליטעראַטור, איז געווען די מאָנאָגראַפיע וועגן ווערהאַרען. און ווערהאַרען אַליין האָט איבערגעזעצט דייטשע שרייבער און אפילו אַרויסגעגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון דייטשער דיכטונג, פון ניטשע ביז די סאַמע מאָדערנסטע פּאָעטן.

עס איז דעריבער געווען פאַר ווערהאַרען אַ טיפע פּערזענלעכע טראַגעדיע, ווען אין 1914, אַנשטאָט דעם ניטשעאַנישן איבערמענטש האָט ער גאָר מיטאַמאָל אַנטדעקט דעם דייטשן אונטערמענטש, דעם פּרייסישן רויבער און מערדער. ער האָט דאָן אויף דער היסער מינוט אַנגעשריבן זיין לידער־באַנד „די רויטע פליגל פון קריג" און אויך

אַ סאָציאַל־פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם מהות פון דייטשן פאָלק, וואָס איז אַריין אין זיין פּראָזע־בוך „דאָס בלוטנדיקע בעלגיען״.

דאָס דאָזיקע בוך וואָלט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַדאַרפט געלערנט ווערן אין די שולן פון אַלע פעלקער, ווי דאָס איינציקע אמתדיקע האַנטבוך וועגן דייטשלאַנד. וואָלט מען אַזוי געווען געטאָן, וואָלט אפשר געווען געלונגען אויסצומיידן פיל טראַגישע פעלערן. מען דאַרף דאָס בוך לערנען אויך איצט, מען דאַרף עס נאָך איצט פּאָפּולאַריזירן און איבערזעצן אין אַלע וועלטשפּראַכן, כדי מען זאָל ווידעראַמאָל נישט איבערחזרן די זעלבע טעותן.

„געטהע, בעטהאָווען און היינע זיינען בלויז אַ צופאַל, זיי שטעלן ניט פאָר מיט זיך דאָס אמתע דייטשלאַנד; די אמתע דייטשן זיינען אַלעמאָל געווען אומרחמנותדיקע רויבער און בלוטיקע פאַרברעכער. דאָס איז דייטשלאַנדס פינצטערע פונקציע. אָבער זאָלן מיר מער נישט קיין טעות האָבן אין דער צוקונפט; דייטשלאַנד איז אַ געפערלעך פאָלק, ווייל זי איז אַן אומציוויליזירבאַרע נאַציע.״

דאָס איז ווערהארענס וואָרנונג צו דער וועלט, צו וועלכער מען האָט זיך ליידער נישט צוגעהערט. שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער, אַרויסטראָגנדיק דעם דאָזיקן אורטייל וועגן דייטשלאַנד מיט 27 יאָר צוריק, האָט דער גרויסער פּאָעט און דענקער פּערזענלעך דערביי געבלוטיקט, ווי מיר קאָנען עס אַרויסלייענען פון דעם פאָרוואָרט צום בוך „דאָס בלוטנדיקע בעלגיע״:

„דער וואָס האָט פאַרפאַסט דאָס דאָזיקע בוך, אין וועלכן דער האַס איז בולט און אָפן, איז אַמאָל געווען אַ ליבנדיקער רודף־שלומניק. ער האָט פאַרהערלעכט די פאַרשיידענע פעלקער, אייניקע פון זיי ליב געהאַט און צווישן די דאָזיקע אויך דייטשלאַנד. איז דען דייטשלאַנד נישט געווען אַרבעטסזאַם, אונטערנעמעריש און בעסער אָרגאַניזירט ווי אַלע אַנדערע פעלקער?... איז אָבער געקומען די מלחמה און דייטשלאַנד האָט באַוויזן איר אמתן פּרצוף. איר קראַפט איז געוואָרן גרויזאַם, פאַרברעכעריש. איר איינציקער שטאָלץ איז די מעטאָדישע באַרבאַריי. זי ווערט ווי דער מבול, קעגן וועלכן מען מוז זיך שיצן, כדי דער מענטשלעכער מין זאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד... פאַרן מחבר פון דעם בוך איז נישט געווען קיין גרעסערע אַנטוישונג. ער איז אַזוי שווער געטראָפן געוואָרן, אַז ער האָט זיך מער נישט געפילט צו זיין דער זעלבער מענטש...״

***

עמילווערהארען איז געבוירן געוואָרן דעם 21־טן מאַי, 1858, אין סענט־אמאנד, אַ דערפל נישט ווייט פון אַנטווערפּן (בעלגיע). זיין פאָטער איז געווען אַ האָלענדער און די מוטער אַ פראַנצויזין. אַ דערציאונג האָט ער באַקומען אַ פראַנצויזישע און פראַנצויזיש איז געווען זיין שפּראַך, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס מייסטערשאַפט. זיינע פּאָעטישע שאַפונגען פון ערשטן פעריאָד האָבן אין דער ליטע־ראַטור אַריינגעבראַכט דאָס, וואָס די גרויסע פלעמישע מייסטער פון 18־טן יאָרהונדערט האָבן אַריינגעבראַכט אין דער מאָלעריי: פּלאַסטיק, ליריק און וויזיע. ער האָט באַזונגען די פלעמישע פישערס, די פּויערים, די לאַנדשאַפט, שאַפנדיק ברייטע פּאָ־עטישע לייוונטן, פאַרביקע פרעסקן, אין וועלכע עס מערקט זיך דער אָנהייב פון דער מאָדערנער אינדוסטרי, די רעלסן, וואָס שניידן זיך אַריין אין גרינס פון פעלד און וואַלד און די לאָקאָמאָטיוון צווישן די סטאַדעס שעפּסן און רינדער.

אין 1898, ביים סוף פון יאָרהונדערט, געשעט אַן איבערברוך ביי ווערהארען. דער לאָקאַלער פּאָעט ווערט אַ וועלטמענטש און פון דער ריינער ליריק גייט ער איבער צו אינטעלעקטועלע קאָנטעמפּלאַ־ציעס. ער באַזוכט דייטשלאַנד, שפּאַניע, וואוינט אין פראַנקרייך און אויך אַ לענגערע צייט אין ענגלאַנד. ווערהארען טרוימט וועגן אַן אינסטיטוציע פון אינטעלעקטועלער צוזאַמענאַרבעט צווישן די פאַרשיי־דענע פעלקער און אומעטום, וואו ער קומט מיט דער דאָזיקער אידעע, ווערט ער אויפגענומען מיט גרויס ענטוזיאַזם.

די מלחמה פון 1914 צעשטערט זיינע פּלענער און דערשיטערט אים אינגאַנצן. ער איז אַן עדות פון דער דייטשער באַרבאַריי אין בעלגיע און ער שרייבט דאַן אויף די צוויי ביכער וועגן דייטשלאַנד, וואָס זיינען צוליב דער מלחמה געבליבן ווי פאַרשוויגן און נישט געהאַט דעם געהעריקן אָפּקלאַנג. דעם 27־טן נאָוועמבער, 1916, איז ווערהארען אומגעקומען בעת אַ באַן־קאַטאַסטראָפע אין פראַנקרייך. זיין קערפּער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין זיין היים־שטעטל און נאָכן קריג איז אויף זיין קבר אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּראַכטפולער מאָנומענט, וואָס איז געוואָרן דאָס אָרט פאַר עולה־רגלניקעס פון דער גאַנצער וועלט.

אין 1940 איז ווערהארענס געבורט־שטעטל ווידעראַמאָל געוואָרן דאָס טעאַטער פון בלוטיקע שלאַכטן. אויף די דאָרטיקע פעלדער קומט פאָר די לעצטע שלאַכט צווישן די דייטשע און פראַנצויזישע

טאַנקן און ווי נאָר די דייטשן האָבן דאָס שטעטל באַהערשט, איז זייער ערשטע זאַך געווען צו פאַרניכטן ווערהאַרענס קבר.

אַזוי אַרום האָבן די נאַציס זיך נוקם געווען אין דעם גרויסן פּאָעט, וועלכער האָט געוואָרנט די וועלט קעגן דער דייטשער באַרבאַריי. ווערהארענס שטיינערנער מאָנומענט איז צעשטערט געוואָרן, אָבער ווערהארענס שטים הערט זיך איצט אַלץ שטאַרקער און אַלץ איבערצייגנ־דיקער.

●

# דייטשלאַנד, באַשאַפערין פון בין השמשות

## עמיל ווערהארען

פון פראַנצויזיש: ש. ל. שניידערמאַן

דער טעווטאָנישער אָדלער האַלט אין זיינע נעגל
די ערד;
ער זייגט זי אויס און פאַרצערט:
אַז דער זיג זאָל מיט גרויל געפּאַרט זיין
און יעדער זעלנער — ברוטאַל, וואַנזיניק און געמיין
און אַז מיט אַפשיי זאָל ער נאָך טרוימען היינט
וועגן די גאָטהען און הונען — זיינע בלוטיקע אבות.
דייטשלאַנד! דייטשלאַנד!
באַשאַפערין פון בין־השמשות!

דאָס געשריי קומט פון דיינע בערג,
דאָס זעלבע ליידער ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק:
„מען מוז זיגן דורך אַפרייסן שטיק נאָך שטיק!
און נאָך יעדער פינצטערער, רויבערישער שלאַכט
זאָלן פרויען, מיידלעך, קינדער אין מאַסן,
אומקומען אין שוידערלעכע שחיטות —
די ראַסן!"

די דערפֿער, פֿאַגראַמירט פֿון אויפֿגעהעצטע מחנות, זיינען בלויז
אַ קנויל פֿון פֿלאַמען, שרעק און גרויל, וואָס שפּרייט זיך אויס
פֿון שוועל צו שוועל, פֿון הויז צו הויז.
קינדערשע גופֿימלעך האַלטן זיך צוזאַמען,
אין שאָטן ליגט זייער פֿאַרגוואַלטיקטע מאַמע,
אַ באַרויבט נאַקעט לייב אויפֿן ראַנד פֿון אַ גרוב,
פֿול מיט פֿריש און פֿאַרעדיק בלוט; און אַ שיער העגט
האָבן מיט זייער פֿאַרברעכן אויסגעשמירט די ווענט;
און נעבן דער קאַפּעלע, ביים וואונדער־ברונעם,
וואו פֿאַרנאַכט־צו זיינען אומגעקומען
צען־יאָריקע יינגלעך און זייערע שוועסטער,
זיינען שטיקערווייז נאָך צוגעקלעפּט פֿריש —
שאַרבן און מאַרך אין בלוטיקן פֿאַרמיש.

אין די טראַגישע באַגינענס אומעטום,
אין אַרמעניע, פּוילן און בעלגיע
בושעוועט דער זעלבער שטורעם
מיט ווילדקייט און שגעון
און פֿון שטאָט צו דאָרף אין ברענענדן קאַיאָר
וואַקסט און שטייגט רעגולירטער טעראָר.

האזינו! הערט איר שטאָלצער קראַנץ פֿון ראַסן,
וואָס די ערד האָט מיט שוואונג צום הימל דערהויבן,
ראַסן, וואָס צינדן די דונערס און טראָגן דעם פֿאַקל פֿון גלויבן,
ראַסן פֿון ליכטיקן גייסט און שעפֿעריש־בלענדענדער גאונות,
ראַסן פֿון קראַפֿט, גוטסקייט און לויטערע רעיונות,
ראַסן פֿון איינגעהאַלטענעם און אומגעצוימטן ווילן,
ראַסן פֿון בערג, אינזלען, שטעט און פֿעלדער שטילע,
ראַסן פֿון קלינגענדן שטאָלץ און געדולדיקן פֿלייס,
וואָס אַלע האָבן זיי נישט אויפֿגעהערט זינט יאָר־טויזנטער
צו זיין הערלעך און פֿאַרשיידן אין דער זעלבער צייט
און מיט זייער ברייטן אינסטינקט און פֿרוכטבאַרן פֿאַרשטאַנד
דינען דעם באַגער פֿון דער וועלט און זייער אייגענעם לאַנד.

צו טויטן אָט דאָס קרעפֿטיקע און מיפֿולע לעבן
איז דאָס שטרעבן פֿון דיין ווילדן שגעון, אָ, דייטשלאַנד!

דו ווילסט הערשן אַליין און אַז דער שאָטן בלויז,
וואָס דער טונקעלער פליגל פון דיין אָדלער שפּרייט אויס,
זאָל פאַרפינצטערן דעם בלאסק פון ראָסן־געווימל
און די פעלקער, וואָס געוועלטיקן אונטערן הימל.

אין דיין מארך איז דעגענערירט די הערלעכע קראַפט,
דיין עגאָאיזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין פאַרברעכן;
גאווה און חוצפה איז דיין אַלטע אייגנשאַפט
און ביז אין דער וויסנשאַפט ביסטו אינגאַנצן פאַרפלעקט
מיט רויב און מאָרד אָן אַן עק!

און כאָטש מיט פרילינג ווערט שוין אָנגעזאָפּט די לופט
און ס'דאַכט זיך אפילו, אַז דער אוראַן־פלאַנעט
האָט פאַרנאַכט אויפן האָריזאָנט זיך צעגליט —
ריזיקער און קלאָרער הימל בלייַב פאַרהילט!
נישטאָ נאָך קיין סימן פון האַרמאָנישן שלום,
ווייל אין די בערגיקע הויכן, דאָרטן ווייט,
וואו ס'נעסטעט די גרויזאַמקייט,
האָסט אונדז און דראָט מיט איר בלוטיקער האַנט
די באַשאַפערין פון בין־השמשות —
דייטשלאַנד!

●

# די יוגאָוויטשעס מאַמע שטאַרבט

## פון סערביש הערש ראָזענפעלד

האַרציקער גאָט, ס'איז וואונדער אַ גרויסער!

ווען דאָס חייל האָט געלאַגערט אויף קאָסאָוואָ,
און צווישן חייל דאָרט די ניין יוגאָוויטשעס
און דער צענטער — דער אַלטער יוג באָגדאַן,
הייבט די מאַמע אָן צו בעטן זיך ביי גאָט:
„גיב מיר; גאָט, די אויגן פון אַ פאַלקן,

און גיב מיר פליגל ווייסע פון אַ שוואַן,
וועל איך פליען איבער דעם קאַסאַווא־פעלד,
וועל איך זען דאָרט די נײַן יוגאָוויטשעס,
און דעם צענטן — דעם אַלטן יוג באָגדאַן.

האָט גאָט געענטפערט איר געבעט, —
און זי האָט שוין אויגן פון אַ פאַלקן,
און פליגל האָט זי ווייסע פון אַ שוואַן,
און שוועבט אַרום שוין איבער דעם קאָסאָווא־פעלד.
געפינט זי טויט שוין אַלע נײַן יוגאָוויטשעס,
און דעם צענטן — דעם אַלטן יוג באָגדאַן,
און נעבן זיי — נײַן בלאַנקע שפּיזן,
און נײַן פאַלקנס אויף די שפּיזן
און נײַן פלינקע פערד אַרום די שפּיזן,
און פאַרנט שטייען נײַן ווילדע לייבן.

צעהירזשען זיך אין בענקשאַפט די נײַן פלינקע פערד,
צעברומען זיך אין טרויער די נײַן ווילדע לייבן,
צעשרייען זיך אין אַנגסטן די פאַלקנס,
נאָר שטאַרק איז געווען ביי דער מאַמען דאָס האַרץ,
זי האָט פון האַרצן ניט אַרויסגעלאָזט קיין איינציקן געשריי;
און זי פירט אַוועק די נײַן פלינקע פערד,
פירט אָפּ די נײַן ווילדע לייבן,
פירט צוריק די נײַן פאַלקנס
צו די טויערן פון שיינעם ווייסן הויף.

פון דער ווייטנס האָבן זי די שניר דערזען,
און באַלד אַרויסגעקומען איר אַנטקעגן,
און נײַן אַלמנות האָבן ביטער זיך צעוויינט,
נײַן יתומות האָבן זיך צעיאָמערט,
נײַן פערד האָבן אין בענקשאַפט זיך צעהירזשעט
טרויעריק צעברומט האָבן זיך נײַן ווילדע לייבן,
און נײַן פאַלקנס אין אַנגסט זיך צעשריען,
נאָר שטאַרק איז געווען ביי דער מאַמען דאָס האַרץ,
זי האָט פון האַרצן ניט אַרויסגעלאָזט קיין איינציקן געשריי.

און ביינאַכט, פונקט אין מיט־נאַכט,
האָט דאמיאנס ברוינער פערד זיך צעהירזשעט;
פרעגט די מאַמע ביי דאמיאנס ליבער ווייב:
„שנורעניו מיינע, ליובינקע דאמיאנס!
וואָס יאָמערט אַזוי דאמיאנס ברוינער פערד?
אפשר ציט אים צום פרישן גרינעם ווייץ?
אפשר ציט אים צו די וואַסערן פון טייך צוועטשאַן?״
ענטפערט איר דאמיאנס געליבטע ווייב:
„שוויגער מיינע, מאַמע טייערע דאמיאנס!
עס ציט אים נישט צו פרישן גרינעם ווייץ,
און ניט די וואַסערן פון טייך צוועטשאַן;
לאַנג שוין האָט דאמיאן אים אויסגעלערנט
ביז האַלבער נאַכט צו פאַשען זיך אין האָבער,
און נאָך האַלבער נאַכט צו לאָזן זיך אויף שליאכן,
און איצטער בענקט ער נאָך זיין האַר,
טרויערט, ווייל ער קאָן אים אויף זיך מער ניט טראָגן.״
נאָר שטאַרק איז געווען ביי דער מאַמען דאָס האַרץ,
זי האָט פון האַרצן ניט אַרויסגעלאָזט קיין איינציקן געשריי.

און ווען ס׳האָט גענומען ליכטיקן אויף טאָג,
זיינען צוויי ראָבן, צוויי שוואַרצע ראָבן דורכגעפלויגן,
מיט בלוטיקע פליגל ביז צו די אַקסלען,
און פון די שנאָבלען האָט רויטער שוים ביי זיי געטריפט:
דאָס האָבן זיי פון יונגן העלד אַ האַנט געטראָגן,
און אַ פינגערל אַ גאָלדענס האָט פון האַנט אַראָפּגעפינקלט,
און זיי וואַרפן די האַנט אַרונטער צו דער מאַמען אין שויס,
דרייט די מאַמע לאַנגזאַם און באַטראַכט די האַנט,
און ווידער פרעגט זי ביי דאמיאנס ליבער ווייב:
„האָסטו די האַנט דערקענט?״
ענטפערט גלייך איר דאמיאנס ליבע ווייב:
„דאָס איז דאָך די האַנט פון אונדזער דאמיאנען!
איך דערקען דאָס פינגערל דאָס גאָלדענע,
וואָס איך האָב אים געגעבן צו דער חתונה.״
האַלט די מאַמע דאמיאנס האַנט,
דרייט זי און באַטראַכט זי פון אַלע זייטן,
און הייבט אָן שטיל צו ריידן צו דער האַנט:

**הערש ראָזענפעלד**

„האַנט מיינע, גרינג עפּעלע!
וואו האָסטו געבליט און וואו האָט מען דיך אָראָפּגעריסן?
אוי, געבליט האָסטו דאָך מיר אויפן שויס...
און אָפּגעריסן האָט מען דיך אויף דעם קאָסאָווא־פעלד...״
און פול געוואָרן איז דער מאַמעס האַרץ,
פול געוואָרן און געפּלאַצט
פאַר אַלע ניין יוגאָוויטשעס
און פאַרן צענטן — דעם אַלטן יוג באָגדאַן.



# צ ו ו י י ט ע   אָ פּ ט י י ל ו נ ג

# צוויי און אַ דריטער

(ראָמאַן)

## ב. דעמבלין

### קאַפּיטל איינס

וואָס איינגעשרומפּענער, וואָס נעבעכדיקער עס איז געוואָרן די אַמאָל גרויסע שניטקראָם פון ר׳ גדליה גלאָס, אַלץ האָפערדיקער, אַלץ דרייסטער איז געוואָרן דאָס איינציקע טעכטערל זיינס, סאַרא גלאָס.

דאָס טעכטערל פירט שוין אַזוי די מלחמה מיטן טאַטן גאַנצע צוויי יאָר, פון זינט זי האָט פאַרענדיקט די פּוילישע האַנדל־שולע און זי גייט אַרום פּוסט און פּאַס ווייל זי האָט זיך נישט צו וואָס צו נעמען.

ביז דאָ גאָר נישט לאַנג צוריק, האָט נאָך ר׳ גדליה גלאָס אָנגעפירט די מלחמה מיט גאָר גרויסער תקיפות:

— ער וועט נישט לאָזן דאָס טעכטערל זיינס, דאָס איינציקע אויג אין קאָפּ, ווערן אַ חלוצה, אַ פאַרשייטע חצופה און דערצו נאָך פאַרן קיין ארץ ישראל! אים וועלן זיי נישט איינרעדן, די ציוניסטישע דראַבעס, אַז זיי וועלן דאָס ברענגען די גאולה פאַרן פאָלק ישראל, ניין! נישט דורך זיי וועט קומען משיח!

ר׳ גדליה האָט געקלאַפּט אין טיש אַריין. ער האָט געסטראַשעט ער וועט ביי דעם טעכטערל אָוועקנעמען ביז איין העמד און עס אָפּשליסן; ער וועט גיין צו דער מאַכט מ׳זאָל איר קיין פּאַס נישט געבן! אָבער וואָס קומט דערויס? עס האָט גאָרנישט געהאָלפן!

וואָרעם פּונקט ווי ר׳ גדליה גלאָס האָט אַן אייזערנעם ווילן, אַזוי געראָט זי, דאָס טעכטערל, אַריין אין אים, עס זאָל דאָס פעלן אַ האָר! איינמאָל האָט זי באַשלאָסן: „אַרויס פון פּוילן”, וועט מען זי שוין נישט בייגן, וועט זי שוין נישט נאָכגעבן, בפרט נאָך איצט, ווען דעם

טאַטנס קלאַפּן אין טיש אַריין איז שוין נישט וואָס אַמאָל! נישטאָ שוין מער יענע תּקיפות! אַז די פּאַליצעס אין קראָם זיינען לער — איז דאָס קלאַפּן אין טיש הויל...

דעריבער האָט סאָרא באַשלאָסן אַז איצט, ווען דעם טאַטנס תּקיפות איז אַביסל געבראָכן, איז געקומען די צייט אויך דורכצוברעכן דאָס לעצטע שטיקל וואַנט וואָס שטייט איר נאָך אין וועג כּדי ענדלעך צו קאָנען פאָרן קיין ארץ ישראל.

די מאַמע, גיטעלע גלאָס, האָט זיך, וואָס אַן אמת, כּמעט נישט געמישט אין דער גאַנצער מלחמה! גיטעלע גלאָס ווייסט אַז צווישן טאַטן מיט דער טאָכטער זעט מען זי נישט אַרויס! ווען דער טאַטע מיט דער טאָכטער שטויסן זיך צונויף, איז עס פּשוט „קאָסא נאַ קאַמיען"!

שטילערהייט וואַרפט זי, גיטעלע גלאָס, יאָ אַמאָל אַריין אַ וואָרט. זי מעג זיך טאַקע זיין אַ פּשוטע ײדענע, אָבער זען זעט זי, ב"ה, בעסער און ווייטער ווי דער מאַן אירער, דער, שטאַלצער און תּקיפער ר' גדליה.

ווען זי זיצט מיט איר מאַן אויפן בריקל פון דער אַמאָל גרויסער שניטקראָם, וואו אויסער די לערע פּאַליצעס איז שוין באַלד גאָר נישטאָ און דערצו נאָך זעט מען נישט קיין הונט אויף דער שוועל, טענהט זי מיט אים איין:

— גדליה, וואָס טריצסטו? האָסט דען היינט דעם כּח וואָס אַמאָל? קאָנסט דען ס'קינד פאַרזאָרגן? האָסט כאָטש נדן פאַר איר? אוי! גדליה, גדליה, דו פאַרשטייסט דאָך גאָרנישט, דער בחור איז דאָרטן, אפשר ציט זי ס'האַרץ אַהין צו אים?...

אָט, דאָס איז עס דאָך! דאָס ברענט דאָך אים אַזוי, ר' גדליה גלאָסן! נישט געגנוג וואָס דאָס טעכטערל טאַנצט מיט מיט די ציוניסטישע דראַבעס, מיט די דאָזיקע שקצים, וואָס פאַרשווועכן משיחן, וואָס רעדן זיך איין אַז זיי און נאָר זיי וועלן דאָס ברענגען די גאולה, גרייט זי זיך נאָך צו פאָרן קיין ארץ ישראל כּדי חתונה צו האָבן מיט מאָטלען, מיט אָט דעם סטאָליאַרטשיק, ווועמען ער האָט דאָ איבער דער שוועל נישט אַריבערגעלאָזט!

גיטעלע אָבער, בראָקט זיך היינט נישט מיט מאָטלען. זי איז טאַקע אַ שטילע ײדענע, גיטעלע גלאָס, זי איז אָבער פּראַקטיש! זי ווייסט ווען יאָ און ווען נישט! פריער, אַז די שניטקראָם איז געווען פול געפּאַקט מיט סחורה, די שפע האָט גערונען דורך טיר און טויער, האָט זי אַוודאי געמעגט שטיין אין גרויסן! דעמאַלט האָט זי זיך געמעגט פאַרגינען צו טרייבן דעם סטאָליאַרטשיק פון איר שוועל! דענצמאַל איז זי אַוודאי געווען צופרידן וואָס שרהלע קאָן אים אויך נישט אָנקוקן.

איצט אָבער? איצט, ווען די עטלעכע שטיקלעך ציץ, וואָס די קראַם האָט נאָך, מוז זי האַלטן אין אַ קאַסטן צווישן שמאַטעס, אונטער דעם בופעט, כּדי דער רוצח, דער שטייערן־מאַנער זאָל זיי נישט געפינען, ער זאָל זיי נישט אַוועקנעמען אינגאַנצן, איצט ווען זי טריצן? וואָס קאָן דען איצטער פון מיידל ווערן? וואָס קומט דען אַרויס אַז זי האָט גע־ענדיקט גימנאַזיע? אַז זי איז שיין? אַז וואָס צו טאָן האָט זי נישט! אַז וואו צו פאַרדינען אַ גראָשן איז נישטאָ! און אָן געלט, היינטיקע צייטן, נאָך דערצו אַ מיידל, וואָס דאַרף אַ תּהום! אוי גדליה, דו ווייסט דען? אַ פּאָר בלויזע זאָקן היינט קאָסטן דאָך שוין באַלד וואָס אַמאָל אַ גאַנץ קלייד!...

די איינציקע, וואָס האָט נישט געחשבונט און נישט געוואָלט וויסן פון די חשבונות, איז געווען סאַראַ. נישט עס האָט איר געאַרט דעם טאַטנס מורא, וואָס זי העלפט־מיט פאַרשוועכן זיין משיח און נישט זי האָט געטראַכט וועגן איר יחוס, וואָס קאָן חלילה פאַרשוועכט ווערן, טאָמער קומט זי אין באַרירונג מיט דעם „סטאָליאַרטשיק״. וואָרעם ווער נאָך ווייסט אַזוי גוט ווי זי אַז זי קאָן נישט פאַרטראָגן מאָטלען, אַט דעם בחור מיט דעם געקרייזלטן, שעפּסענעם קאָפּ האָר, מאָטלען מיט די בלויע ליפּן, מיט די ווייסע, פאַרטרוקענטע שטיקלעך שוים אין די מוילווינקלען. נאָר דאָס איז איר צו וויסן! אָבער וואָסער שייכות האָט דאָס מיט יחוס? מיט דעם, וואָס מאָטל איז אַ סטאָליאַר? און אַז אַ סטאָליאַר, איז וואָס?

אמת, כאָטש זי קאָן אים אַזוי נישט פאַרטראָגן, מאָטלען, האָט זי דאָך געהערן זיינע בריוו. עס איז אויך אמת אַז זי שרייבט אים אַמאָל אויך אַ בריוול. אָבער דאָס איז דאָך אַלץ ווייל... נו יאָ, צו וואָס זיך נאַרן? זי האָט ליב צו לייענען זיינע בריוו. ער פאַרגלייכט זי דאָרטן צו אַ בלום, צו אַ בלאָנדער וואַסער־נימפע, וואָס שוועבט אַרויס פון אַ בלויען טייך... דאָס איז אַלץ! אָבער ליב? מאָטלען? איבעריקנס, וועלכע פרוי האָט דאָס נישט ליב קיין קאָמפּלעמענטן? אפילו ווען זיי קומען פון אַ מאַן, וועמען זי קאָן נישט פאַרטראָגן?

זי דאַרף זיך נישט פאַרענטפערן, סאַראַ. פאַר איר איז קלאָר אַז נישט צוליב מאָטלען פאָרט זי קיין ארץ ישראל. אויך נישט צוליב עפּעס אַ גאולה אָדער אַ משיח פאָרט זי דאָרט אַהין! זי פאָרט נישט אויסלייזן אָדער אויפבויען אַ לאַנד! סאַראַ גלאָס פאַרלאָזט פוילן ווייל זי דאַרף אויסלייזן און אויפבויען איר אייגן לעבן. אין פוילן איז עס צעבראָכן געוואָרן, דאָס לעבן אירס. דעם טאַטנס קיין טעכטערל קאָן זי שוין מער נישט זיין! דאָס האָט שוין דער שטייערן־מאַנער פון

דער נייער, פּוילישער מלוכה דערגרייכט! יאָר נאָך יאָר האָט ער געצאַפּט פון דער קראָם ביז ר׳ גדליה גלאַסעס לעצטע ביסל זאַפט איז פאַרצערט געוואָרן. אויב זי זאָל זיך איצט נישט אַרויסרייסן גייט זי, סאַרא, אינגאַנצן אונטער, מיט דער שטוב! דער טאַטע וועט דאָס נישט צוגעבן, אָבער אפילו ער, דער שטאָלצער ר׳ גדליה גלאַס, ווייס אויך אַז ער גייט אונטער! בלויז אין די לעצטע צוויי יאָר איז געוואָרן פון אים אַ תל! מיט איינמאָל איז זיין בלאָנדע, זיידענע באָרד געוואָרן ווייס, גלייך ווייס! גאָר קיינמאָל גרוי נישט געווען! און די שווערע, אַמאָל גאָלדענע ברעמען, הענגען אים איבער די אויגן ווי צוויי שווערע שטיקער פראָסט. געוויס טוט איר ווי דאָס האַרץ וואָס זי דאַרף פירן אַזאַ מלחמה מיטן טאַטן. זי מוז עס אָבער! ווייל, נישט נאָר זיך דאַרף זי אַרויסראַטעווען. אויך זיי, דעם טאַטן מיט דער מאַמען, וועט זי דאַרפן אַרויסראַטעווען פון דאַנען. און אין דעם קאַמף וועט זי ביי ר׳ גדליה גלאַס גאָרנישט דערגרייכן! גדליה גלאַס וועט אונטערגיין און זיך נישט בייגן!

קאַפּיטל צוויי

אַ האַלב יאָר בלויז איז סאַרא געווען אין אַ קליין דערבייאיק שטעטל אויף הכשרה. וואָס אין אמת, זי האָט זיך די ציוניסטישע הכשרה אינגאַנצן אַנדערש פאָרגעשטעלט. זי האָט געמיינט: אַ גרופּע חלוצים ווערט אַוועקגעשיקט ערגעץ אין אַ שטעטל, וואו ס׳זיינען דאָ פאַבריקן און דאָרטן קומען באַלעבאַטים, ציוניסטן און נעמען די חלוצים צו זיך, לערנען זיי אויס פאַרשיידענע פאַכן און זיי פאָרן שפּעטער קיין ארץ ישראל אויפבויען דאָס לאַנד. צום סוף איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ שטעטל צו אַ גרופּע פון אַכצן בחורים און מיידלעך וואו קיין ווערקשטאַטן זיינען נישט געווען, פון פאַבריקן איז שוין אָפגערעדט!

אין אַ חורבה, אַ צעבראָכענע שטאַל, האָט די קבוצה געהאַט איר וואוינונג. אַ צונויפגעלאַטעט ווענטל האָט די שטאַל צעטיילט אין צווייען. איין טייל פאַר די מיידלעך און די צווייטע פאַר די בחורים. קאָכן און בכלל פירן די קאָמונע־ווירטשאַפט האָט מען געדאַרפט ווי ציגיינער, אין דרויסן, אויף אָנגעלייגטע פייערן פון צונויפגעקליבענעם מיסט און קאַרגע שפּענדלעך.

אָבער דאָס אַלץ וואָלט נאָך נישט געווען אַזוי שלעכט. ערגער איז געווען וואָס די קבוצה, מיט איר גאַנצן קאָמונע־לעבן, איז געווען אַנגעוויזן פון די ערשטע מינוטן אָן אויף אייגענע פאַרדינסטן און אַרבעטן איז נישט געווען ביי ווּעמען און ביי וואָס. די קבוצה האָט שטאַרק געהונגערט. דעריבער האָט מען געמוזט זוכן פון אונטער דער ערד ביי עפּעס צו פאַרדינען אַ גראָשן אויף ברויט.

פאַר דער קורצער צייט, וואָס סאראן איז אויסגעקומען צו זיין מיט דער קבוצה, איז איר באַשערט געווען איבערצולעבן עטלעכע שווערע, פיינלעכע פאַלן. דער ערשטער פאַל האָט געטראָפן גלייך נאָך איר אָנקומען אין דער קבוצה. אַ באַלעבאָס, אַ שיינער ייד, פון אַ גרויסער קראָם, איז געקומען צו זיי אין שטאָל אַריין, היות ער איז אַ ציון־פריינט, וויל ער העלפן דער קבוצה. צוויי אַנגע־שטעלטע דאַרף ער! געוויס האָט די גאַנצע גרופּע באַגעגנט דעם ייד מיט גרויס כבוד. גלייך נאָך זיין אָוועקגיין איז אָוועקגעשיקט געוואָרן אַ בחור און אַ מיידל אָננעמען די שטעלעס. באַלד אָבער זיינען זיי צוריקגעקומען אַז אין דער קראָם איז גאָר אַ סטרייק... דער באַלעבאָס האָט, הייסט עס, געוואָלט מיט זייער הילף ברעכן דעם סטרייק פון זיינע אַלטע אָנגעשטעלטע. און איין גאָט ווייסט אַז קיינער פון דער קבוצה איז נישט געקומען כדי צו ברעכן סטרייקס.

נאָר אויב פון ברעכן סטרייקס האָבן זיי ווי עס איז זיך יאָ געקאָנט אויסהיטן, האָבן זיי אָבער זיך נישט געקאָנט אויסהיטן פון אַזוי ווי טאָן מענטשן, ווּעמען זיי וואָלטן זיכער נישט געוואָלט ווי טאָן!

אַט האָט די קבוצה אָנגענומען אַ שטיקל ברוק, אין מיטן מאַרק, צו פאַררי‌כטן. איידער נאָך די בחורים און מיידלעך האָבן זיך ווי געהעריק איינגעזעצט מיט זייערע קניען אין ווייכן זאַמד און גענומען לייגן אַ שטיינדל צו אַ שטיינדל, זיינען שוין געקומען אָנצולויפן די אַלטע ברוקאַרזשעס, קריסטן און יידן, מיט די גרויסע, פּירעקיגע לאָטעס אויף זייערע קני און אויפגעהויבן אַ געוואָלט:

— אונדזער ברויט נעמט איר צו!

אַ צווייט מאָל איז עס טאָקע שיער געקומען צו אַ בלוטיק געשלעג. דאָס איז געווען ווען דער שטעטלשער גביר, וואָס האָט געהאָט אָפּגעלייגט עטלעכע פּערטלען האָלץ, האָט געדונגען די מיטגלידער פון דער קבוצה, זיי זאָלן עס קומען צוהאַקן און אויסלייגן אין דינע וואַרשטן עס זאָל זיך דורכטריקענען אין די וואַרעמע טעג, וואָס זיינען אָנגע־שטאַנען גלייך נאָך פּסח.

מיט גרויס פרייד איז די גאַנצע קבוצה געקומען אויף דעם הויף אַרויף און זיך געשטעלט מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און געלאָזט אין שוואונג שאַרפע, בליאַנקע העק איבער פייכטע, האַרטע ליפּעס האָלץ. די חלוצות, באַלעבאַטישע יידישע טעכטער, אין קאָלירטע טיכלעך אויף די קעפּ, זיינען געשטאַנען צווייוויַיז איבער שטעלכלעך און מיט לאַנגע, שאַרפע זעגן געזעגט דיקע קלעצער. אויך סאַרא, אירע בלאַנדע כוואַליענדיקע האָר פאַרנומען אונטער אַ רויט פאַרביק טיכל, איז געשטאַנען איבער אַזאַ שטעלכל מיט נאָך אַ מיידל און געפירט די זעג הין און צוריק איבער אַ גאָלד־הויטיק, סאָסנאָווע קלעצל.

דער גאַנצער אַרומגעצאַמטער, גבירישער הויף האָט געהודזשעט מיט אַרבעט און געזאַנג. העברעאישע לידער האָבן פאַרקלונגען די לופט ווען, אומגעריכט, האָט זיך געטאָן אַ לאָז אַרויף אויפן הויף אַ גאַנצע מחנה האַלצהעקער, קריסטן און יידן, מיט דראַטענע וואָנסעס און בערד, וואָס שטייען נעבעך גאַנצע טעג אין מאַרק שלינג און שלאַנג און קוקן זיך די אויגן אַרויס וואו מען וועט ערגעץ אַפּוואַרפן אַ פורל האָלץ. מיט די העק אין די הענט, ווי גזלנים, זיינען זיי געקומען צו לויפן אויפן גבירס הויף אַרויף:

— וואָס, אונדזער ברויט וועט איר צונעמען? קעפּ וועלן זיך דאָ וואַלגערן אויף דער ערד ווי שפענער!

די ערשטע צייט, איידער סאַרא איז נאָך אַהער געקומען, איז די קבוצה שוין געווען פאַרצוויפלט פון אַזעלכע פאַלן. קיינער פון זיי איז דאָך נישט אַהערגעקומען כדי צו גיין אויף יענעמס ברויט. זיי האָבן זיך אָבער געמוזט אָנהויבן פרעגן: „און וואו איז זייער ברויט?״ וואָס זאָלן זיי טאָן ווען די נויט איז אַזוי גרויס אַז צו וואָס זיי רירן זיך נישט צו הייבט עמעץ אויף אַ געוואַלט. זיי מוזן דאָך אויך לעבן! כאָטש מיט עפּעס זיך אויפהאַלטן ביז דעם אָועקפאָרן! זיי וואָלטן געוויס געפאָרן אָן דער הכשרה! גיט מען דאָך אָבער נישט קיין סערטיפיקאַטן, סיידן מען מאַכט דורך די אַלע מדורי גיהנום, וואָס עס הייסט הכשרה אַרבעט אין אַ קליין יידיש שטעטל אין פוילן.

אָבער וואָס די אויסריידן זאָלן נישט זיין, אויף סאַראן איז דאָס דאָזיקע הכשרה לעבן געפאַלן זייער שווער. נאָך דער רחבותדיקער היים, ר׳ גדליה גלאַסעס הויז, וואָס האָט אַלע יאָרן זיך געהאַלטן אויף אַ גרויסער, שפּעדיקער שניטקראַם, נאָך די גימנאַזיע יאָרן, איז איר דאָס קבוצה־לעבן געפאַלן גאָר שווער! אָבער סאַרא איז ר׳ גדליה גלאַסעס טאָכטער! זי האָט אַ שטאַלענעם ווילן! איינמאָל האָט זי

ביי זיך אָפּגעמאַכט: „אויס מיטן פּוסטן יחוס״ איז אויס! בראַוו האָט זי געטאָן אַלע אַרבעטן, וואָס נאָר די קבוצה האָט אונטערגענומען. אַז מען האָט געדאַרפט גראָבן דעם ברוק, האָט סאַראַ פאַרשאַרצט ס׳קליידל, אַראָפּגעלאָזט זיך מיט די קני אויף דער ערד און גענומען מיט אירע צאַרטע פינגער אַרויסדלובן די צעקרומטע שטיינער. האָט מען געדאַרפט זעגן קלעצער, האָט זי דאָס געטאָן צוגלייך מיט אַלעמען. אפילו טראָגן צווי שווערע עמערס וואַסער אין אַ באַלעבאַטישער שטוב אַריין כדי אַריינצוברענגען דער קבוצה אַ פּאָר גראָשן האָט זי זיך נישט אָפּגעזאָגט! גאָרנישט איז פאַר איר געווען צו שווער, ווי שאַרף עס האָט נישט ווייז געטאָן אירע ווייסע, צאַרט־געכאַליעטע, פּיאַנאַ־הענט.

און דאָך מיט דעם אַלעם פּילט זי זיך דאָ שלעכט, סאַראַ. זי איז ניט אַריינגעוואַקסן אין דער קבוצה. עפּעס איז זי דאָ אַ פרעמדע, סאַראַ גלאַס, וואָס מער זי וויל היימיש זיין! אויך די קבוצה פּילט זיך שלעכט מיט איר. די בחורים, אין איר אָנוועזנהייט, פּילן זיך גאָר ווי אויף גלאָז... עפּעס געדענקט יעדער איינער צופּיל דעם הולך זיינעם. עפּעס שעמט מען זיך פאַר איר וואָס די הויזן זיינען צעריסן; וואָס אָן אַרבל פון אַ העמד הענגט פאַרחלשט נאָך. און יצחק, דער הויכער, דאַרער בחור מיטן איבערגעלייגטן, ברייטן העמדקאַלנער איבער די שמאָלע אַקסלן, ער האָט עפּעס גאָר פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט! ער קאָן אפילו נישט אויסבאַהאַלטן אַז זינט ער האָט זי דערזען, סאַראַן, איז ער גאָר געכאַפּט אויף דער מעשה... עפּעס איז ער געוואָרן נאַריש, דער הייזעריקלעכער יונג! נאָך איידער ער האָט אפילו געזען דאָס סערטיפיקאַטל, דעם אמתן צייכן אַז ער פאָרט קיין ארץ ישראל, האָט ער שוין געענדערט דעם נאָמען זיינעם. עפּעס קלינגט אים יצחק צו פּראָסט, צו אָרעם. יצחקי, קומט אים איצט פאַר מער געהויבן. און ער באַשטייט, נישט אַנדערש, נאָר מען זאָל אים רופן יצחקי! יצחקי קלינגט שיער, שיער אַזוי געהויבן ווי סאַראַ גלאַס.

סאַראַן פאַרדריסט, וואָס צוליב איר מאַכט ער זיך אַזוי לעכערלעך דער הויכער יונג. עס טוט איר אָבער וויי, וואָס אַלע חוזקן אויס אים דווקא אין איר אָנוועזנהייט. דווקא ווען זי איז דאָ אַרום, טוט עמעץ אַ געשריי, הויך, זי זאָל הערן:

— יצחקי, זייטשע מוחל, גיסט אויס ס׳פּאָמעשאַף!

מיט די מיידלעך ווידער פּילט זי זיך נאָך ערגער. זיי קאָנען סאַראַן נישט פאַרטראָגן צוליב אַ סך טעמים. עפּעס איז זי גאָר אַ פרעמד געוויקס צווישן זיי! זיי זיינען אַלע באַלעבאַטישע טעכטער,

אָבער נישט קיין גימנאַזיסטקעס, נישט אַזוי ווייס און איידל! גלייך ווי זי איז געקומען איז זי באַלד געוואָרן דער צענטער! די זון פון אַלע בחורים שיינט נאָר אויף איר! אַרויס מיט איר אין אַן אָפענעם קאַמף האָט נישט קיין זין. קיין איינע קאָן נישט מיט איר קאָנקורירן. צווישן די בחורים איז נאָך דאָ ווער, וואָס איז אַזוי איידל און פיין גע־כאַליעט ווי זי. די מיידלעך אָבער זיינען אַלע געזעצטע, איינע און אײנע, מיט הויכע בוזעמס און ברייטע, ווייכע היפּטן.

סאַרא ווייסט דאָס אַלץ. דעריבער טאָקע באַמיט זי זיך אַזוי שטאַרק צו פאַרטושן איר אַנדערשקייט מיט אַלע מיטלען, וואָס עס פאַלט איר נאָר איין! זי טראָגט דאָס זעלבע רויט־פויערשע טיכל אויף איר קאָפּ כאָטש זי ווייסט אַז צו איר ליכטיק פּנים און בלאָנד־זיידענע האָר, קליידט דווקא אַן איידל בלוי טיכל. זי באַמיט זיך אויך, סאַרא, נישט אָפּצושטיין פון דער גרופּע. גלייך ווי צוויי לייגן הענט אויף אַקסלען צו גיין אַ האָרא טאַנץ, איז זי שוין די דריטע. זי כאַפּט זיך צו אַלע שווערע און ברודנע אַרבעטן איידער נאָך מען שיקט זי.

אָבער מערקווירדיק, טאָקע דערפאַר ווייל זי באַמיט זיך אַזוי, העלפט עס ערשט נישט! ווייל זי באַמיט זיך צו פאַרדעקן איר אַנדערשקייט, פילן אַלע נאָך שאַרפער אַז דאָס איז געמאַכט. אַז אין תוך איז טאָקע סאַרא גלאַס אַנדערש! און זי אַליין פילט עס טאָקע אויך. איר דאַכט זיך אַז די גימנאַזיע מיט דער פּיאַנאָ האָבן זיך איר אַוועקגעלייגט אויף די ווייסע הענט מיט אַזאַ עקשנות, אַז קיין פאַמעשאַף וועט דאָס שוין נישט אָפּוואַשן!

מען מורמלט טאָקע אין דער קבוצה, הינטער איר פּלייצע:

— אַ פּאַניענקע מיט מאַניקירטע נעגל איז זי, סאַרא גלאַס!

## קאַפּיטל דריי

אויף ראש השנה איז זיך די קבוצה צעפאָרן אַהיים, אין די שטעט־לעך אַריין, כדי באַלד נאָך יום טוב ווידער זיך טרעפן אין וואַרשע, אין פּאַלעסטינע־אַמט.

סאַרא גלאַס האָט פּשוט געהאַט מזל. און אפשר איז עס נישט בלויז מזל? אפשר האָט דאָ איר וואונדערלעכער, צעכוואַליעטער קאָפּ, קורץ־געשוירענע, בלאָנדע האָר צוגעהאָלפן? אפשר האָט דאָס דער באַקאַנטער בחור אין דער שטעטלעשער אָרגאַניזאַציע, נישט געקאָנט ביישטיין און סאַראן אַריינגעשיקט אין אַ קבוצה, וואָס האָט שוין באַ־

דאַרפט ענדיקן די הכשרה און איצט, נאָך איין האַלב יאָר זיין דאָרטן, האָט זי אויך געקראָגן דאָס רעכט צו פאָרן ? סיי ווי, עס האָט איר אָפּ־געגליקט, סאַרא גלאַס !

זי איז אַהיים געפאָרן מיט גרויס פרייד, כאָטש זי איז זיכער געווען אַז איצט, ביים נעמען זיך פּאַקן, וועט ערשט דער שטאָלצער טאַטע אירער, אויף אַן אמת פאַנאַנדערפלאַקערן די מלחמה ! צום סוף האָט דער טאַטע גאָר אַ גאַנצן ראש השנה אָפּגעשוויגן, גלייך דאָס גאַנצע „אומגליק", וואָס די טאָכטער גייט אים דאָ, אויף די עלטערע יאָרן, אונטערטראָגן האָט מיט איינמאָל אויפגעהערט צו זיין אַן אומגליק !

שטילערהייט האָט זיך סאַרא דערוואוסט פון וואַנען דאָס שוויי־געניש נעמט זיך. אין סאַמע ערב יום טוב, איידער זי איז אָנגעקומען, האָט דער שטייערן־מאָנער דאָך אויסגעפונען דעם קאַסטן שמאַטעס, און צוגענומען די עטלעכע שטיקלעך ציץ, וואָס זיינען דאָרט געווען באַהאַלטן. פאַר אַ צולאָג, טאָמער הייסט עס האָט דער ייד נאָך באַ־האַלטן אַ גאַנצן מאַיאָנטעק און וויל אַזוי אַרום אָפּנאַרן די פּוילישע מלוכה, האָט ער פאַרחתמהט די קראָם, טאַקע אינגאַנצן פאַרחתמהט, מיט אַ פּלאָמבע און מיט אַ רעדעלע רויטן טריפּוואַקס.

איז אָט, דעריבער שווייגט ער דאָס, דער שטאָלצער טאַטע אירער, דער ווייסגעוואָרענער ר׳ גדליה גלאַס ! ער פרעגט זי גאָרנישט, ער זאָגט איר גאָרנישט. און אַז ער טוט שוין יאָ אַ בליק אפער פון אונטער די ווייסע, אָראָפּגעלאָזטע ברעמען, זעט מען גלייך אַז אפילו דאָס ביסעלע תקיפות, וואָס ער האָט נאָך געהאַט ביי איר פאָרן אויף הכשרה איז איצט שוין אויך לחלוטין געבראָכן.

איז נישט געווען ווער עס זאָל איר איצט אפילו אַ וואָרט זאָגן, סאַראַן, ווען זי האָט, גלייך נאָך ראש השנה, זיך גענומען פּאַקן ערנסט אין וועג אַריין.

באַלד אינדערפרי האָט זי פאַרוואָרפן אויף זיך איר בלויען כאַלאַט מיט די שווערע טראַלדן ביי דער זייט, אָנגעשטעקט די ווייכע שטעק־לעטשלעך אויף די נאַקעטע פיס און גענומען אַרומהאָווען איבער דער צעעפנטער שטוב, וואָס איז אַזוי אָפּגעלאָזן געוואָרן, זינט זי איז אין דער היים נישטאָ. מיט אימפּעט האָט זי זיך געטראָגן פון איין אַרבעט צו דער צווייטער. זי האָט פּאַוואָליע פאַרפּאַקט דאָס ווייסע, גע־פלאָכטענע קוישל. אַליין האָט זי עס אַרומגעקרייצט מיט אַ דיקן שטריק, אַליין פאַררוקט דעם דראָט אין די האַקעס, עס פאַרשלאָסן און אַליין עס אָוועקגעשלעפּט אין ווינקל, לעבן דער הויכער, פּאָליטאָרטער שאַנק.

דאָס איז געווען אַ גרויסע אַרבעט אָפּגעטאָן פאַר סאראן. זי האָט איצט זיך געמעגט פאַרגינען צוגיין צום אָפענעם פענצטער, וואָס האָט געקוקט אין נאָך־יום־טובדיקן, פוסטן, פאַרלאָשענעם מאַרק אַריין, וואו עס איז געשטאַנען דער הויכער, גרינער פּלומפּ מיט דער שווערער קויל אויפן עק און געגענעצט מיט אַ פאַרטרוקענט מויל. נישטאָ אפילו ווער עס זאָל צוגיין און דע.. פּלומפּ אַ מינטער טאָן נאָך אַביסל וואַסער.

עס איז איר באַלד נמאס געוואָרן דאָס קוקן אין טויטן מאַרק אַריין. אָט דאָ האָט זי אָפּגעלעבט אירע דריי און צוואַנציק יאָר! ניין, נישטאָ נאָך וואָס צו בענקען! זי איז צוריק אַוועק איבער דער שטוב. דאָס מאָל האָט זי זיך גענומען צו דער צעעפנטער וואַליזע, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ שטול אין מיטן שטוב. רואיק און פאַר־טראַכט האָט זי געפּרעסט אירע קליינע, לייב קאָלירענע אונטער־זאַכלעך און נאָך מער פאַרטראַכט זיי געלייגט אין דער צעעפנטער וואַליזע אַריין. לויט איר פאַרטראַכטקייט האָט מען געקאָנט מיינען אַז איר גאַנץ לעבן הענגט אָפּ אָן דעם פּרעסן. אין דער אמתן איז גאָר איר פאַרטראַכטקייט געקומען צוליב דעם טינטערל, מיט דער אויפגעשטעלטער פעדער, וואָס שטייט אינמיטן טיש, לעבן אַ ווייס בויגעלע פּאַפּיר און וואַרטן, פון נעכטן אָן, זי זאָל ענדלעך זיך אַוועק־זעצן אָנשרייבן מאָטלען דאָס לעצטע בריוול, פאַר איר אַוועקפאָרן. אָט, צוליב דעם איז זי דאָס אַזוי פאַרטראַכט, סאַרא. זי האָט נאָך אַלץ נישט באַשלאָסן צי זי זאָל אים איצט שוין שרייבן „קאָכאַני מאקשיו״, אָדער זאָל זי זיך נאָך אַלץ האַלטן אַזוי ער זאָל קאָנען טייטשן אי יאָ, אי ניין!...

וואָרעם צווישן טאָטנס שטאָלצן — ניין! בשום אופן נישט מאָטל! און דער מאַמעס געפּאַלענעם בעטן זיך: — גדליה, מ׳טאָר דאָך נישט טריצן! צווישן זייביידע פאַרנעמט סארא דעם מיטן. ביי איר איז עס נישטאָ יאָ און נישט ניין. זי האַלט דערווייל מאָטלען אויף אַ זייער דין האָקעלע... זאָל ער זיך צאַפּלען, ווי אַ פישעלע, וואָס מיינט אָט, אָט, וועט עס באַלד זיין אין וואַסער און קאָנען טאָן אַ מחיהדיקן שווים!

זי האָט אים זיכער נישט ליב, מאָטלען. זי איז אָבער אַ פרוי, סארא. זי קאָן נישט נעמען אַ האַרטן, קאַלטן „ניין״ און מיט אים טאָן אַ וויש אָפּ די גאַנצע וואַרעמע האַרציקייט, מיט וועלכע מאָטל זוניקט אויף איר יאָר איין יאָר אויס, בפרט ווען קיין אַנדערער, וואָס זאָל פאַרשטעלן מאָטלען, איז נאָך דערווייל נישטאָ.

אויסער סאַראַן איז אין שטוב קײנער נישט געווען. ר׳ גדליה גלאַס האָט הײנט, פון אינדערפרי אָן, מיט זיך צו טאָן. ער לויפט נעבעך אַרום איבער די שטײער־אַמטן, אפשר, טאָמער איז פאַרט דער־הערט געוואָרן זײַן נעכטיקער „שדי, קרא שטן!״ אפשר איז פאַרט װײכער געוואָרן דאָס האַרץ בײם גלאַוונעם רוצח, דער טשינאָווניק, וואָס זיצט זיך דאָרטן אַ רואיקער, אָן אויסגעצוואָגענער אין דער רחבותדיקער קאַנצעליאַריע. אפשר וועט ער פאַרט הײסן אַראָפּנעמען די חתימה פון זײַנע טירן, ער, גדליה גלאַס, זאָל נישט דאַרפן אויף זײַנע אַלטע יאָרן אָנקומען צו בעטלברויט.

דער מאַמע, ווידער, גיטעלע גלאַס, איר ליגט כלל נישט אין זינען הײַנט די קראַם מיט די שטײַערן מיט די רוצחים. זי האָט שוין לאַנג מיט איר פּשוט ווײַבערשן שכל אײַנגעזען אַז עס וועט נישט העלפן! אײנמאָל האָבן זיך די רוצחים פאַרלײגט אויף אַ ייִד, וועלן זײ שוין אים ברענגען צו בעטלברויט. גדליה גלאַסעס קראָם איז דען די ערשטע? הלוואי זאָל עס אַזוי זײַן די לעצטע! חוץ דעם, אַ כּפּרה די קראָם מיט די רוצחים אינאײנעם! שרהלע פאַרט אַוועק! ווער ווײסט אויב זי וועט זי נאָך ווען זען? זי האָט דאָך נעכטן אַלײן געבעטן אין שול בײם ראש השנהדיקן דאַווענען: „גרויסער גאָט, דערהויב און באַגליק מײַן קינד! מײַן אײנציק אויג אין קאָפּ פאַרט אַוועק, זע אַ נײַ לעבן זאָל זיך עפענען פאַר איר אין הײליקן לאַנד פון אונדזערע אבות״. זאָל איר איצט ליגן אַ קראָם אין זינען?

אַ צעטראָגענע לויפט זי נעבעך אַרום פון אינדערפרי אָן און שלעפּט צונויף וואָס נאָר זי קאָן, וואָס נאָר עס איז נאָך געבליבן פון איר אַמאָליקער שפע. אָט איז נאָך אַ קריש לײַוונט, אָט איז נאָך אַ פּיצל וואָלענס, זאָל איר גוט זײַן, שרהלען, זאָל איר ווײך זײַן נאָכדעם, ווי זי וועט טאָן אַ פלי אַרויס פון דער מאַמעס אויסגעוואָרעמטער נעסט.

שוין באַלד אין האַלבן טאָג, ווען סאַראַ האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט באַשלאָסן צי זי זאָל מאַטלען יאָ שרײַבן „קאַכאַני מאַקשיו״ אָדער אים נאָך אַלץ לאָזן הענגען נישט אַהער — נישט אַהין, האָט זיך אין דער אָפענער טיר, ווי אַ בילד אין אַ ראַם, אַרײַנגעשטעלט רײזל, אַ חברטע סאַראַס. אויך זי, רײזל, איז נאָך געגאַנגען פרימאַרגנדיק, אין אַ לײַכטן, געבלימלטן כאַלאַט, מיט צוויי טראָלדן אין דער זײַט. וואָרעם וואָס איז דען דאָ צו טאָן אין שטילן, נאָך יום־טובדיקן שטעטל? דער טאָג איז נאָך גרויס גענוג אויף אָנצוטאָן זיך לײדיק צו גײן. איז זי דערווײַל אַרײַנגעקומען אַ שניף טאָן צו סאַראַן, זען וואָס זי טוט און וואָס אַלץ זי נעמט מיט קײן ארץ ישראל.

רייזל איז מיט סאראן אין צווייען... ס׳הייסט, אין די אויגן איז מען זיך גוטע פריינט. נאָר הינטער די אויגן זאָגט רייזל:

— זי האָט דען אַ קאָפּ, סארא גלאס? אַ פּויערטע איז זי דאָך! קוים וואָס זי איז דורכגעקראָכן די עקזאַמענס! און אַ העברעאיש וואָרט האָט זי זיך דען אויסגעלערנט? אפילו הצלחה האָט זי דאָך אַ גוישקע! אין האַלב יאָר איז זי געווען אויף הכשרה, שוין, זי פאָרט שוין!

עס דאַכט זיך נאָר אַז עס איז דער סערטיפיקאט! אין דער אמתן איז רייזל בכלל מקנא סאראן. אָט האָט רייזל אַ בעסערן קאָפּ פאַר סאראן, העלפט עס איר? אַ מיידל דאַרף דען אַ קאָפּ? בחורים זוכן דען אַ קאָפּ ביי דער פרוי?

רייזל ווייסט אַז זי איז אַ קליינס, אַ שוואַרצס און אַ שאַרפס, בעת סארא איז אַ בלאָנדע, שטאַלטנע מויד מיט געטאָקטע הענט און פיס און אַ ליכטיק, זוניק פּנים, פּונקט ווי איר טאַטע. וואָסזשע העלפט שוין רייזלען, וואָס איר קעפּל גייט ווי אויף רעדער?

אַריינקומענדיק, שטילינקערהייט אין אירע שטעק־שיכלעך, האָט רייזל, אין דער אָפענער טיר, באַטראַכט סאראן פון הינטערוויילעכס, ווי זי שטייט איבערגעבויגן איבער דעם פּרעסל, כמעט אומבאַוועגלעך. ס׳פּנים סאראס האָט זי נישט געקאָנט זען. זי האָט בלויז געזען איר פיין געטאָקטע פּלייצע און די ווייכע מיידלשע באָקעס, וואָס שיילן זיך אַרויס פון לייכט אַרומגענומענעם בלויען כאַלאַט. זי האָט אויך געזען אַ כוואַליע קאַרנבלאָנדע, צעפּלאָטערטע האָר אין דער לופט. אפילו זי אַליין, דאָס קליינע, זשוואווע, ייִנגלשע מיידל, רייזל, וואָלט זיך אויך געקאָנט פאַרליבן אין אַזאַ סארא.

מיט גיריקע נאָזפליגלען, האָט זי, פון דער שוועל אַראָפּ, אַרומ־געשניפּט די גרויסע, ברייט צעעפנטע שטוב. זי האָט געזען דאָס פאַרפאַקטע, אַרומגעשנאָרוועטע קוישל אין ווינקל, די צעעפנטע וואַליזע אין מיטן שטוב, דאָס טינטערל מיט דער פעדער אויפן טיש. „אַהאַ, סארא מוז אָוודאי ועלן שרייבן אַ בריוול מאַטלען! — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. קאָן זי איר דאָך אַ שטאָך טאָן מיט אירס אַ שפּילקעלע...״ שטילינקער־הייט האָט זי צוגעטריטלט און געשטעלט זיך מיט איר שאַרף גאָמבעלע פּונקט לעבן סאראס אַקסל. סארא האָט גלייכגילטיק אַ זייטיקן קוק געטאָן אין איר זייט. פון דעם קוק האָט אפילו רייזל בשום אופן נישט געקאָנט וויסן אויב סארא ווייסט אַז זי איז געשטאַנען אַ היבשע ווייל אויף דער שוועל, אָדער זי מיינט טאָקע אַז זי איז נאָרוואָס אַריינ־געקומען.

— גייסט, זע איך, שרייבן אַ בריוול מאַטלען, סאַרא? וואָלסט אים באַדאַרפט שרייבן אַ העברעאיש בריוול...

סאַרא האָט ווידער אַ קוק געטאָן זייטיק אין רייזלס שוואַרץ פּנימל אַריין. זי האָט געפילט דעם שטאָך, סאַרא. גאַנץ געמיטלעך האָט זי פאַרשאַרט די צעכוואַליעטע האָר אונטער די אויערן אַרונטער. זאָל הייסט עס רייזעלע זען איר שמייכלדיק פּנים פריי, זאָל זי זען אַז זי איז אַ מבין אויף אירע שטעכעלעך. נאָר אַ שפּילקעלע פאַר־וואָלגערט זיך נאָך ביי סאַראַן אויך:

— ווער עס זיצט מיט העברעאיש אין פּוילן און ווער עס פאָרט מיט פּויליש קיין ארץ ישראל...

אויך רייזל האָט דערפילט דאָס שפּילקעלע. און עס האָט איר טאַקע אַ ברען געטאָן. דאָס טוט דאָך איר טאַקע וויי! אָט קומט זי שוין אַזוי לאַנג אין די ציוניסטישע קרייזן. זי קאָן יאָ העברעאיש, פונדעסטוועגן קאָן זי זיך נישט דערשלאָגן צו קיין סערטיפיקאַט. סאַרא אָבער, אָן דעם אַלעמען, פאָרט שוין!

— ווער עס פאַרגינט דיר נישט זאָל אַליין נישט האָבן! דו מיינסט דאָך, סאַרא, אַז מען פאַרגינט דיר נישט מאַטלען אויך!

נאָך אַ שטאָך! רייזל ווייסט גאַנץ גוט אַז זי, סאַרא, קאָן נישט פאַרטראָגן מאַטלען. דאָס שוואַרצע זשאַבקעלע ווייסט גאַנץ וואויל אַז צווישן איר מיט מאַטלען איז גאָרנישט, טאַקע לחלוטין גאָרנישט! נאָר אַז דאָס זשאַבקעלע שטעכט זי מיט מאַטלען, ווערט איר מאַטל טייער און זי וועט נישט לאָזן זיך וואָרפן מיט אים!

— וואָסזשע, רייזל, מאַטל געפעלט דיר אוודאי נישט? וואָלסט זיך נאָך געשעצט גליקלעך ווען מאַטל קוקט זיך אויף דיר אום.

דער שטאָך איז שוין אפילו פאַר דער פאַרהאַרטעוועטער רייזלען געווען צופיל. עס איז טאַקע אמת וואָס סאַרא האָט נאַרוואָס געזאָגט. אָבער ווייל עס איז אמת טוט עס איר ערשט וויי! זי וואָלט איצט באַדאַרפט סאַראַן דערלאַנגען, וואָס אויף איר ביטער האַרץ ליגט. דאָס וואָלט אָבער געמיינט זיך צעקריגן מיט איר. דאָס קאָן זי נישט. רייזל האָפט דאָך, ווען עס איז, צו פאָרן קיין ארץ ישראל. זיין צעקריגט מיט סאַראַן מיינט שוין, מיט די אייגענע הענט דערוויטערן אויך מאַטלען, וועמען זי האָפט דאָך אַוועקצונעמען פון סאַראַן. אָבער אינגאַנצן פאַרשווייגן קאָן רייזל אויך נישט. האָט זי גענומען אַוועק־גיין, כלומרשט זי איילט זיך, נאָר אַוועקגייענדיק האָט זי, מעשה גוטער פריינט, נאָך אַ זאָג געטאָן:

— מען קאָן שוין צו דיר באַלד נישט רעדן! אַז דו פאָרסט קיין ארץ ישראל קאָן מען שוין צו דיין קאָפּ נישט גרייכן.

ערשט איצט, נאָך רייזלס אָוועקגיין, האָט סאָרא געגומען אָנשרייבן מאַטלען דאָס בריוול. „קאָכאַני מאַקשיו" האָט זי אים טאַקע נאָך אַלץ נישט געשריבן, אָבער אַ פיל וואַרעמער בריוול ווי אַלעמאָל, איז דאָס יאָ געווען. צו להכעיס רייזלען האָט ביי איר אויפגעטייעט אַ וואַרעם געפיל צו מאַטלען. נאָר מאַטל זאָל, נאָכן איבערלייענען דאָס בריוול, נישט גלייך מיינען: שוין, אַלץ איז שוין זיכער, האָט זי אונטן צוגעשריבן אַ קליין שורהלע. „איך האָף אָבער גלייך צו קריגן אַרבעט אין ארץ ישראל"...

דאָס שורהלע האָט זי בכיוון דיק אונטערגעשטראָכן. זאָל, הייסט עס, מאַטל וויסן אַז וואָס שייך אים, איז נאָך ביי איר נישט קלאָר, נאָך גאָרנישט באַשלאָסן! דערווייל הייסט עס מיינט זי נאָך גאָרנישט. אדרבה, זי האָט גאָר בדעה צו גיין אַרבעטן. „ביי וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן וועט זי אַרבעטן. זי האָט דורכגעמאַכט אַ האַלב יאָר הכשרה און זיך צוגעוואוינט. אפילו צו הויז אַרבעט! יאָ, יאָ, די גימנאַזיסטקע, סאָרא גלאַס, איז גרייט אין ארץ ישראל צו גיין אפילו פאַר אַ געוויינ־לעכער דינסט... און פון אים? יאָ, פון אים, ווי פון אַן אַלטן פריינט, דערוואַרט זי חלילה גאָרנישט מער, אויסער, אפשר, אויב זי וועט מוזן, זאָל זי זיך קאָנען באַנוצן מיט זיין בחורש צימערל. נישט אויף לאַנג, בלויז פאַר די ערשטע פאַר טעג, ביז זי וועט זיך דאָרטן, אין נייעם לאַנד, קאָנען איינאָרדנען אין אַן אייגן ווינקל".

קאַפּיטל פיר

אין וואַרשע, אין פאַלעסטינע־אַמט אויף קרולעווסקע גאַס, שטייט אַ טומל אַזש דער סופיט שפּאַלט זיך! קליינשטעטלדיקע יידן, מיט פאַרדאגהטע בערד, האָט זיך אין די לאַנגע, שלאָפלאָזע נעכט געחלומט אַז אין וואַרשע, אין פאַלעסטינע־אַמט, ליגן גאַנצע בערג מיט סערטיפי־קאַטן. מען דאַרף נאָר אַ פאַראַהין טאָן קריגט מען זיי גלייך, אויף דער האַנט! זיינען זיי געקומען און נעבעך געבליבן זיצן אויף די טרעפּ, אין דער האַלב טונקלער שטוב אַרום די ווענט, צעטומלטע, אַרויסגעריסענע פון אַ זיסן חלום...

צווישן די צעטומלטע יידן און יידענעס, האַוועז אַרום חלוצים און חלוצות, דרייסטע, זיכערע אין זייער יעדן טראַט. אָפּגעברענטע,

פאַרהאַרטעוועט אויף דער הכשרה, שטופּן זיי זיך גרופּעסווייז צו די פענצטערלעך, וואו הענט פאַרען זיך דאָרט ביים דערליידיקן זייערע פעסער און פאַפּירן.

טאַקע ביי די פענצטערלעך טוט זיך קאָפּ אויף קאָפּ. ווער עס דאַרף און ווער עס דאַרף נישט שטופּט דאָרטן דעם קאָפּ איבער בערג מיט אַקסלען, צו כאַפּן כאָטש אַ קוק דורך די פענצטערלעך צו די טישן, וואו עס ליגן פּעק פּאַספּאָרטן, געסטעמפּלטע, געוויזעטע, וואָס וועלן עפענען די טויערן פון דעם לאַנד, וואָס ערשט נעכטן איז עס געווען אַ סידור־לאַנד, אַ לאַנד אַ הייליקס, אַ לאַנד פון טומאַנע חלומות און איצט, מיט איין מאָל, איז עס געוואָרן אַ וואָכעדיק לאַנד פון אַרבעט, פון פּרנסה און, אפשר, אויך פון רו, פון פּשוטער מנוחה!

די איינציקע, וואָס לויפט נישט, וואָס האַוועט נישט, וואָס שטייט כמעט אָן אַ זייט פון איר גאַנצער קבוצה, איז סאַראַ גלאָס. עפּעס אַ באַליידיקטע, אַ פאַרשעמטע, שטייט זי דאָ, אין מיטן גאַנצן טומל.

דער צופאַל האָט געוואָלט אַז אפילו איצט, ווען די גאַנצע קבוצה איז צונויפגעהעפט אין אַ פריידי, וואָס אַלץ איז שוין דאָ, די פעסער, די סערטיפיקאַטן, אָט־אָט פאָרט מען שוין, אַז דווקא איצט זאָל סאַראַ זיך געפינען כמעט אָן איבריקע, אַ פרעמדע.

די גאַנצע קבוצה איז שוין „אַ חתונה־געמאַכטע”. יעדעס מיידל האָט שוין איר „באַשערטן” און יעדער בחור — זיין „באַשערטע” מיט וועמען צו טיילן דעם סערטיפיקאַט אַלס מאַן און ווייב, נאָר איין סאַראַ איז אויסנגעבליבן! טאַקע ממש פאַרזעסן...

זי האָט געהאַט אַ מאָדנע געפיל, סאַראַ, ביים דערוויסן זיך אַז זי, די איינציקע, האָט נישט קיין... מאַן. פון איין זייט האָט עס איר וויי געטאָן. די פרוי אין איר האָט זיך געפילט באַליידיקט. עס האָט איר אָבער אויך הנאה געטאָן. גוט, וואָס מען האָט זי נישט „צונויפגעפּאָרט” מיט קיינעם פון איר קבוצה. גלייך די „צונויפ־פּאָרער” וואָלטן געוואוסט אַז סאַראַ פּאַסט זיך נישט פאַר די בחורים, אַז סאַראַ איז אַן אַנדערע!

זי ווייסט און עס טוט איר וויי, וואָס דער פאַל גיט ווידער די מיידלעך פון איר קבוצה אַ געלעגנהייט צו מורמלען. עס קומט כלומרשט אויס אַז זייער מורמלען נעמט זיך בלויז פון דעם, וואָס צוליב איר איז מען פאַרהאַלטן געוואָרן אין פּאַלעסטינע־אַמט. זי ווייס אָבער אַז דאָס מורמלען איז דערפאַר ווייל עס קרענקט זיי, וואָס זי, סאַראַ, איז אפילו דאָ אַן אויסנאַם...

— דער מיוחסת דאַרף מען סערווירן באַזונדער!

— איר באַשערטער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן...

צומאָרגנס האָט סאַרא שוין באַדאַרפט אַליין קומען אין אַמט אויסגעפינען וועגן איר „באַשערטן”. דאָס מיידל ביים פענצטערל האָט איר מיט אַ מאָדנע שמייכעלע געזאָגט: „אָט, נאָר וואָס איז דאָ געווען דער יונגערמאַן. זיין נאָמען איז דאַכט זיך כענטניק. יאָ, כענטניק! ער האָט געזאָגט פאַננא גלאַס זאָל דאָ וואַרטן. ער וועט באַלד צוריק קומען”.

סאַרא האָט געפילט ווי אירע באַקן צינדן זיך אָן. נישט אַזוי פון דעם מיידלס רייד, ווי פון איר שמייכעלע. ס'קאָן זיין אַז דער פרייליינס שמייכעלע האָט געמיינט בלויז העפלעכקייט. סאַראן אָבער האָט זיך געדאַכט אַז דאָס שמייכעלע איז צוליב דעם „שידוך”, וואָס זי האָט נאָר וואָס פאַר איר אויסגעפירט...

זי האָט נישט געזאָגט קיין איין וואָרט, סאַרא, נאָר גלייך אַוועק פון פענצטערל. דערנאָך שוין אין אַן אַנטקעגנדיק ווינקעלע פון דעם האַלב טונקלען זאַל, האָט זי איבערגעטראַכט אַלץ, וואָס דאָס מיידל האָט איר געזאָגט:

— „כענטניק, יאָ, דאַכט זיך כענטניק האָט זי געזאָגט הייסט ער? אַ מאָדנער נאָמען!”

פון זיך אַליין האָט זיך דער נאָמען אָנגעהויבן אויסצושפרייטן אין איר מח. „כ ע נ ט נ י ק”! פו, ס'אַ נאָמען דאָס איז!

זי האָט געפּרוּווט איבערזעצן דעם נאָמען אויף פּראָסט יידיש. אָבער דאָ איז עס געווען נאָך מיאוסער. „גלוסטנדיקער”! דאָס איז דאָך גאָר עקלהאַפט! און זי וועט זיך דאַרפן רופן מיט דעם נאָמען? סאַרא האָט געפילט אַז זי דאַרף שוין אַנטלויפן פון דער מיאוסקייט. אויף איר אָרעם ביסל העברעאיש האָט זי דעריבער אָנגעהויבן זוכן עפּעס אַ וואָרט, וואָס קאָן פאַרבייטן דעם „כענטניק”, וואָס מיינט גלוסטנדיקער. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם וואָרט „יצר”. עס קלינגט נישט שלעכט. אָבער וואָסער יצר? יצר טוב אָדער יצר הרע?...

סיי ווי, סאַרא האָט דעם נאָמען „כענטניק” פיינט געקראָגן אין אַלע זיינע וואַריאַנטן! נאָר מאָדנע, זי האָט פיינט דעם נאָמען און דאָך צופּט ער זי עפּעס. עס איז איר שטאַרק געלעגן אין דעם ווי עס זעט אויס אַ מענטש מיט אַ נאָמען כענטניק, אָדער יצר, אָדער גלוסטנדיקער ...אַזאַ איינער מוז אַוודאי זיין אַ נידעריקער, אַ דיקער, מיט פּעטע, גלאַנציקע ליפּן און זיכער אַ גראָבער יונג! אַז ער איז אַ גראָבער יונג,

דאָס זעט זי דאָך שוין! ווארעם ווען נישט, וואָלט ער דאָך געוואַרט אויף איר. ווען ער איז אַן איידעלער מענטש, וואָלט ער דאָך דערפילט אַז דער נאָמען סאַרא גלאַס מיינט עפּעס.

דער פּאַרדרוס האָט אין איר גענומען שטייגן גאָר הויך, גלייך דער כּענטניק וואָלט איר אויף אַן אמת עפּעס אָנגעקערט! ווייניגסטנס אויף אַזוי פיל אויף וויפל מען האָט זי מיט אים חתונה געמאַכט און זי קאָן אים נישט פאַרטראָגן. ווען עס ווענדט זיך אָן איר הויבט זי זיך שוין אויף און גייט אַוועק. אַז זי האָט חרטה אויפן שידוך!

אָבער אנשטאט אַוועקגיין, האָט זי נעבעך געמוזט זיך אַוועקזעצן אויף דער לאַנגער באַנק, טאַקע אין זעלבן ווינקעלע, און אָנהויבן וואַרטן אויף דעם גראָבן יונג... ווארעם נישט אים אויף אירע פּאַפּירן, נאָר זי אויף זיינע, האָט מען אַרויפגעשטעלט. נישט ער וועט הייסן גלאַס! זי וועט מוזן הייסן כּענטניק!

סאַראס פּנים, דאָס ראָזלעך־ווייסע, סקווער־געפאָרמטע פּנים, האָט אינגאַנצן געפלאַמט פון פּאַרדרוס און בושה און אירע בלאָנדע, ווייך־געלאָקטע האָר האָבן געפלאַטערט פון רוגזה, וואָס זי, סאַרא גלאַס, דאַרף דאָ זיצן און וואַרטן אויף עפּעס אַ כּענטניק. מיט יעדער מינוט איז זי געוואָרן אַלץ מער נערוועז און צערייצט. זי האָט זיך געביסן די ליפּן, די הענט זיינען איר געווען איבריק, אין דער זעלבער צייט זיינען אָבער אירע אויגן אַרומגעלאָפן אומרואיק איבער דעם האַלב טונקלען זאַל, וואו עס האָט גערנישט אויפגעהערט צו ווימלען מיט פאַרשיידענע מענטשן. ווארעם עס קאָן דאָך זיין אַז אין דעם ווימלעניש זאָל אויך זיין ער, דער כּענטניק. און אפשר וואַרט ער שוין דאָ ערגעץ אין מיטן פון אַ געזעמל? אפשר וואַרט ער גאָר אויף איר? און אפשר איז עס יענער בלאָנדער יונגערמאַן, דער מיטן ווייכן, גרויען קאַפּעליוש אין האַנט? אָבער ניין, אַזאַ איידל קריסטוס פּנים קאָן נישט הייסן כּענטניק...

סאַרא איז שוין גרייט געווען צוצוגיין צום פענצטערל זיך נאָך אַמאָל איבערפרעגן צי דער יונגערמאַן איז אַמאָל נישטאָ דאָ. אויב זי איז נישט געגאַנגען איז עס נאָר געווען צו להכעיס דעם „גלוסטנדיקן". ער איז נישט קליין אויך צו וואַרטן, פּונקט ווי זי וואַרט. חוץ דעם, וואָסער פּנים האָט דאָס צוגיין און פרעגן:

— איז שוין פאַן כּענטניק דאָ?

אין מיטן סאַראס פאַרטיפטן כעסן זיך, האָט דאָס מיידל אַרויס־געשטעקט איר קאָפּ פון פענצטערל און אַ רוף געטאָן אין טומלענדיקן זאַל אַריין:

— פאננא גלאס!

סאַרא האָט זיך אַרומגעקוקט. לעבן דעם מיידלס קאָפּ, פון דער זייט פענצטערל, איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן העכער פון מיטעלן וואוקס, אַ ברונעט, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ ווייך געלאָקטע האָר. אין לאָק, אַ קאַפּריזנער, האָט זיך אים געוויקלט איבערן שטערן. אַ שטאָלצער, אַ גלייכער, און אַ הוט איז ער געשטאַנען אַזוי גלייכגילטיק, מיטן פּנים צום טומלדיקן זאַל, פון וואַנען עס דאַרף זיך אַרויסרוקן עפּעס אַ פאננא גלאס.

סאַרא, דערזעענדיק אים, נאָך אידער זי איז אפילו צוגעקומען נאָענט, האָט דערפילט ווי די בלוטן יאָגן איר אין פּנים אַריין. פון דעם ערשטן בליק זיינעם, אַזאַ שטאָלצן, האָט זי דערפילט ווי זי שרומפּט איין! עפּעס ווערט זי קלענער, קליין, נישטיק, גאָרנישט ווי סאַרא גלאס!

צוקומענדיק האָט דאָס מיידל, פון פענצטערל אַרויס, אַ זאָג געטאָן צו איר:

— דער הער וועט האָבן אייערע פּאַפּירן.

נאָך די עטלעכע ווערטער האָט דאָס מיידל צוריק אַריינגענומען דעם קאָפּ אין יענער זייט פענצטערל און געלאָזן סאַראַן מיט דעם פרעמדן יונגנמאַן אַליין, אויף זייער אייגן באַראָט.

סאַרא האָט אויף דעם יונגן מענטש אַ פאַרשעמטן קוק געטאָן. ער — צוריק — אַ שטאָלצן, אַ פון אויבן אַראָפּיקן. אָט אַזוי זיינעןביידע אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט פון פענצטערל. סאַרא, פון גרויס פאַר־לוירנקייט, האָט געשוויגן. אויך ער האָט געשוויגן. אָבער אין זיין שווייגן איז נישט געווען פאַרלוירנקייט נאָר עפּעס גרינגשעצונג, גלייך לעבן אים וואָלט נישט געווען סאַרא גלאס, נאָר עפּעס אַ מיידל דאָרטן, וועמען מען האָט צוגעשריבן צו זיינע פּאַפּירן.

„און ער האָט אפילו נישט געפונען פאַר נויטיק, דער הער, זיך פאַר איר פאָרצושטעלן", האָט סאַרא אַ טראַכט געטאָן.

אָט, דאָס ביסעלע גרינגשעצונג זיינס, איז גענוג געווען גלייך סאַראַן צוריקצושטעלן אין איר שטענדיק ווירדיקער פּאָזע. כאָטש אין וואוקס איז זי היבש נידריקער פון אים, האָט זי פונדעסטוועגן געטאָן אים אַ מעסט אָפּ אַזוי זייטיק, פון זיין שוואַרצן לאָק איבערן שטערן, ביז זיינע ברוין גלאַנציקע שיך און — זיך ביטולדיק צעלאַכט!

סאַראס פלוצימדיק געלעכטער האָט דעם יונגנמאַן עפּעס ווי פאַר־טומלט. ער האָט ווי אָפּגעשטעלט זיין טראָט און פאַרוואונדערט געקוקט מיט ברייטע געעפנטע אויגן אויף דעם לאַכנדיקן מיידל. זיין מאָט־

אַליוון פּנים איז געווען ערנסט איבערראַשט. עס האָט זיך געצוקט דאָס פּנים זיינס, געצוקט, ביז אַ קליין כמעט פאַרלוירן שמייכעלע האָט זיך צעשפּרייט אַרום זיינע שיינע מוילווינקלען. עפּעס ווי דאָס שמייכעלע וואָלט געפרעגט:

— וואָס לאַכט זי אַזוי דאָס מאָדנע מיידל?

כאָטש געזאָגט האָט ער גאָרנישט און געפרעגט האָט ער אויך גאָרנישט, האָט אָבער סאַראַ, אין דעם פאַרלוירענעם שמייכעלע אַרום דיינע מוילווינקלען, געזען אַז דער „פּאַצעט" האָט זיך ענדלעך געכאַפּט אַז לעבן אים שטייט דאָ נישט עפּעס אַ קליין־שטעטלדיק מיידל, אַ חלוצה אין אַ גרין קהאַקי בלוזקעלע, אַ צעטומלטע, אַ פאַרלוירענע צוליבן באַגעגענען אַזאַ „וואַזשנעם קאַוואַליער"! דער „פּאַצעט" האָט זיכער ערשט איצט, נאָך איר אויסלאַכן אים, דערזען אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ שטאָלצער פרייליין, אַ געענדיקטע גימנאַזיסטקע, וואָס איז זיכער אַזאַ מיוחסת ווי ער!

ווייזט אויס, דאָס ביטולדיקע אויסלאַכן אים און איר שטאָלץ אָוועקדרייען דעם קאָפּ, האָט דעם כענטשניקן אויפמערקזאַם געמאַכט אַז אייגנטלעך האָט ער גאָרנישט קאַוואַליער־מעסיק געהאַנדלט קעגן דער פרייליין. ער האָט זיך דאָך אפילו פאַר איר נישט פאָרגעשטעלט!

ער האָט גיך געטאָן אַ דרייסטן טראָט פאָראויס, דער יונגערמאַן, ווי ער וואָלט זי געוואָלט אָנאָגן אין איר גיכן גיין איבער דער האַלב טונקעלער, טומלענדיקער שטוב. זייער עלעגאַנט, איבערטריבן עלעגאַנט, האָט ער געפּרואווט אָננעמען איר האַנט, דערביי האָט ער זייער שמייכלענדיק געקוקט איר אין די אויגן, ווי אײנער רעדט, „איך ווייס שוין גוט מיט וואָס איינצונעמען אַזאַ קאַפּריזנע מיידל":

— ענטשולדיגט, פרייליין, מיין נאָמען איז פעליקס כענטשניק!

סאַראַ האָט זייער קאַפּריזנע, אָבער זייער חנעוודיק, געטאָן אַ נעם אַרויס איר אָרעם פון זיין האַנט און שאַרף אים געטאָן אַ שניט אָפּ:

— נישט וויכטיק!

פעליקס כענטשניק האָט אַ ביס געטאָן זיין ליפּ, ווי ער וואָלט געטראַכט: „אַהאַ, דאָס מיידל איז שוין גאָר קאַפּריזנע" און גלייך, גאַנץ ערנסט, איר אַ זאָג געטאָן:

— עס איז יאָ וויכטיק! פרייליין גלאַס, איר וועט דאָס דאַרפן געדענקען!

און נאָכגייענדיק איר צו די טרעפּ האָט ער שוין מיט דעם פריערדיקן חוזק־שמייכעלע צוגעגעבן:

—פאַרגעסט נישט, איר זענט מיין ווייב...

סאַראַן האָט אַ שטיק געטאָן אין האַלדז ווען ער האָט פּלוצים, אַזוי פּראָסט און אַזוי דרייסט, אַ זאָג געטאָן „איר זענט מיין ווייב״! עס איז געווען אַ קורץ אָבער וואונדערלעך זיס געפיל. דאָס אָבער האָט ער דאָך נישט געוואוסט. אים האָט זי גאַנץ קאַפּריזנע, אַזוי אמת גראַנד־דאַמע מעסיק, צוגעוואָרפן:

— יאָ? אויב עס געפעלט אייך, זאָל איך וואויל באַקומען!

און כדי אים צו ווייזן אַז מיט אים איז זי שוין פאַרטיק, האָט זי רייך געשעפטסמעסיק צוגעגעבן:

— דער עיקר, פאַניע בענטניק, ווי קומט די קאַץ איבער דעם וואַסער? וואו טרעפן מיר זיך? אין דער באַן?

זי האָט דאָס אָפּגעזאָגט זייער גיך, אַזוי גיך גלייך יעדער מינוט וואָס זי פאַרברענגט לעבן דעם „וואזשנע־קאוואליער״ איז איר שטאַרק איבריק. און אונטערצושטרייכן אָט די איבריקייט, האָט זי גיך גענומען טריטלען אַראָפּ די טרעפּ, און גלייך ווי זי איז אַרויסגעקומען אויף דער זון־באַהעלטער גאַס, שוין געוואָלט אים לאָזן אַן אַ וואָרט און באַלד אַוועק!

פעליקס איז אויסגעקומען אַ טריט הינטער איר, טאַקע אויף דער סאַמער שוועל. די פריערדיקע זיכערקייט, דאָס האַלב חוזקדיקע שמייכעלע, האָט אים עפּעס פאַרלאָזן. סאַראַס קאַפּריזנע טראַצקייט, האָט אים גאָר צעטומלט. ער האָט נישטווילנדיק געהאַלטן איר אָרעם, ווי זיין גאַנץ לעבן וואָלט דאָ אָפּגעהאָנגען אַן איר אַוועקגיין. עפּעס האָט ער געקוקט אויף דער מאָדנער סאַראַ גלאָס, אַ מיידל מיט אַ קורץ־געשוירענעם, בלאָנדן, צעכוואַליעטן קאָפּ האָר, וואָס זיינען נאָך קאָפּ־ריזנער און פליענדיקער ווי זי אַליין! עפּעס האָט זי אים געערגערט, דאָס מיידל, זי מיט איר הולך. עפּעס אַ מאָדנער הולך! אַ שוואַרץ און רויט געבלימלט זיידן קלייד, אויסגעפּאַסט ביז דער טאַליע אַזוי ענג, אַז אירע בריסט שטייען אָפּ אין זייער פולער, רונדער פאָרם. און פונקט ווי דאָס קלייד איז ענג און אויסגעפּאַסט אויבן, אַזוי איז עס פאַלביק אוןברייט אונטן. אויף די אָרבל, ביז די עלנבויגן, זיינען מאָדנע! אויסגעפּאַסט, אַזש זיי פּלאַצן, נאָר אין דער הויך, לעבן די אַקסלען, פאַרגייען זיי זיך אין צווייטע בופן, וואָס ווינטלען זיך, ווי ליידיקע, איינגעפאַלענע באַליאָנען. אָבער אַממערסטן ערגערט אים איר רויט שאַלכל! איר האָט שוין געהערט אַ מיידל זאָל אַזוי שעלמיש פאַרוואָרפן אַ רויט שאַלכל איבער די אַקסלען, מיט אַ דרייעק איבער דער פּליצע

און פאַרנעמען עס אין אַ ווייכן קנופּ אונטער דעם חנעוודיק געשפּאָלטע־נעם גאָמבעלע?

ער איז שוין געווען אויף אַן אמת ערנסט, פעליקס כּענטניק. וואָס איינגטלעך שטייט ער און פאַרנעמט דאָס געבייזער און די קאַפּריזן פון אַט דעם מיידל? ווער איז זי דאָס? און וואָס געהער זי אים אָן?

כּענטניק האָט געלאָזט פאַלן סאַראַס האַנט. ער האָט געמאַכט אַ טראָט פון דעם שטיינערנעם בריקל אויפן טראָטואַר אַרויף. אומ־קוקנדיק זיך צו סאַראַן האָט ער גיך איר אַ וואָרף צו געטאָן:

— איר וועט מיך דאַרפן אויפזוכן אין דער באַן.

ווי אַ פּאַטש האָט ער איר דערלאַנגט מיט דעם זאָג. און עס איז טאַקע געווען אַ פּאַטש! אַ פּאַטש פאַר דעם פריערדיקן אויסלאַכן אים און נאָך מער פאַר איר כּסדרדיקן ביטול. אָן אפילו זיך מער אומ־צוקוקן האָט ער גלייך זיך גענומען גיין מיט דער קרולעווסקע, אַרויף צום זאַקסישן גאַרטן, וואו ער איז איינגעשלונגען געוואָרן פון דעם ברייטן שטראָם מענטשן וואָס האָט געכוואַליעט אין גאַרטן אַריין.

סאַראַ איז געבליבן געפּלעפּט. זיין דעצידירטקייט, זיין מיט איין־מאָל אַוועקגיין, האָט זי צוריק אַראָפּגעזעצט, געמאַכט זי קליין, איינ־געשרומפּן פּונקט ווי פריער, ווען זי האָט אים אַזוי אומגעריכט דערזען ביים פּענצטערל. נאָר פּונקט ווי זי אַליין איז ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, אַזוי איז ער געשטיגן אין אירע אויגן! זיין שטאָלץ אַוועקגיין האָט איר גאָר שטאַרק ווויי געטאָן, עס האָט איר אָבער נאָך מער אימפּאָנירט:

— אָ, טאָ יעסט מענשטשיזנאָ! (אָט, דאָס איז אַ מאַן!)

מיט אַראָפּגעלאָזטע, איבריקע הענט, איז זי געשטאַנען און אַלץ געקוקט אַהין, אין דער ריכטונג וואו ער איז אַוועק, אָבער ער איז פאַרשוואונדן גלייך קיינמאָל נישט געווען!

זי האָט גענומען גיין, סאַראַ, אין דער פאַרקערטער ריכטונג. די שמאָלע גאַסן, וואָס ציען אין יידישן געגנט אַריין, האָבן געשווירבלט מיט מענטשן. קנוילנווייז האָבן זיי זיך געשטופּט איבער די טראָטואַרן. דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ פאַרנער. פּראַכנדיקע פערד, אין שווער געלאָדענע וועגן, האָבן געצויגן איבער דעם שטיינערנעם ברוק. טראַמווייען האָבן פאַרקלונגען די לופט. נאָר סאַראַ האָט דאָס אַלץ נישט געזען. זי איז געגאַנגען ווי אַ פאַרטראָגענע. פאַר אירע אויגן האָט געשוועבט דאָס בלאַסלעך צוטומלטע געזיכט, מיט דער שוואַרצער, קאַפּריזנער לאָק איבער דעם שטערן. אָן איבערראַשטס האָט עס גע־

שוועבט פאַר איר, דאָס געזיכט, איבעררּאַשט פון איר פּלוצימדיק געלעכטער. און אין אירע אויערן האָט געקלונגען, העכער ווי דאָס געבראַזג אַרום, זיין פּלוצימדיקער זאָג:

— עס איז יאָ וויכטיק! איר זענט מיין ווייב!

## קאַפּיטל פינף

דורך די יידישע גאַסן, אין וואַרשע, האָבן אַ גאַנצן אָוונט געצויגן פּולבאַזעצטע, פּולבאַלאָדענע דראָזשקעס. די דראָזשקאַרעס, הויך אויף די קאָזליעס, אין בלויע היטלען מיט לאַקירענע דאַשקעס און בייטשן אין די הענט, האָבן געטריבן די דאַרע, פאַרהונגערטע פערדלעך: „וויאָ!" גיכער, גיכער צו דער פּראַגער־בריק. פון אַלע זייטן האָבן זיי געצויגן, די פולע דראָזשקעס. פאַרבייגייער, אויף ביידע זייטן גאַס, האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דעם בייזן געפּאַרעריי. לויט דעם בראַזג פון די אייזערנע רעדער אַן האַרטן ברוק, האָט זיך געקאָנט דאַכטן אַז גאַנץ וואַרשע מיט יידן לאָזט זיך צו דער באַן.

דורכשטופּן זיך דורכן וואָקזאַל איז שוין פון פאַרנאַכט אַן געוועזן אוממעגלעך! אויף די פּלאַטפאָרמעס, צווישן די וואַרטנדע צוגן, איז געווען מוראדיק! קינד און קייט זיינען דאָרטן דאָ! מיט יעדן איינעם, וואָס פאָרט אַוועק, איז מיטגעקומען די גאַנצע משפחה. באַגאַזש־טרעגער זידלען זיך! באַהאָנגענע אַרום און אַרום מיט קוישן און וואַליזעס, מוזן זיי זיך שטופּן אין דעם גאַנצן געדרענג זיך צו צוקריגן צו די וואַגאָנעס. יינגוואַרג, חלוצים, ביי וועמען דער גראָשן איז נישט קיין ממזר און כח איז נאָך דערוויל פאַראַן, זיי שלעפּן נעבעך זייער שווער געפּעק אַליין, אונטערהאָקנדיק זייטן, מיטרייסנדיק קאַפּאָטעס.

פּאָליאַקן, ציווילע און באַן באַאַמטע, האָבן זיך אַרומגעשטעלט ווי אויף אַ בייז וואונדער. זיי חידושן זיך:

— וואו איילן דאָס אַזוי די יידן, קיין פּאַלעסטינע?...

טייל פון זיי שמייכלען שעלמיש אין די שווערע וואָנסעס אַריין. די אויגן פינקלען צופרידן:

— גייט יידעלעך, גייט אַלע קיין פּאַלעסטינע!

אַנדערע, ערנסטע פּאָליאַקן, סודן זיך איבער אין דער שטיל:

— „טאַק"? אַזוי? פאָרן טאַקע אַוועק, די יידן? „קעפּסקאַ בענדזשע"! ווערט שלעכט זיין פאַר פּוילן, אַן יידן וועט זיין שלעכט!...

אָט, אין דעם געדרענג האָט זיך אַרײַנגעדרײט פעליקס כּענטניק. ער האָט זיך געקערעװעט רואיק, נישט געאײַלט. זײַן באַגאַזש האָט שוין דער טרעגער אײַנגעשטעלט. אַ פּלאַץ בײַם פֿענצטער, און אײנעם פֿון די לעצטע װאַגאָנען, האָט ער אים אױך שױן פֿאַרנומען. װאָסזשע דאָס געאײַל? פּלאָנטערט ער זיך מיטן װאַליזקעלע אין איין האַנט און אַ לײַכטן מאַנטל פֿאַרװאָרפֿן אױף דער צװײטער. און בלױזן קאָפּ, דער װײכער לאָק פּלאַטערנדיק איבער דעם שטערן, גײט ער זיך און קוקט געלאַסן אין די װאַגאָן־פֿענצטערלעך, פֿון װאַנען עס שטעקן אַרױס קעפּ װי עופֿות פֿון עֲנגע שטײַגן.

פֿעליקס זוכט נישט חלילה די סאַרא גלאַס, דאָס „װײַב״ זײַנס. װאָס דאַרף ער זי? ביזן גרעניץ װעט ער קײן „קנעפּל״ פֿאַר די אױגן נישט זען. דעם גרעניץ װעט אױך דער דעלעגאַט פֿון פּאַלעסטינע־אַמט, װאָס פֿאָרט מיט אין דעם צוג, שױן באַזאָרגן. איז דאָך ערשט בײַם אַרױפֿגײן אױף דער שיף און בײַם אַראָפּגײן אין חיפה! זאָל ער זי שױן זוכן? צו װאָס? עס אַרט אים נאָר, פֿעליקסן, טאָמער טוט זיך דאָס מײדל פּלוצים אַ שטעל אַרײַן אין זײַן װאַגאָן. אָט, דאָס אַרט אים! װאָרעם אױב יאָ, װעט עס זײַן פֿאַסקודנע, אױב ער װעט נישט האָבן פֿאַרנומען אַ פּלאַץ אױך פֿאַר איר!

ער האָט זיך ענדלעך צוגעקראָגן צו זײַן װאַגאָן. דער װאַגאָן איז נאָך געװען כּמעט לײדיק. זײַן קופּעי — טאַקע אינגאַנצן נאָך לער! זײַנע צװײ װאַליזעס און דער ברױנער, װאָלענער קאָץ, אַרומגענומען מיט לעדערנע רימענס, זײַנען געלעגן אױף דער באַנק, בײַם פֿענצטערל. עס איז נאָך געװען טונקל אין קופּעי. בלױז דאָס בלױע נאַכטבליצל האָט געברענט. ער האָט ליכטיק געמאַכט. געלאַסן האָט ער אײַנגע־שטעלט די צװײ װאַליזעס אױף דער אױבער־פּאָליצע, איבער דעם קאָפּ. דעם װײכן קאָץ האָט ער צעעפֿנט, אים אױסגעשפּרײט אױף אַ ברײטהדיק שטיק באַנק. ס'הײסט, װײַל מען איז עס בלױז אַ באַקװעם פּלאַץ פֿאַר אײנעם, נאָר טאָמער װעט מען דאַרפֿן איז עס גענוג פֿאַר צװײ אױך...

אין מיטן זײַן געמיטלעכן שפּרײטן די דעקע, האָט זיך אין דער אָפֿענער טיר פֿון קופּעי אַרײַנגעשטעלט אַ יונג פּאָרל. דאָס װײַבל, אין אַ פֿאַרשפּעטיקט, רױט שטרױען היטעלע, האָט געהאַלטן אין אײן האַנט אַ קלײן קינד, אין דער אַנדערער, אַ װײַך פּעקל פֿון װאָלענע צודעקלעך, פֿון װאַנען עס האָט אַרױסגעקוקט אַ שטיקל פּלעשל מיט אַ שװאַרץ „מאַמקעלע״ פֿון אױבן. דער יונגערמאַן, אין אַ פֿאַררוקטן, ברױנעם קאַפּעליוש, האָט געהאַט בײדע הענט פֿאַרנומען מיט פּעק און װאַליזעס.

אָפּגעסאָפּעטע, פאַרשוויצטע, זיינען זיי ביידע געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר פון דער שטילער, ליכטיקער קופּע. עפּעס זיינען זיי געווען אין פאַרלעגנהייט. לויט דעם אויפשריפט, דרויסן אויפן וואַגאָן, איז עס דריטע קלאַס. אָבער לויט דער לערקייט און לויט דער געמיטלעכקייט, מיט וועלכער דער יונגערמאַן שפרייט זיך דאָרטן זיין וויכן, וואָלטנעם קאָץ, דאַרף עס זיין וויניקסטנס ערשטע קלאַס.

כענטניק האָט אַ קוק געטאָן הינטער זיך, דערזען דאָס אָפּגעיאָגטע, אָפּגעמאַטערטע פּאָרל, וואָס שטייט אין אַזאַ גרויס פאַרלעגנהייט און וואָגט נישט אַריינצוגיין. ער וואָלט געווויס צופרידן געווען צו האָבן שכנים אַליין, אָן אַ קליין קינד. אָבער פונדעסטוועגן:

— „פּראָשען באַרדזאָ" — האָט ער אַ וויז געטאָן מיט דער האַנט אויף דער אַנטקעגנדיקער פרייער באַנק. — קומט אַריין, מיר זיינען אַלע גלייכע עולים!

דער יונגערמאַן מיט די וואַליזעס האָט אַ שמייכל געטאָן:

— נישקשה, עס פעלן נישט קיין יורדים אויך!...

ער איז זיכער געווען, דער יונגער טאַטע, אַז דער פיין געקליידטער בחור אין בלויזן קאַפּ, וואָס האָט אים איינגעלאַדן פאַר אַ שכן מיט אַ פּוילישן „ביטע זייער", וועט געוויס זיך נישט כאַפּן אויף דעם דינעם ווערטער־שפּיל פון „עולים" און „יורדים". ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט. פעליקס כענטניק איז נישט אַזאַ ציוניסט, וואָס פאַרשטייט נאָר דעם זין פון דער היינט מאָדישן וואָרט: „עולים". פעליקס כענטניק האָט געלערנט תנך און לייענט ביאַליקן. ער ווייס גוט דעם זין פון די ווערטער. נישט טראַכטנדיק אפילו האָט ער פּונקט מיט אַזאַ לייכט שמייכעלע צוריקגעענטפערט:

— נו מילאַ, וועט זיין ווי אין פּסוק שטייט: עולים ויורדים...

די שכנים האָבן זיך גענומען מאַכן באַקוועם. דאָס ווייבל האָט אַוועקגעלייגט דאָס שלאָפעדיקע קינד אויף דער באַנק. זי האָט אויס־געטאָן ס'היטעלע, זיך גלייך געמאַכט די פריזורע און אַזוי זייטיק, מיט אַ וואונק, געפרעגט פעליקסן:

— אַליין?

פעליקס האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן. אַנשטאָט ענטפערן האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַראָפּגערוקט ס'פענצטער אַזוי ווייט ווי מעגלעך און געבליבן אָן אַנגעשפּאַרטער אויף די עלנבויגנס אַרויסקוקן אין דרויסן. עס האָט אים פאַרדראָסן. „שוין היימיש! זי וויל שוין וויסן אויב ער פאָרט אַליין. אין דער אמתן ווייסט ער אַליין נישט. פאָרט ער אַליין? וועט זי זיך טאָן אַ שטעל אַריין, די סאַרא גלאָס?"...

אינדרויסן, אויפן פּלאַטפאָרם, אינמיטן דעם גאַנצן געדרענג, האָט זיך גענומען דרייען אַ ראָד פון געשלאָסענע הענט אויף אַקסלען. חלוצים און חלוצות זיינען אַוועק אין אַ האָרא־טאַנץ, ווי אַ געזעגענונג צו פּוילן. אין דער האַלב טונקעלער באַלויכטנקייט, האָט דאָס פריידיק־פאַשיכורטע יונגוואַרג פאַרוואָרפן די קעפּ אין גרויס עקסטאַז און געשאַלט אין דער נאַכטיקער, טומלענדיקער לופט אַריין:

— מי יבנה הגליל? מי יבנה הגליל!

וואָס מער די לאָקאָמאָטיוון האָבן געסיקעט און געסאָפּעט און געפּייפט, וואָס מער דער טומל פון די איילנדיקע, אָנקומענדיקע מענטשן איז געשטיגן, אַלץ העכער און איינגעשפּאַרטער האָבן זיי געזונגען, אַלץ מיט מער עקסטאַז האָבן זיי געטאַנצט. און איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט האָבן שוין נאָך אַזעלכע רעדער זיך געדרייט און אַריינגעוויקלט אין טאַנץ עלטערע און ייִנגערע, ווייבער און מיידלעך, און קינדער.

פעליקס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם דרויסנדיקןווירבל. ער האָט געוואָלט אַ לויף טאָן און זיך איינשליסן אין אַזאַ ראָד און מיטטאַנצן. ער האָט זיך אַריבערגעבויגן אין אָפענעם פענצטער איבער דער העלפט. אים האָט זיך געדאַכט: אין דעם שווינדלענדיקן ראָד, אונטן, צווישן די פאַרוואָרפענע קעפּ, האָט אים אַ בליאסק געטאָן איר פּנים, דער סאַרא גלאָסעס ליכטיק פּנים מיט די פלאַטערדיקע, בלאָנדע האָר. אויך דאַכט זיך, איר קול הערט ער דאָרטן.

ער איז אַראָפּ. זייטיק האָט ער זיך צוגעשלייכט, געשטאַנען צווישן דעם געטומל וואו דאָס ראָד האָט זיך עטלעכע מאָל דורכגעדרייט פאַר אים. ניין, זי איז נישטאָ דאָ!

ער האָט גענומען צוריק אַריינגיין אין וואַגאָן. מאָדנע, נאָר וואָס האָט ער זיך געוואָלט אַריינדרייען אין געווירבל פון די לייכט־געוואָרענע פיס, מיטטאַנצן, מיט־יובלען, דאָ גאָר, פילט ער, ווי עס באַפאַלט אים אַ נאָגעניש, אַ פיינלעכע סומנעקייט אין האַרצן. איז עס צוליב דעם, וואָס סאַרא איז דאָ נישט דאָ? אָדער אפשר איז עס אַ נאָגעניש צוליב דער איינזאַמקייט זיינערביים אַוועקפאָרן פון פּוילן? יעדן איינעם באַגלייט ווער. מיט יעדן איז עמעץ דאָ. נאָר ער איינער דאַרף אַוועקפאָרן פון דעם לאַנד, אין וועלכן ער איז געבוירן און דערצויגן, איינער אַליין, אָן איין מענטש, וואָס זאָל אים באַגלייטן. פון זיין שטאָט, ווייט אויף די ראַנדן פון פּויליש־ווייס־רוסלאַנד, האָט קיינער נישט געקאָנט אַהערקומען. אפילו דער פאָטער זיינער, דער וואַלד־סוחר, האָט זיך נישט געקאָנט אַוועקרייסן און מיטקומען קיין וואַרשע. די

איינציקע צוויי פריינט, וואָס ער האָט דאָ, אין דער פרעמדער, גרויסער שטאָט, זעט מען אויך נישט! אויב זיי זאָלן אפילו קומען, ווער ווייסט צי זיי וועלן אים קאָנען געפינען אין דעם געדרענג?

ער האָט זיך צוריק אַוועקגעשטעלט אין דעם באַלויכטענעם וואַגאָן־פענצטערל. וואָס וואָלט ער איצט נישט געגעבן, די באַן זאָל אים נאָך איין מאָל, דאָס לעצטע מאָל, דורכפירן דורך יענעם גרויען, כמורנעם געגנט, איבער די פלאַכע פעלדער, וואו עס שטייען די אָרעמע כאַטעס מיט נידעריקע דעכער, טרויעריק געבויגן; יענער געגנט, וואו ער האָט די פריידיקסטע טעג פון זיין לעבן איבערגעלעבט.

די שטופעניש אונטן איז געוואָרן געדיכטער און טומלעדיקער. די טאַנצנדיקע געזעמלען האָבן זיך אויפגעלייזט. נאָענטע געזעגנען זיך שוין. מען קושט זיך, מען כאַפּט זיך אויף די וואַגאָן־טרעפּלעך נאָך אַ לעצטן האַנטדרוק. נאָר ער אַליין, פעליקס, איז דאָ גאָר דאַכט זיך נישטאָ. דער דמיון זיינער האָט אים אַוועקגעטראָגן אין וואַלד אַריין. צווישן דעם פייכטן מאָך קריכט ער דאָרטן אַרום. אָט איז דער טאַטע! ער צייכנט דאָרטן מיט אַ שטיק קרייד קרייצלעך אויף די ביימער, וועלכע מען וועט דאָרפן האַקן. פון דער וויטנס ליגן גלייכע רייען קלאָפּטער. האַלבע, געשפּאָלטענע בעריאָזע־קלעצלעך לויכטן אין דער וואַלדיקער טונקלקייט. וואסיל פאָרט דאָרטן מיט אַ פורל. ער וויל זיך אָפּשטעלן און ער, פעליקס, צעשרייט זיך איבער דעם גאַנצן וואַלד:

— נישט דאָרט, וואַסיל! די אַלכעס נעם!

אין מיטן דערינען, אין מיטן זיין פאַרטראַגנקייט אין היימישן וואַלד, האָבן זיך דערוויל פאַרן פענצטערל צוגעשטעלט אַ יונגערמאַן מיט עפּעס אַ מיידל. מיט איין אויגנבליק האָבן זיי אים צוריקגעבראַכט אַהער, אין דער באַן אַריין. דאָס מיידל קאָן ער גאָרנישט, פעליקס. סיי ווי האָט ער קוים באַוויזן דערלאַנגען זיין פריינט די האַנט און נעמען דאָס קעסטל שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט אים מיטגעגעבן אין וועג אַריין. ער האָט אפילו נישט באַוויזן צו כאַפּן דעם נאָמען פון דעם מיידל. ער האָט בלויז געזען אַ ברונעט פּנים אונטער אַ ברייטן, ווייסן הוט, וואָס האָט פריינדלעך אַרויפגעקוקט צו אים. ער האָט נאָך אויס־געשטרעקט זיין האַנט צו איר, אָבער, צו קורץ! זי האָט אים געשיקט אַ לופט קוש און עפּעס אַריינגעוואָרפן אין פענצטער. עס איז געווען אַ קליין בינטעלע שפּעטהאַרבסטיקע, רויטע רויזן. פעליקס האָט זיך געטאָן אַ גיכן בויג אַרויס. ער האָט געוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל זען דאָס מיידל, וואָס האָט אומבאַקאַנט אים געגעבן בלומען אין וועג אַריין. ער האָט שוין אָבער גאָרנישט געזען! אַ מאַסע קעפּ, אַ וואַלד

מיט פּאַכנדיקע הענט האָט זיך געוויגט פאַר די פענצטערלעך, פאַר די אויגן. ביסלעכווייז האָט זיך דער צוג פאַרביי גערעדלט פאַרביי דער מאַסע. אַ לאָמפּ האָט פאַרבייגעבליענדט. נאָך איינער. דער לאָקאָ־מאָטיוו האָט זיך פאַרקערעוועט. דער וואָקזאַל מיט די פּאַכנדיקע טיכלעך האָט זיך אָפּגערוקט אַלץ ווייטער. די לאָמפּן זיינען געוואָרן שיטערער. די נאַכט איז אַנטקעגן געקומען אַ געדיכטע, אַ פינצטערע. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפייפט מיט אַ מוראדיקער רוגזה און גענומען רעדלען איבער די רעלסן אַוועק, ווייט אין דער נאַכט אַריין מיט אַ הילכיקן געברום.

## קאַפּיטל זעקס

אַ גאַנצע נאַכט איז די באַן געלאָפן אַן אײן אָפּשטעל. פאַרביי די וואַגאָן פענצטער האָבן דורכגעשוועבט האַלב־באַלויכטענע, דרימלענ־דיקע סטאַנציעס, אויסגעלאָשענע כאַטעס, וואַכע, דורכשטעכנדיקע לאמטער־אייגלעך פון באַן־וועכטער, וואָס וועקסלען איבער דעם צוג אויף זיין ריכטיגן וועג; אַלץ, אַלץ האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אין אַ שווינדלענדיקן געדריי.

די גאַנצע נאַכט איז פעליקס כענטניק געזעסן מיט דער נאָז אין שויב און געגלאָצט אין דעם פרעמדן, טונקלען דרויסן. אַרום אים, די גאַנצע קופּעי מיטפאָרער, איז געשלאָפן. זיצנדיקע, מיט די נעז אויף די אייגענע ברוסטן, האָבן טייל געכראָפּעט, אַנדערע האָבן גע־סיקעט און געפייפט. דאָס ווייבל, אויף דער אַנטקעגנדיקער באַנק, איז געלעגן איינגעוויקלט און פאַרנומען פונקט אַזויפיל אָרט וויפל איר פּיצעלע קינד.

אין קופּעי איז געווען טונקל. דער גרויסער עלעקטרישער לאָמפּ איז געווען אויסגעדרייט. בלויז דאָס קליינע נאַכטבליצל האָט שוואַך געלויכטן און אַנגעפילט די קופּעי מיט אַ טונקלע בלויקייט. פעליקס כענטניק האָט צוליב דעם געקאָנט זען דעם נאַכטיקן דרויסן קלאָר און אויף ווייט — ווייט אַוועק! אפילו איין איינציקער בוים איז פון זיין אויג נישט פאַרלוירנגעגאַנגען.

די באַן איז געלאָפן אַלץ מער צו דרום. דעריבער, ווען אין דער פרי, די זון האָט זיך צעשיינט, האָט פעליקס דערזען עפּעס גאָר אַן אַנדער וועלט! וואָס נענטער צו דער רומענישער גרענעץ, אַלץ זוניקער די פעלדער! אין זיינע געגנטן איז איצט אַזוי גרוי! שאַרפע תשרי־

ווינטן בלאָזן שוין דאָרט! כמורנע רעגנס בייטשן די איינגעפאַלענע כאַטעס איבער זייערע שטרויענע דעכערקעפּ. באַלד — באַלד וועט אַ שניי אויספאַלן! און דאָ באַקט די זון נאָך אַזוי וואַרעם, דער הימל איז אַזוי לויטער!

אין האַלבן טאָג האָט זיך די באַן ענדלעך אָפּגעשטעלט. אויסלאַנד! ס'ערשטע מאָל איז פעליקס בענטניק אין אויסלאַנד. כאָטש וואָס האָט זיך דאָ געביטן? קיין טייך איז מען דאָ נישט אַריבער, קיין בערג אַוודאי נישט, דאָך אויסלאַנד!

פון דער סטאַנציע, אַ קליין הויז לעבן דער ליניע, האָט זיך געטאָן אַ לאָז אַ כאַפּטע באַאַמטע. נאָך איידער זיי האָבן זיך דערנענטערט צום צוג איז שוין דער דעלעגאַט, וואָס פאָרט מיט, אַראָפּגעשפּרונגען מיטן באַרג פּאַספּאָרטן און פּאַפּירן אין די הענט. די באַקנעפּלטע גרעניץ־אַגענטן האָבן אים אַרומגערינגלט, ווי ווייבער אַ חרובדיק קינד. עס זאָל עס נאָר קיין גוט אויג נישט געשען!

דער מיט זאַמד אויסגעשיטעטער פּלאַטפאָרם איז געווען לער. פון די וואַגאָנען פענצטער האָבן יידן און יידענעס, בחורים און מיידלעך אַרויסגעשטעקט די קעפּ, אַרומגעשמעקט אַלע זייטן, אָבער מורא געהאַט אַ פוס אַראָפּצושטעלן. דער צוג האָט נאָר טראַנזיט־רעכט. איז ווי מעג מען אַראָפּגיין?

באַלד איז געוואָרן אַ געלויפעריי צום שטייענדן צוג. פון אַלע זייטן, ווי אויפגעבונדענע, צעשראָקענע עופות, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן גויעס אין ברייטע פאַרביקע ספּודניצעס, יונגע שיקסלעך אין ליכטיק קאָלירטע כוסטקעס, באָרפיסע שקצים מיט צעכראַסטעטע העמדלעך, אַלע, אַלע האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צום צוג מיט פולע קערב ווינטרויבן. זינט די יידן לעבן האָבן זיי נאָך אַזויפיל ווינטרויבן נישט געזען. אין פּוילן טראָגן „ס'גאַיעס" אַזוי אַרום קאַרטאָפל, ציבעלעס, אָבער ווינטרויבן? שוואַרץ גלאַנציקע און מאַט גרינלעכע, אַזש די טוי ליגט נאָך אויף זיי! איז ווי קאָן מען זיך דאָ איינהאַלטן און נישט אַראָפּגיין אויפן פּלאַטפאָרם? אַז ס'פאַרחלשטע מויל וואַסערט אַזוי און ס'האַרץ ציט און טרייבט!

צום ערשט האָבן געפּרוּווט אַ פּאָר דרייסטע יונגען, חלוצים. נאָר אַז יידן האָבן געזען: „שאַ, מען טוט גאָרנישט?" איז דער צוג געוואָרן ליידיק, אַזוי ליידיק אַז מען האָט אַזש געקאָנט אַ וואַליזקע אויף דער פּאָדלאָגע דערזען!

די באַן וועט דאָ שטיין לאַנג. ביז די גרענעץ באַאַמטע וועלן איבערקוקן אַזויפיל הונדערטער פּאַספּאָרטן, זיי סטעמפּלען, קאָן מען זיך מיט

גענוג ווײנטרויבן אָנשלינגען! אַגב איז נאָך ראש השנה, אַ שהחינו האָט מען שוין געמאַכט, מעג מען דאָך הנאה האָבן!

דער עולם איז באַפאַלן די קערב טרויבן, ווי אויסגעהונגערטע בינען אַ בלומענקוסט. אויך פעליקס איז אַרויס אויפן פלאַטפאָרם. נאָך אַ גאַנצער נאַכט זיך קורטשן און קנאָדערן ביים פענצטער, זיינען די גלידער מיד און איינגעשלאָפן. עס ווילט זיך אַביסל איבערגיין און אויפטייען די פיס. און, צו וואָס זיך נאַרן? אויך אַ שקאַרמיץ טרויבן!

ער האָט גענומען די טרויבן, געגאַנגען מיט זיי לענג אויס דעם צוג, ביז ביי זיין פענצטערל, האָט ער עס אַרויפגעגעבן דעם יונגן ווייבל, וואָס איז געשטאַנען מיטן קינד אויף די הענט און אַרויסגעקוקט צום ווײנטרויבן־יאַריד, וואָס גייט דאָרטן, אונטן, אָן, אָן איר! דאָס האָט ער זיך באַזאָרגט אויף שפּעטער, פעליקס כענטניק, ווען דער צוג וועט נעמען גיין. עסן איצט, גייענדיק איבער דער פלאַטפאָרם, ווי אַלע, דאָס קאָן זיך פעליקס כענטניק נישט דערלויבן. עס איז נישט לויט זיינע געוואוינהייטן! עס איז נישט לויט זיין אַרט האַלטן זיך, לויט זיין אָנטון און אַוודאי נישט לויט זיין געשמאַק!

עטלעכע מאָל איז ער זיך דורכגעגאַנגען הין און צוריק, לענג אויס דעם צוג, ביז עס האָט אים אָנגעהויבן לאַנגווײלן, איז ער צוריק אַריין אין וואַגאָן און זיך ווידער געזעצט אַרויסקוקן דורכן פענצטער. ווען נישט די ריזיקע אָנצוטרעפן זיין „ווייב", די סאַראַ גלאַס, וואָס מוז אַוודאי זיין אין וועלכער קופּעי מיט אַ גרופּע חלוצים, וואָס זינגען און טאַנצן און טומלען, וואָלט ער זיך איצט, פון לאַנגווייל, דורכשפּאַצירט די וואַגאָנען, זען ווער אַלץ עס פאָרט, אפשר פאָרן באַקאַנטע! אַזוי אָבער? ער וועט דאָס נישט טאָן! אַזאַ מיידל קאָן נאָך איינפאַלן אַז ער איז זי געגאַנגען זוכן! איז שוין זיכערער צו זיצן דאָ, ביים פענצטער, און אַרויסקוקן אויף דעם יאַריד.

אויך דאָס איז אים נמאס געוואָרן. ער האָט אַריבערגעהויבן דעם בליק צו דער סטאַנציע, וואו אין אַ פענצטער, איז געזעסן די חברה אַגענטן און געוואָרפן די פּאַספּאָרטן פון איינעם צום אַנדערן. איינער האָט געשריבן, איינער האָט געקלעקט און איינער האָט געקלאַפּט מיט אַ סטעמפּל, ווי ער וואָלט געקאָוועט פערד. פעליקס האָט הנאה געהאַט פון דעם, וואָס די „אומזיסטע פּרעסערס" שוויצן דאָרטן! פּוילישע יידן פאָרן קיין ארץ ישראל האָבן די רומענישע גרעניץ באַאַמטע אַ שטאָך אַרבעט!

ער האָט ווידער געקוקט אויף דעם פּילפּאַרביקן, טומלענדיקן עולם וואָסווימלט אַרום אין אַלע ווינקלעך. ער האָט גאָרנישט געזוכט, פעליקס, און גאָרנישט דערוואַרט צו געפינען. גלאַט אַזוי וואַנדערן די אויגן זיינע. נאָר אַט האָבן זיי זיך עפּעס פאַרטשעפּעט. אַ ביסל רויט האָט אַ בלאַסק געטאָן פון וויטנס.

אַט איז זי דאָך! אַט איז דאָך איר שאַלכל, דאָס רויטע שאַלכל מיטן דרייעק אויף דער פּלייצע!

אידער פעליקס האָט נאָך צייט געהאַט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם פון דעם אומגעריכטן פלאַם אין די אויגן, וואָס דאָס שאַלכל האָט אים געטאָן, האָט זיך סאַרא אויסגעדרייט פון אַ שיקסל, מיט אַ שקאָרמיץ ווײנטרויבן אין אירע הענט. אַ לאַכעדיקע איז זי געגאַנגען לעבן עפּעס אַ הויכן בחור, אין אַ ווייס העמדל מיט אַ ברייט־איבערגע־לייגטן קאָלנער. לויט איר גיין האָט זיך געקאָנט דוכטן אַז דאָס גייט זי גלייך אַהער צו פעליקסעס פענצטערל!

פעליקס האָט געוואָלט אַריינכאַפּן דעם קאָפּ אינווייניק, נאָר ביז היינט ווייסט ער נישט פאַרוואָס ער האָט דאָס נישט געטאָן. צי איז דאָס געווען ווייל ער האָט בעסער געוואָלט זען דעם צעכראַסטעטן בחור, וואָס איז מיט איר געגאַנגען, וועמען זי האָט אַזוי דרייסט געוואָרפן טרויבן אין מויל אַריין, אָדער איז עס טאַקע זי אַליין, די סאַרא גלאַס, וואָס האָט אים אַזאַ בלענד געטאָן מיט איר בלאָנדער ליכטיקייט? סיי ווי, דעם קאָפּ האָט ער שוין נישט אַריינגענומען. פאַרקערט, ער האָט זיך טיפער אַרויסגעבויגן. אַלע ווילע איז זי אים פאַרלוירנגעגאַנגען אין די געדיכטע מענטשן־געזעמלען. אין אַ מינוט אַרום ווידער זיך אַ באַוויז געטאָן און ווידער פאַרלוירנגעוואָרן. און יעדעס מאָל, וואָס נענטער זי איז געקומען, אַלץ דייטלעכער האָט ער געהערט איר לאַכן. ער האָט זיך גוט איינגעהערט, פעליקס, עפּעס האָט עס אים איצט גאָרנישט געקלונגען אַזוי חוזקדיק, איר לאַכן. פאַרקערט, אַזאַ האַרציק, אנגענעם געלעכטער האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געהערט.

— איז, אפשר האָט זי דאָן, אין פּאַלעסטינע אַמט, אין וואַרשע, אויך אַזוי אומשולדיק געלאַכט? און ווער איז דאָס דער בחור, דער צעקנעפּלטער חלוץ? פון וואַנען אַזאַ נאָענטקייט? אַזש וואַרפן אים טרויבן אין מויל אַריין?

פעליקס האָט זיך כלומרשט גאַנץ רואיק אויפגעהויבן, אַזוי רואיק, ווי ער וואָלט זיך אַליין איינגערעדט אַז, אייגנטלעך, וואָס איז ס'געלויף? און אַראָפּ פון וואַגאָן. ער האָט אָבער אַזוי אויסגערעכנט אַז ביים

אַראָפּגײן זאָל ער איר אויסקומען, אַזוי גאַנץ אומגעריכט, גלײך אין פּנים אַרײַן!

נאָך שטײענדיק אויפן וואַגאָן־טרעפּל האָט זי אים דערזען. פעליקסן האָט עפּעס אַ זעץ געטאָן אין האַרץ. נאָר זי, גאַרנישט! זי זאָל דאָס געווען אַ פּינטל טאָן מיט אַן אויג! ערשט, ווען ער איז דרייסט געגאַנגען איר אַנטקעגן, און צוגעקומען זײער נאָענט, האָט זי, טײטלענדיק אויף אים מיט אַ שוואַרצער ווײנטרויב צווישן די צוויי פינגער, אַ זאָג געטאָן צום חלוץ כּלומרשט אין שפּאָס און אפשר אין גרויס ביטול:

— מײַן מאַן!

טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק געווען, האָט זי גלײך אים גענומען שטופּן אַ שטענגעלע ווײנטרויבן אין מויל אַרײַן, אים, פעליקס בענטניקן, אַ שטענגעלע ווײנטרויבן אין מויל אַרײַן!

פעליקס האָט שאַרף אַוועקגעדרייט זײַן קאָפּ. אָבער ווײַל ער האָט צוגענומען דאָס פּנים האָט זי דווקא נאָכגעשיקט איר האַנט מיטן שטענגעלע! פעליקס האָט זיך דערפילט ווי עפּעס אַ נאַרישע ציג, וועמען מען שטרעקט אַ שטרוי אונטערן בערדל... נאָר נאָך נאַרישער איז געווען זײַן לאַגע, ווײַל עס קאָן דאָך זײַן אַז זי מאַכט זיך בלויז אַ גוטמוטיק געלעכטער און ער ווערט שוין ערנסט און בייז, און זײַנע מוילווינקלען דראַדלען זיך שוין אַן, ווי אויסצושיסן, מיט אַ באַליידיקונג! כאָטש וואָס בייז צו זײַן האָט ער גראָד יאָ. וואָרעם וואָס עפּעס דערלויבט זי זיך אים צו רופן אַזוי עפנטלעך „מײַן מאַן”? באשר מ׳האָט זי אַרויפגעשטעלט אויף זײַן סערטיפיקאַט? און וואָס עפּעס שטופּן ווײנטרויבן אין מויל אַרײַן? ווער איז ער איר? עפּעס אַ סמאַרק אירס? ווי קומט ער בכלל צו איר? ער, אַ וואַלד־סוחר, אַ געבילדעטער מענטש אין פּויליש און העברעאיש, אַן אָנגעזעענער ציון־טוער, וואָס האָט אפילו נישט געדאַרפט דורכמאַכן קײן הכשרה כּדי צו קריגן אַ סערטיפיקאַט! און זי? עפּעס אַ מיידל, אַ חלוצה דאָרטן!

פעליקס האָט ווידער געהאַט אַ געפיל זי צו טאָן אַ לאָז שטײן מיטן חלוץ, פּונקט ווי ער האָט געטאָן אין וואַרשע, אויף קרולעווסקע גאַס. ער האָט דאָס אָבער נישט געטאָן. עפּעס האָט ער מורא געהאַט זײַן אַוועקגײן זאָל נישט פאַרקומען זײער נאַריש. ער האָט, הייסט עס, נישט קײן שכל צו פאַרנעמען אַ וויץ?

כּדי זיך אויסצודרייען פון דער ציגענער לאַגע, האָט ער אַ געצוואונגענעם שמייכל געטאָן צום חלוץ:

— און ווי געפעלט אײַך „מײַן ווײַב”?

ער האָט איר, הייסט עס, צוריקגעדינט מיט דעם זעלבן קאָמפּ־לימענט.

פאַר יצחקן, סאַראַס באַגלייטער, איז די פּלוצימדיקע באַגעגעניש מיט סאַראַס „מאַן", דעם אויסגעפּוצטן פראַנט, וואָס האַלט זיך אַזוי שטייף, געווען זייער אַמוזירנד. עס האָט אים געפאַלן סאַראַס אויס־לאַכן אים, דעם „מאַן", איר חוזק טאָן, ספּעציעל דאָס שטופּן אים די טרויבן אין מויל אַריין דווקא ווייל ער דרייט אַוועק דעם קאָפּ. סאַראַס האַלטונג צו אים אַליין, די לעצטע עטלעכע טעג, האָט יצחקן בכלל צעטומלט! אַנשטאָט אים כסדר אַוועקשטופּן רירט זי זיך נישט אָן אים אַ טריט. און איצט, ווען ער זעט נאָך ווי זי איז אַזוי מבטל דעם פראַנט, איז ער זיכער אַז סאַראַס באַציאונג האָט זיך צו אים גאָר געביטן.

סאַראַ, נאָך אַלץ אַ לאַכעדיקע פון פעליקסעס אַוועקדרייען דעם קאָפּ, האָט גענומען גיין. יצחק, — נאָך. האָט שוין פעליקס קיין ברירה נישט געהאַט ווי אויך מיטגיין.

אין דרייען האָט מען אָבער נישט געקאָנט גיין צוליב דעם שטופּעניש אויף דעם שמאָלן פלאַטפאָרם, איז ער, פעליקס, עפּעס כסדר אויסגעקומען פון הינטן, און דווקא לעבן דעם חלוץ, ווי ער וואָלט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך דעם דאָרן באַקסער! ער האָט אַוודאי געוואָלט זיי לאָזן אַוועקגיין, ווי צוויי אויסגעשפּאַנטע פערד פון אַ וועגעלע אַרויס און אַליין זיך אַריינכאַפּן צוריק אין וואַגאָן, אָבער ווי גייט מען דאָס אַוועק אָן אַ וואָרט? און ווען יאָ שוין עפּעס זאָגן, וואָס זאָל ער זאָגן? אַ גוטן טאָג? ער פאָרט דאָך מיט זיי אין איין באַן!

סאַראַ, גייענדיק פאָראויס, האָט גאָרנישט געטראַכט פון פעליקסעס זאָרג. זי איז געווען פריילעך און לאַכעדיק. ער לאָזט זיך נישט וואָרפן קיין טרויבן אין מויל אַריין, זאָל ער זיך נאָכשלעפּן אַזוי! אַגב, צו וואָס האָט זי יצחקן, אויב נישט צו פאַראינטריגירן דעם שטאָלצן פעליקס כענטניק?

אָט אַזוי וואָרפנדיק יצחקן איין טרויב נאָך דער אַנדערער אין מויל אַריין האָט זי דערווייל אויף כענטניקן, אפילו נישט אומקוקנדיק זיך, אַ וויַיז געטאָן מיט איר פאַרזיסט הענטל:

— איר האָט שוין געזען אַזאַ „מאַן", יצחק? אַ גאַנצע נאַכט פאָרט ער מיטן „ווייב" אין איין באַן און ווייסט אפילו נישט וואו זי געפינט זיך!

## קאַפּיטל זיבן

דאָס האָט בלויז ער, פעליקס כענטניק, געמיינט אַז סאַרא ווייסט נישט וואו ער געפינט זיך. אין דער אמתן האָט סאַרא נאָך געכטן, אין וואַרשע, אין סאַמע געדרענג אויף דער פּלאַטפאָרמע, אויסגעזוכט דאָס פענצטערל אין וועלכן ער איז געזעסן און זיך געמאַכט אַ גוטן סימן וועלכער וואגאָן דאָס איז. זי האָט אויך, גאַנץ בכיוון, זיך איינגעפּלאַכטן אין חלוצים־קראַנץ טאַנצן אַ האָרא לעבן זיין פענצטער. און ווען זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אין טאַנץ־עקסטאַז האָט זי אים גוט געזען, ווי ער בייגט זיך אַרויס און זוכט זי אַרום. ערשט ווען ער איז פאַר־לוירנגעגאַנגען פון באַלויכטענעם פענצטער, ווען זי האָט פאַרשטאַנען אַז אָט־אָט קומט ער אַראָפּ אונטן, איז זי פאַרלוירנגעוואָרן פון מיטן טאַנץ אין רעכטן געדרענג אַריין.

ערשט אין מיטן דער נאַכט, ווען די קבוצות זיינען געווען פאַרנומען אין זינגען, אין לוסטיקע שפּילערייען, ווען קיינער פון איר חברה, אפילו נישט די חלוצות, האָבן זי געקאָנט אין עפּעס פאַרדעכטיקן, האָט זי זיך אויפגעהויבן פון מיטן קרענצל אַרויס און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די ענגע, פאַרלייגטע וואַגאָנעס. זי איז כלומרשט געגאַנגען צוליב נייגער. סאַרא גלאַס, הייסט עס, וויל זען ווער עס פאָרט אַלץ קיין ארץ ישראל. אויך שפּעטער, אַז זי האָט זיך ווידער געטאָן אַ שטעל אויף און אַרויס פון איר געפּאַקטער קופּע, איז עס געווען בלויז... „אויסצוגלייכן די אנדרימלטע פיס". אין דער אמתן זיינען אירע אָפּטע מאַרשן איבער די וואַגאָנען, וואו מענטשן זיינען געזעסן אויף זייערע פּעק אַזוי צוזאַ־מענגעדריקט אַז זיי האָבן זייערע פיס נישט געפונען, געווען צוליב דעם אומרו! אָן אומרו, וואָס האָט זי נאָר געטריבן זען: „וואָס טוט דאָרט דער מאַן אירער"? אָט דער שטאַלצער בחור, וואָס האָט געהאַט דעם כח זי צו לאָזן שטיין אויף דער גאַס און אַוועק אפילו זיך נישט אומ־צוקוקן!

וואָרעם סאַרא גלאַס איז נישט פון די מיידלעך, וואָס שלינגען אַראָפּ אַזאַ באַליידיקונג! בפרט ווען דער יונג האָט דאָרטן עפּעס אויפגעע־ראָיעט אין איר האַרץ. סאַרא גלאַס איז אַ פרוי און זייער אַ יונגע פרוי דערצו. עס איז שווער פאַר אַ פרוי צוצוגיין צו דעם מאַן, וואָס האָט זי פאַראינטריגירט, מיט אַ גלייכן, דירעקטן וועג, נישט ווייל זי — די פרוי — וויל דאָס נישט, נאָר ווייל דער מאַן קאָן אַזאַ דירעקטן, קלאָרן וועג נישט פאַרנעמען. דעריבער מוז זי, די פרוי, גיין מיט אומוועגן. און סאַרא גלאַס האָט זיי געגנוג, די אומוועגן!...

ערשטנס מוז זי פֿאַרדעקן יעדן חשד ביי די חברה פֿון איר קבוצה, וואָס האַלטן בכלל צווידייטיקע אייגלעך אויף איר. ווען אירע מאַרשן איבער די וואַגאָנען זאָלן נאָך ווערן אויפֿפּאַלנד, וואָלט איר גאָר אוממעגלעך געווען זיך צו האַלטן מיט זיי צוזאַמען. צווייטנס מוז זי געדענקען אַן פֿעליקס כענטניק, טאָמער זעט ער זי דורכשפּאַנען, זאָל ער נישט מיינען אַז דאָס לויפֿט זי אים זוכן!

דעריבער טאַקע האָט זי דאָס נעכטן, גלייך ווי זי איז אַריין אין וואַגאָן און דערפֿילט אַז זי געפֿינט זיך מיט „אים", דעם „מאַן אירן", אונטער איין דאַך, גלייך אָנגעהויבן דערנענטערן צו זיך דעם יצחקן, אַט דעם הויכן הייזעריקלעכן בחור, וועמען זי האָט ביז איצט געהאַלטן פֿון זיך אַזוי דערווייטערט, וואָס מער צודרינגלעך ער איז צו איר געוואָרן. איר ווייבלעכער אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז איצט קאָן ער איר צוניץ קומען, דער האַלב נאַרעשלעכער, גוטער יצחקי. דורך אים און מיט אים וועט זי קאָנען שלאָגן דעם שטאָלצן כענטניק, דער בחור מיט דער קאַפּריזנער לאָק איבערן שטערן.

יצחקן איז נעבעך גאַרנישט איינגעפֿאַלן אַז סאַראַס פּלוצימדיקע צוגעלאָזנקייט איז ווייל זי דאַרף אים פֿאַר אַ... בייטש! דער גליק־לעכער יצחק! עס איז געגנוג געווען סאַראַ זאָל אים, אין מיטן פֿריי־לעכסטן שפּיל, אין מיטן לעבעדיקסטן געזאַנג, טון אַ רוף: — קומט יצחקי, מיר וועלן זיך דורכגיין איבער די וואַגאָנען — ער זאָל לאָזן אַלץ און אַלעמען און שוין שטיין ביי איר זייט!

אויך היינט, גלייך ווי דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער רומענישער זייט, איז זי אַראָפּ מיט יצחקן אויף דער פּלאַטפֿאָרם און געכאַפּט כלומרשט אומשולדיק אַ קוק אין פֿעליקסעס פֿענצטערל. און דאָס שפּעטערדיקע וואַרפֿן יצחקן טרויבן אין מויל אַריין, איז אויך געווען אים צוליב, פֿעליקסן, עס זאָל אים דאָרטן אפֿשר אַ דריי טאָן ערגעץ און אַרויסטרייבן אים פֿון זיין אָפּשגעשלאָסן ווינקעלע. אויך דאָס באַגעגענען אים, באַלד ביים אָנטקעגנקומען, מיט אַ שטענגעלע טרויבן צו דער נאָז, איז אויך געווען אַ ווייבעריש כיטרע גענגעלע אירס, אַ גענגעלע דעם שיינעם, שטאָלצן יונג אַראָפּצוקלאַפּן פֿון זיין הויכן געשטעל.

וואָרעם נאָך אין וואַרשע, גלייך ווי ער איז אַזוי שטאָלץ פֿון איר אַוועק, האָט סאַראַ דערפֿילט אַז אָט דער בחור, מיט דעם כח זיינעם, האָט זיך אַריינגעריסן אין איר צעטומלט לעבן מיט אַזאַ קראַפֿט אַז גאָרנישט וועט שוין דאָ אימשטאַנד זיין אים צוריק אַרויסצורייסן!

אַן אַנדער מיידל וואָלט מסתמא פון אַזאַ ברי זיך גלייך אָפּגע־טראָגן אַ געפּלעפּטע, אַן אָפּגעזעגנגטע, אַ דערנידריקטע! סאַרא אָבער שטאַמט פון די גלאַסעס! זי האָט דווקא ליב צו גיין דער געפּאַר אַנטקעגן. זי האָט גראָד ליב צו קריגן אירס דווקא נאָך אַ קאַמף. פּייגע־לעך, וואָס פליען אַליין אין בוזעם, האָט זי פיינט! דעריבער, אנשטאָט זיך אָפּצוטראָגן, האָט זי גאָר אַנגעהויבן אַרבעטן מיט אַלע אירע חושים, מיט אַלע ווייבערשע גענגעלעך, ווי אַזוי דעם בחור צו זיך צו־צוביגדן. פון דאַן אָן איז דאָס יעדער טריט אירער געוואָרן אַ פּאַראויסגעפּלאַנטער, אַן אויסגערעכנטער. און דעריבער טאַקע, ווען ער איז פריער אַריין צוריק צו זיך אין וואַגאָן אַן אַנגעדראָדלטער, אַ בייזער, וואָס זי האָט אים אַזוי באַליידיקט אין דער אַנוועזנהייט פון עפּעס אַ חלוץ, האָט זי, סאַרא, דאָס „ווייב" זיינס, אפילו אַ בליק אים נישט געשאָנקען! זי איז זיך ווייטער געגאַנגען מיט יצחקן אַ פריילעכע, אַ לאַכעדיקע, גלייך יענער, אין פענצטערל דאָרטן, וואָלט זי לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען!

און דאָך האָט סאַרא, מיט אַלע אירע ווייבערישע חושים, זיך נישט געכאַפּט אַז אויך פעליקס מאַכט דאָ ערגעץ אַן אָנשטעל. אָט גייט ער צוריק אין זיין וואַגאָן אַריין. זי האָט אים באַליידיקט מיט איר שטופּן אים אַ שטענגל טרויבן צו דער נאָז. אָבער עס זאָל אים אפילו אָנהויבן אַרן איר גיין מיט דעם חלוץ!

אין זיין גאַנצן שטאָלץ איז ער געשטאַנען אין פענצטער און מיט היבש ביטול געקוקט אַראָפּ, ווי זי גייט דאָרטן מיט דעם הויכן דראָנג אויף דער פּלאַטפאָרם. קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן אַז ער קאָן די סאַרא, אַז ער האָט מיט איר עפּעס אַ שייכות!

דער צוג האָט ווידער געריִרט. פאַרשפּעטיקטע, פאַרשמייעטע חלוצים, מיט פלעשלעך וואַסער אין די הענט, האָבן זיך געכאַפּט אויף די טרעפּלעך, זיך נאָכגעהאַנגען ביז זיי זיינען צוריק אַריין אין די וואַגאָנען. אין די קופּעיען איז ווידער געוואָרן ענג. געפּונענע פּיס האָבן זיך ווידער פאַרלוירן אין קופּעס, צווישן וואַליזעס, אונטער געזעסן. חלוצים האָבן אופסניי אויפגעשאָלט זייער „מי יבנה הגליל?" דאָס מאָל איז דאָס געזאַנג געפאַלן אויף רומענישע, צעליכטיקטע פעלדער, וואָס האָבן זיך גענומען דרייען אין אַ ווירבל פאַר די פענצטער פון לויפּנ־דיקן צוג.

פעליקס, אַ בייזער, האָט זיך ווידער באַזעצט אין זיין ווינקעלע. איצט, אַז די סאַרא האָט שוין נישט געשפּאַצירט פאַרן פענצטער, האָט ער מער נישט באַדאַרפט שטיין אַן אָנגעשטייפטער מיט דעם

אַרויפגעצויגענעם שטאָלץ. דערצו איז ער געווען מיד. די פיס זיינען אים געווען פאַרשטייפט. צוליבן אָנטרעפן „זי" אויף דעם פּלאַטפאָרם איז ער זיך אפילו רעכט נישט איבערגעגאַנגען. פון וואַלגערן זיך די גאַנצע לעצטע נאַכט ברעכט אים יעדער גליד. און ער וועט נאָך אַזוי דאַרפן איבערזיצן דאָ נאָך אַ נאַכט, ביז, ענדלעך, מ'וועט גרייכן דעם שוואַרצן ים. דערווייל זיצט ער און באַמיט זיך צו קוקן אַרויס. דאָ, אין קופּעי, די שכנים, קאָן ער נישט פאַרטראָגן. עס איז אַן אָנגעלאָף און שמוציק. די מענטשן האָבן זיך נאָך נישט אויסגעלערנט זיך צו האַלטן ריין. מען עסט און מען וואַרפט לעבן זיך דעם אָפּפאַל. מען שרייט הויך און מען קריגט זיך. ער קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן. אויך דאָס ווייבל אַנטקעגן אים קאָן ער נישט פאַרטראָגן. נאָר זי האַלט אין איין שאָפן מיטן מאַן. גלייך ער וואָלט געווען אירס אַ שיק יינגל, נישט אַ חבר אין לעבן. און דאָס קינד, דווקא אַ ליכטיקס, אַ גוטס, וואָס האַלט אין איין גאַגערן, שמייכלען און אפילו אים, פעליקסן, האָט עס שוין פאַרטשעפּעט, דאָס קינד האַלט זי נישט ריין. ער וואָלט זיכער זיך אַ שפּיל געטאָן מיט דעם קינד, איז גיי נעם עס, ווען עס איז אַזוי אַ!... איז שוין בעסער קוקן צום שווינדלענדיקן געדריי פון די זון באַגאָסענע פעלדער. אָט יאָגט אַן אַ פעלד מיט לאַנגע, טונקל גרינע אַרבוזן. גרויסע, שווערע, ליגן זיי אויף דער ערד צווישן געלע, וויאַנענדע בלעטער. באַלד יאָגט אַן אַן אַנדער פעלד מיט רונדע, געלע באַניעס. און אָט קומט אַנטקעגן אַ פעלד וואו עס גליען רויטע פּינטעלעך פון גרין אַרויס. ווי רויטער צעשאָטענער מאָן, ווי פלאַמיקע פונקען, גליען זיי, די רויטע טאָמאַטן פון אונטער די גרינע הענגלען. אויך הייזלעך, נידריקע, ליימענע, מיט שוואַרצע, קאַלטענעוואַטע ציגן אַרום זיי, שוועבן פאַרביי. לעבן אַ טיר פון אַזאַ הייזל שטייט אַ פויערטע מיט אַ גרויסן ערדענעם קרוג און גאַפּיעט אויף דעם לויפנדן צוג. אויף אַ וועגל, אויסגעשניטן אין מיטן פעלד, ווי צוויי ברוינע שינעס, שלעפּט זיך אַ פויער אויף אַ צוויי רעדערדיק וועגעלע געשפּאַנט צו צוויי גע־דולדיקע פוילע אָקסן. עס זשומעט נאָך דאָ דער שפּעטער, רומענישער זומער!

אַלץ איז אַזוי ניי פאַר פעליקסן און עס וואָלט באַדאַרפט זיין פריידיק פאַר אים. ער וואָלט באַדאַרפט זיין אָנגעשטעקט מיט דער פרייד, וואָס שאַלט פון די זינגענדיקע חלוצים צום ליכטיקן דרויסן און פון דעם דרימלענדיקן, שפּעט־זומערדיקן דרויסן אַריין אין צוג. צום סוף איז ער אָבער בייז און עפּעס נאָגט אים! אָבער וואָס נאָגט אים? איז עס די סומנע בענקשאַפט, וואָס האָט אים נעכטן אַרומגע־

כאַפּט, גלייך ווי דער צוג האָט זיך גענומען רירן מיט אים אַוועק אויף אייביק פון זיין כמורנער אָבער דאָך ליבער היים, פון די וועלדער, אַרום וועלכע ער האָט זיינע ליכטיקע קינדער און יוגנט יאָרן פאַר־בראַכט ?

ער טוט אפילו אַ קלער, פעליקס, אַז די בייזקייט האָט יאָ עפּעס אַ שייכות מיט דער סאַראַ. נאָר ער באַמיט זיך צו פאַרגעסן סיי די בייזקייט און סיי די סאַראַ. וואָרעם בכלל, וואָס געהער זי אים אָן ? אָט, גלייך ווי ער טוט אַ באַטרעט דעם באָדן פון ארץ ישראל פאַרשווינדט זי אין גאַנצן פון זיין גדעכעניש !

אָבער מערקווירדיק ! וואָס מער ער באַמיט זיך זי צו פאַרגעסן, וואָס מער ער שטרענגט זיך אָן זי אַוועקצושטופּן פון זיין גדאַנק, אַלץ מער צודרינגלעכער קומט זי צוריק און שטעלט זיך אים ווידער אַזוי נאָענט פאַר די אויגן. אָט שטייט זי ווידער פאַר אים אין איר שוואַרץ און רויט געבלימלט קליידל מיט די שטייפע בריסט פאַראויס. ס׳גע־שפּאָלטענע גאָמבעלע ליגט איר אַזוי טראַציק אויף דעם חנעווודיקן קנופּ פון איר רויט שאַלכל. אירע בלאָנדע האָר פלאַטערן פאַר אים ווי פייער־פלאַמען. זי שטייט ווי זי וואָלט זיך אַזוי גוטמוטיק, אַזוי קאָקעטיש גערייצט מיט אים...

— נו יאָ, אָבער פאַרוואָס באַהאַנדלט זי אים אַזוי פון אויבן אַראָפּ ? זי מיינט אַוודאי ער וועט זיך נאָך איר נאָכשלעפּן ווי יענער חלוץ ? זי קאָן נישט פעליקסן ! ער וועט זי אפילו נישט דערמאַנען אַז זי דאַרף זיין לעבן אים ביים אַרויפגיין אויף דער שיף. פאַר זיינעטוועגן קאָן זי זיך זיין וואו זי וויל און מיט וועמען זי וויל !...

די באַן איז אַלץ געלאָפן אָן אַן אָפּשטעל. אויך רומעניען דאַרף זי דורכשניידן אָן אַ סטאַנציע. עס איז אַ פאַרמאַכטער צוג, וואָס גייט פון אַ פּונקט, צו אַ פּונקט. אויפן וועג דאַרף קיינער נישט אַרויסשטייגן און נישט איינזיצן. לויפט ער, דער צוג, און לויפט ! דאָס מאָנאָטאָנע, ריטמישע געקלאַפּ פון די רעדער מאַכט מיד, און וויגט איין. עס ווערט אויך שטילער דאָס געזאַנג. די נאַכט איז אויך צוגעפאַלן. פעליקס כענטניק האָט איינגעדרימלט אין זיין ווינקעלע. די שעהן זיינען געגאַנגען פאַר אים אומבאַוואוסטע. ער האָט אפילו נישט גע־וואוסט אַז סאַראַ גלאַס איז עטלעכע מאָל צוגעקומען צו דער אויפגע־רוקטער קופּעי־טיר, געשטאַנען אַ ווײַלע מיט יצחקן, געקוקט דורך דער בלויער טונקלקייט צו זיין ווינקעלע, ווי ער זיצט דאָרטן, אָן איינ־געקנאָדערטער, די נאָז אויפן וועסטל קנעפּל און אָטעמט שווער.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, פעליקס כענטניק, איז געווען פאַרטאָג. דער דרויסן האָט העל געבלויט. אַ פריש, קיל ווינטל האָט זיך געשפּילט מיט זיין לאָק. פון ווייטנס האָט דער שוואַרצער ים, ווי אַ ריזיקער שפּיגל, בלאַסלעך, פרימאַרגנדיק אַנטקעגנגעגלאַנצט. ער האָט צעעפנט אַ פּאָר אויגן.

די שכנים אין זיין קופּעי האָבן זיך שוין געראַיעט אַרום זייערע פּעק. עס איז שוין אַנגעשטאַנען די אומרו פון ערב פאַרלאָזן דעם צוג. אויך אין אים איז אַנגעשטאַנען אַן אומרו. דער פינקטליכער מענטש אין אים, האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער אומבאַשטימטער לאַגע, אין וועלכער „דאָס ווייב זיינס", אַט דאָס קאַפּריזנע מיידל, שטעלט אים דאָ אַוועק. עס וועט זיין פּאַסקודנע טאָמער האַלט זי זיך טאַקע באַזונדער און מען טוט אים אַ פרעג: „וואו איז דיין ווייב?"...

פעליקס האָט אפילו אַ טראַכט געטאָן צו פאַרבייגן זיין כבוד, אַריינגיין אין איר וואַגאָן און זי „אַריינעמען" צו זיך. ער איז אָבער נישט געגאַנגען. ער וועט זיך נישט שטעלן אין אַזאַ לעכערלעכער פּאָזע! ער קומט גאָר אָפּנעמען זיין „ווייב"!... ניין! ער האָט זיך בלויז געקליגלט און געקערעוועט אַזוי, אַז ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים האַפן און די פאַרער האָבן זיך געטאָן אַ שאָט אַרויס מיט די געפּעק פון די וואַגאָנען, זאָל ער, גאַנץ אומבאַמערקט אפילו פאַר איר אַליין, אויסקומען מיט זיינע וואַליזקעס לעבן איר, דער סאַראַ גלאַס, וואָס איז איצט זיין ווייב, און הייסט סאַראַ כענטניק...

## קאַפּיטל אַכט

אין רומענישן האַפן איז אַנגעשטאַנען אַ גוואַלטיקער טומל. דער לאַנגער צוג מיט די הונדערטער עמיגראַנטן האָט פּייפנדיק, סאָפּנדיק זיך געשלענגלט דורך שמאָלע געסלעך, צווישן בלינדע פאַרקאַנעס, פאַרוואַרלאָזטע קעץ און קינדער, ביז ער האָט זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט האַרט ביים ברעג, וואו די ווייס־בכבודיקע שיף איז געשטאַנען פאַר־אַנקערט.

נאָך איידער דער צוג איז צוגעפאָרן האָט זיך עס דאָ אַ ביסל אָפּ־געטאָן! די שיף האָט געהודזשעט פון די גרויסע קוימענס און פון קליינעם פייפער. זי איז געווען אומגעדולדיק, די שיף! זי וואַרט שוין אויף דעם אַנגעקומענעם יחסן היבש לאַנג! זי האָט גענומען וואַרטשען מיט אירע קאַלבעס. אירע שווערע קאַנאַטן האָבן זיך געוויקלט

אַראָפּ און אַרויף, ווי שווערע שלענג. אַרום איר, אויפן וואַסער, האָבן אַרומגעשוועבט קלײנע שיפלעך, ווי פליגן אַרום אַן אומגעדולדיקן, ווײסן אָגער.

מיטן אָנקומען פון צוג איז דער יאַריד נאָך מער געשטיגן! פון די וואַגאָנעס האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן מיט ײדן און פּעק. אַ שטופּעניש, אַ לויפעניש, אַ געשרײ! ביז, ענדלעך, אַלע זײנען געבליבן שטײן צווישן שיף און באַן, צונויפגעשטופּט אין אײן גרויסן געזעמל.

אָט, אין דעם געדרודער, אין דעם הו־האַ, האָט זיך פעליקס כּעניטניק נעבעך געמוזט האַלטן לעבן דער סאַראַ גלאָס ביז שפּעט אין האַלבן טאָג, ווען ער האָט שוין קוים געקאָנט איבערקומען דאָס טישל מיט באַאַמטע און באַטרעטן די שמאָלע טרעפּ, וואָס פירן אַרויף צו דער דעק פון שיף.

אַרויפגעקומען איז ער אַ צעטומלטער פון די אַלע איבערלעב־נישן. זינט ער לעבט האָט ער נאָך אַזאַ ריזיקע שיף נישט געזען, אפילו נישט אין חלום. אין דער לאַנגער רײע, הינטער סאַראַ, האָט ער זיך געלאָזט וואַרפן, ווי אַ פּיולקע, פון אײן מאַטראַז צום אַנדערן, טרעפּ אַראָפּ און טרעפּ אַרויף און ווידער טרעפּ אַראָפּ. נישט ווילנדיק האָט ער דערווײל זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איר ביז איר קאַיוטע. ער האָט אפילו נישט אַ בליק אַרײן געטאָן נאָר גלײך אוועק אין אַ ווײטערדיק קאָרי־דאָרל צו זײן קאַיוטע אין דער מענער אָפּטײלונג.

אַ באַפרײטער פון אַ שווערער לאַסט איז ער אַלײן צוריק אַרויף אויף דער דעק און זיך געשטעלט רואיק בײם שיפצוים אַראָפּקוקן אונטן, וואו עס ראַיעט נאָך אַלץ מיט מענטשן און געפּעק. וואָס ווײניקער עס ווערן מענטשן אונטן, אַלץ גרעסער זעט זיך אָן דער ריזיקער הויפן צונויפגעוואָרפענע ײדישע בעבעכעס. איצט, אַראָפּקוקנדיק רואיק, זעט ער ערשט ווי נאַריש עס זעען אויס די ײדן, וואָס האָבן מורא אַרויסצוגעבן זײערע פּעק פון די הענט. ווי זײ ווילן נעבעך, באַגאָסענע פון שווײס, אַלײן אַלץ אַרויפשלעפּן מיט זיך אין שיף אַרײן. זײ ווײסן נעבעך נישט, די ײדן, אַז אַ מעכטיקער היבער, ווי אַ מאָנסטער־לאַפּע, וועט זיך באַלד טאָן אַ נעם צו דעם באַרג זאַכן און וועט דאָס אַזוי לײכט אַרויפהײבן און אויסשיטן אויפן דעק פון שיף, ווי אַ קינד שיט אויס אַ הענטעלע זאַמד. זײ פאַרשטײען נעבעך נישט, די אויסגעהאָרעוועטע, אָרימע מענטשן, אַז זײ קאָנען זיך פאַרגינען צו גײן אַרויף אויף דער שיף מיט לײדיקע הענט און לײכטע פּיס.

אַ גאַנצן טאָג איז ער אַזוי אָפּגעשטאַנען, פעליקס. ער איז געווען פאַרכאַפּט פון דער גיכער ריטמישער אַרבעט, וואָס איז אָנגעגאַנגען

ביים אָנלאָדן די שיף. פון איין זייט שלינגט זי, די שיף, דעם עולם, וואָס ציט זיך אין אַ לאַנגער רייע איבער די שטיגן און פון דער אַנדער זייט דרייען זיך די קאָלבעס, די קאַנאַטן וויקלען זיך און דער קלאַץ, די מעכטיקע האַנט, שלעפּט אַרויף די פּעק און טוט זיי אַ צעשיט לעבן זיינע פיס.

אַלץ איז געגאַנגען אַזוי געשווינד, אַז פאַרנאַכט, ווען די לאַמפּן האָבן זיך אָנגעצונדן לענג אויס דעם ברעג, איז שוין דער האַפן געווען ליידיק, אַזוי ליידיק אַז אומעט האָט אַרומגעכאַפּט. אויסער אַ פּאָר געבליבענע מידע האַפן־אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געווישט מיט די פּאָלעס פון די רעקלעך דעם שווייס, איז שוין דאָרטן קיינער נישט געווען. בלויז דער צוג איז נאָך געשטאַנען אַ פאַנאַנדערגעטשעפּעטער, מיט בלינדע, אויסגעלאָשענע פענצטער. ליידיק דאָרטן! צעטרעטענע שטיקער צייטונגען ווינטלען זיך דאָרטן אויף די טרעפּ און פליען אַראָפּ איבער דעם ליידיקן, צעמענטענעם באָדן. דאָס גאַנצע לעבן, דעם גאַנצן טומל, האָט די שיף אַריינגעזויגן אין זיך, אינווייניק, אין די שמאָלע קאָרידאָרן און אויך דאָ אויף דער דעק, וואו רעדלעך חלוצים טאַנצן שוין די ערשטע האָרא לכבוד דער שיף.

עס איז געוואָרן נאַכט. אַ פּייף! אַ קנויל רויך! נאָך אַ פּייף און דער האַפן רוקט זיך אָפּ, דערווייטערט זיך. אַלץ ווייטער און ווייטער שלייכט זיך דאָס שווימנדיקע שטיק לעבן אַוועק פון דעם טויטן, פאַרלאָזטן האַפן. די לאַמפּן אויפן ברעג ווערן קלענער, קלענער, אַזוי קליין אַז עס דאַכט זיך שוין אַ שנור פייערדיקע קארעלן צאַנקען דאָרטן, צאַנקען ביז זיי פאַרשווינדן אין דער נאַכטיקער ים פינצטערניש.

פעליקס איז נאָך געשטאַנען לאַנג ביים צוים מיט די אויגן אַהין, וואו עס איז נאָרוואָס אין חושך פאַרשלונגען געוואָרן אַ שטאָט, אַ באַן, אַ וועלטטייל, אין וועלכן ער האָט אַ גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט. אַ שווערער אומעט האָט אים אַרומגענומען. דער ים אַרום יאָגט מיט אימה. פינצטער! נישט אונטן אין ים, נישט אויבן אין הימל, נישט אַרום אין די האָריזאָנטן, זעט זיך אַ פּונק, אַ שטערן, אַ גלי! אַ חושכדיקער מדבר לויערט! די באַלויכטענע דעק, די גאַנצע שיף, ער אַליין, אַלץ זעט אויס אַזוי קליין ,אַזוי נעבעכדיק, אַזוי פאַרלוירן!

ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן דעק, פעליקס. פאַר דער צייט, וואָס ער איז געווען אַזוי פאַרטראַכט קוקנדיק אויף דער האָוועניש אויפן ברעג, האָט דער עולם דערווייל זיך דאָ געראַיעט אין דעם אַרויפגעשלעפּטן באַרג זאַכן. ווי מוראשקעס האָבן זיי געשלעפּט דעם באַגאַזש אין די אָפענע טירן אַריין. איצט איז אויך די דעק וויסט און לער.

סומנע ציען זיך אים די באַלויכטענע, שמאָלע ברעטלעך אונטער זײַנע פּיס. עס דאַכט זיך ווי אויך זיי, די שמאָלע, לאַנגע דעקברעטלעך, ווילן אַנטלויפן פון דער סומנעקייט.

ער איז אַרײַן אין אַ באַלויכטענער טיר. שוין אויף די טרעפּ האָט ער געזען אַז בעת ער איז געשטאַנען אויפן דעק, אין קילן נאַכט ווינט, האָט דער ים דערווייל אָפּגעטאָן מיאוסע מעשים אינוויייניק, אין שיף... וואו נאָר זײַן בליק פאַלט ליגן צעקרומטע פּנימער מיט פאַר־גלייזטע אויגן. אַרום זיי — פו! בעסער נישט קוקן!

פעליקס האָט אויפגעשווידערט! אַ געדאַנק האָט אים אַ בליץ געטאָן:

— פעליקס, מיט דיר טאָר דאָס נישט געשען!

מיט אימפּעט האָט ער גענומען גיך שפּרייזן איבער די אַוועקגע־פאַלענע. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער קומען אין זײַן קאַיוטע נאָך עפּעס אַ וואַרעם בגד און גלייך צוריק אַרויס אויפן דעק! אין דער פרישער לופט וועט מיט אים אַזעלכעס נישט פּאַסירן, קיינמאָל נישט!

פאַרזיכטיק, דאָך גיך, האָט ער געשטעלט זײַן טראָט. ער האָט גע־שפּרייזט איבער פיס און איבער צעוואָרפענע הענט, איבער זיצנדיקע קערפּער, אָנגעשפּאַרטע ביי די ווענט און אויסגעצויגענע, אין מיטן קאָרידאָר. טייל האָבן זיך געוואַקלט גייענדיק און זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן זײַן טריט.

אין קאָרידאָרל, שוין כמעט לעבן זײַן קאַיוטע, איז ער ראַפּטום געבליבן שטיין. אָנגעשפּאַרט אָן די שטיגן, מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט, איז געזעסן עפּעס אַ פיגור פון אַ מיידל. קיין פּנים האָט ער נישט געקאָנט זען. בלויז לויט די אַקסלען און לויט דעם בינט צעשויבערטע, בלאָנדע האָר, האָט ער גלייך דערקענט ווער דאָס איז!

ער האָט זיך גאָרנישט געריכט אַז דאָס געפינען די סאַראַ אין אַזאַ פּאָזע זאָל אים טאָן אַזאַ ריס ביים האַרץ. אַזוי פיל מענטשן דורכגע־היפּערט, קראַנקע, צוקרומטע, מיט חושכדיקע פּנימער און, גאָרנישט! דאָ, פּלוצים, נאָדיר! ווער איז דען די סאַראַ צו אים? נישט אַזאַ פרעמדער מענטש פונקט ווי אַלע? דאָך איז ער געבליבן שטיין לעבן איר און קאָן נישט ווייטער אַ טראָט טאָן. ער קאָן נישט פאַרבייגיין און זי לאָזן זיצן. ער מוז עפּעס טאָן! אָבער וואָס זאָל ער טאָן?

ער האָט זיך אָנגעבויגן, פעליקס, איר אונטערגעהויבן דעם קאָפּ:

— פאַננאַ גלאָס!

זי האָט אויף אים אַ האַלב פאַרגלייזטן קוק געטאָן און צוריק פאַרמאַכט די דינע אויגן שפּעלטעלעך.

וואָסזשע טוט ער איצט? אפשר זי אַרויסטראָגן אויפֿן דעק? ניין, ער וועט דאָס איצט נישט קאָנען! מיט אים אַליין דרייט זיך שוין דער קאָפּ. די קניען ווערן אים ווייך. איבער די שיפֿע שטיגן וועט ער זיכער פֿאַלן מיט איר. בעסער זי אַריינטראָגן אין איר קאַיוטע אויפֿן בעטל אַרויף. אויפֿן דעק שפּעטער!

ער האָט זיך נאָך אַמאָל אַראָפּגעבויגן. טשיפּקעם איז ער געבליבן לעבן איר. ער האָט פּאַוואָליע אויסגעקערעוועט איר קאָפּ און אים אָוועקגעלייגט צו זיך אויפֿן אַקסל. דערנאָך האָט ער אַרומגענומען מיט ביידע אָרעמס איר וויכע, מיידלשע טאַליע. מיט כח האָט ער זיך געטאָן אַ שטעל און אַ גלייך אויס. איצט האָט ער גענומען מיט איר גיין.

עס איז אים אָנגעקומען זייער שווער דאָס קערעווען זיך מיט סאַראַן אין די אָרעמס, צווישן די אָוועקגעפֿאַלענע מענטשן. ער האָט באַדאַרפֿט היטן און פּאָרזיכטיק שטעלן יעדן טראָט. ביי יעדן בויג פֿון שיף האָט ער באַדאַרפֿט בלייבן שטיין מיט צענומענע פֿיס, ער זאָל נישט מיט איר אַרויפֿפֿאַלן אויף וועמען, אָדער ער זאָל נישט אָנשלאָגן איר קאָפּ אָן אַ שטאָלענער וואַנט.

פּאָרזיכטיק האָט ער זיך געקערעוועט מיט איר איבער די שמאָלע קאָרידאָרן דורך די ענגע דורכגענג, פּאַוואָליע געשפּרייזט איבער די הויכע, שאַרפֿע שוועלן פֿון איין אָפּטיילונג אין דער אַנדערער, ביז ענדלעך, אָן אויסגעמאַטערטער, ער איז צוגעקומען צו איר קאַיוטע.

מיט גרויס מי, האָט ער זיך מיט איר אַריינגעשטעלט אין דעם אָפֿענעם שטובעלע, וואו אַ קליין לעמפּל האָט איינזאַם געברענט אין פּיצינקן סופּיטל. דאָס קאַרגע ביסל ליכט האָט קוים געקלעקט צו באַלייכטן די אויבערשטע צוויי בעטלעך אין ביידע זייטן ווענט. די אונטערשטע צוויי בעטלעך זיינען געווען אויסגעהיט פֿון יעדן טראָפּן ליכט. קוים מיט צרות האָט ער זי אַריינגעלייגט אין אַזאַ בעטל, וואו, אויסער די פֿיס אירע, האָט ער גאָרנישט געזען, סיידן ער זאָל זיך גוט געוווען איינבייגן און זוכן.

ערשט איצט איז פֿעליקס געבליבן שטיין מיט לידיקע, אַראָפּגעלאָזטע הענט נישט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן. אַ מאָדנע לאָגע: לויט דער הייך זיינער קאָן ער זען די צוויי ליידיקע באַלויכטענע, אויבערשטע בעטלעך, בעת זי, סאַראַ, איז גאָר אַריינגערוקט פֿון אונטן ווי אין אַ פֿינצטערע שופֿלאָד. כדי זי צו זען, הערן וואָס זי מאַכט, דאַרף ער כאָטש אַריינרוקן דאָרטן אַהין דעם קאָפּ, אָדער זיך צוזעצן אויף דעם אַנטקעגנדיקן בעטל. זאָל ער זיך צוזעצן?

די גאַנצע צייט וואָס פעליקס האָט זי געטראָגן אין זיינע פעסטע אָרעמס, אירע בריסט צוגעדריקט צו זיין האַרץ, ווען זיין שווערער אָטעם האָט איר געקילט דאָס פאַרחלשטע פּנים, די גאַנצע צייט האָט סאַרא גוט געוואוסט, וואָס מיט איר גייט דאָ אָן און — צו וואָס זאָל זי זיך נאַרן? זי האָט געהאַט אַ זיס געפיל! אַזאַ זיסער צוויק איז איר אַריבער איבערן גאַנצן לייב... פונדעסטוועגן, ווען זי וואָלט נאָר געוואָלט געהאַט כח, וואָלט זי געוואָלט געטאָן אַ שטעל אַראָפּ די פיס אין מיטן טראָגן זי און געלאָזט אים שטיין מיט ליידיקע הענט, פונקט ווי ער האָט זי געלאָזט אין וואַרשע.

אָבער דאָס איז געווען פריער! איצט, ליגנדיק אין דער פינצטער, אונטער דעם אויבערשטן בעטל, נאָך דעם זיסן געפיל, וואָס זי האָט צוליב פעליקסן איבערגעלעבט; איצט, ווען זי האָט אים אַזוי נאָענט לעבן זיך, פילט זי ווי אַלע אירע ווייבערישע אַנשטעלן ווערן צעריבען, ווי אַלע ווענטלעך, וואָס זי האָט אַזוי קונציק פאַר אים אויפגעשטעלט צו פאַרהוילן דעם אמת, פאַלן איין, אָט־אָט איז דאָ דאָס גרויסע געפאַר ער זאָל מיט איינמאָל זי דערזען נאַקעט, אין אירע פּשוטע פאַרלאַנגען און באַגערן. און דאַן? דאַן קאָן קומען אַ מיאוסער דורכפאַל! אָט דער פעליקס כּעַנטניק קאָן זי נאָך אין אַזאַ פאַרלוירענעם מאָמענט ווידער טאָן אַ לאָז איבער, דאָס מאָל, מיט ליידיקע, צו אים אויסגעשטרעקטע אָרעמס...

ניין! דאָס טאָר נישט געשען!

סאַרא האָט געעפנט די אויגן. זי האָט זיך אָפּגערוקט און זיך גלייכגעזעצט אויף דעם ברעג בעטל מיט די פיס אַראָפּ. זי האָט אַרויפגעקוקט צו פעליקסן דרייסט און מיט ווירדע. אָט איז ער, דער מענטש, וואָס ערשט מיט אַ פאָר טעג צוריק האָט זי גאָר קיין אנונג נישט געהאַט אַז ער עקזיסטירט גאָר, איצט שטייט ער אין מיטן פון איר לעבן ווי אַ מעכטיק הויכע וואַנט! נישט זי קאָן אים אַריבער, נישט זי קאָן אים אויסמיידן.

שטילערהייט, אָבער גאַנץ דעצידירט, האָט סאַרא געזאָגט:

— פאַניע כּעַנטניק, קאָן איך אייך בעטן צו פאַרלאָזן מיין קאַיוטע?

מאָדנע, אין דער זעלבער צייט, בעת דאָס מויל אירס איז געווען אַזוי דעצידירט, האָט איר גאַנצער גוף געציטערט. זי האָט געפילט ווי זי שרומפּט איין פון ווייטיק! און, כּדי ער זאָל נישט דערזען איר שוואַכקייט און אפשר נאָך אַ צוזאַמענברוך אויך, האָט זי גיך צוגעגעבן:

— און טאַקע שוין, די מינוט...

פעליקס איז געוואָרן צעטומלט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט זיך שאַרף איינגעגעסן מיט זיינע אויגן אין איר פּנים, אָבער סאַראַס געזיכט האָט זי נישט פאַרראַטן. ער האָט בלויז געקאָנט זען אַז די פריערדיקע פאַרחלשטקייט אירע איז אַוועק, אַז ס'פּנים אירס איז וואַך, לויטער, גלייך צען זונען וואָלטן זיך אונטער איר הויט אָנגעצונדן. אָבער פאַרוואָס אַזאַ באַפעל? וואָס האָט זי מורא געהאַט, ער וויל דאָ בלייבן ביי איר? ווי קאָן איר גאָר איינפאַלן אַזעלכעס? וואָס מיינט זי, ווייל זי איז אויף זיינע פּאַפּירן אַ ווייב, האָט ער שוין דעם קאָפּ פאַרלוירן?... און ווען אפילו ער האָט געמיינט זיך צוצוזעצן לעבן איר, אויפן בעטל, איז עס נאָך אַלץ אַ חוצפּה פון איר אַזוי אַרום אים צו הייסן גיין! איז דאָס דער דאַנק פאַרן ברענגען זי צו איר בעטל?

אין דער ערשטער מינוט, ווען עס האָט אים אַ ברען געטאָן איר באַפעל, האָט זיך כּענטניקן געדאַכט אַז ער האָט דאָ די אויבערהאַנט. אַז ער איז דאָ דער שטאַרקערער. וואָרעם איז ער דען נישט גערעכט? אָבער מיט יעדער סעקונדע לענגער זיך שטילשוויגנד אָנקוקן מיט איר, האָט ער אַלץ מער דערפילט אַז ער פאַרלירט דעם באָדן פון אונטער די פיס. עס ווערט אים ענג, ענג אין האַלדז און נאָך ענגער אַרום! נישט זיך אַ דריי צו טאָן! אפילו ס'פּנים ווייסט ער נישט וואו ער זאָל עס קערעווען. און ערגער איז נאָך, וואָס ער ווייסט נישט צי עס ווערט טאַקע קלוגער זיין צו טאָן אַ גיי אַרויס, פּשוט ווי אַן אַרויסגעוואָרפענער, אָדער עס וואָלט גאָר בעסער געווען ער זאָל זיך מאַכן דרייסט, ער זאָל זיך גאָר צעלאַכן, אויסלאַכן זיך און זי! אַזוי זי אויסלאַכן אַז זי זאָל זיך אַליין אָנהייבן שעמען און זי זאָל זיך מוזן פאַרענטפערן אַז זי האָט דאָס גאָרנישט געמיינט...

אָבער אין די סעקונדן, וואָס דער מח האָט ביי אים אַזוי פיבעריש געאַרבעט, האָבן דערווייל זיינע בלוטן געטאָן זייערס! גיך, גיך, האָבן זיי גענומען יאָגן אַרויף, אַרויף, מיט אַזאַ שטראָם, ביז פּלוצים, האָט ער דערפילט ווי זיין פּנים פלאַמט, אַן אָנגעצונדנס פון בושה.

איצט ווערט שוין גאָרנישט העלפן. אָן זיין ווילן האָט נאָך דאָס אויפגעפלאַמטע פּנים אַ פאַרלוירענעם שמייכל געטאָן, עפּעס האָט עס געוואָלט זאָגן. נאָר דאָס וואָלט שוין געווען גאָר נאַריש! אַ פאַר־שעמטער, אָן איין וואָרט, איז ער אַרויס פון דער קאַיוטע!

ווען ער האָט שוין געהאַט פאַרלאָזט איר קאָרידאָרל און זיך געהאַט אַריינגעדרייט אין צווייטן, האָט ער דאַכט זיך געהערט הינטער זיך

אַ פאַרשטיקט געלעכטער, און . . . דאַכט זיך, אויך אַ ספּאַזם־אויסברוך האָט ער פאַרנומען! נאָר סיי ווי האָט ער נישט געטראַכט דערפון. געטראַכט האָט ער יאָ, אַז:

— מער וועט ער דאָס מיידל נישט אָנקוקן!...

## קאַפּיטל ניין

די ערשטע נאַכט וואָס פעליקס כּענטניק איז געפאָרן אויפן ים, איז געווען פאַר אים גאָר, גאָר אַ פינצטערע. עס איז געווען פינצטער אין אים, פינצטער אַרום אים, ממש אַ חשכות פון אַלע זייטן.

שלאָפן גיין האָט ער מורא געהאַט. איין קוק, וואָס דער שוואַרצער ים האָט אונטן אָפּגעטאָן מיט די מערסטע מענטשן, אַלץ געזונטע, פרייליכע, איז שוין גענוג געווען ער זאָל אפילו מורא האָבן איין שעה צו פאַרבלייבן אין קאַיוטע. חוץ דעם, די באַליידיקונג, וואָס די סאַראַ גלאַס האָט אים נאַרוואָס אונטערגעטראָגן, האָט אים אויך היבש צערודערט! דעריבער איז ער שוין בעסער געבליבן אַ גאַנצע נאַכט, איינער אַליין אויף דער דעק.

צום ערשט האָט ער געשפּאַנט הין און צוריק, פעליקס, אָן אַ ציל. דערנאָך האָט אים די אומרו גענומען טרייבן אין אַ ראָד איבער דעם הינטערשטן האַלבן דעק. ער האָט געשפּאַנט איבער די שווערע קאַנאַטן וואָס זיינען נאָך געלעגן צעוואָרפענע אונטער די פיס. עס איז אויסגעקומען ווי ער וואָלט געגאַנגען ראַדאַרום דעם הויכן מאַסט, וואָס שטרעקט זיך דאָרטן ווי אַ שפּיז אין פינצטערן הימל אַריין, וואו אַ פּויליש פענדל מיטן ווייסן אָדלער פלאַטערט דאָרטן, פלאַטערט אַזוי סומנע אין דער ימיקער נאַכט.

שפּעטער איז אים דאָס שפּאַנען נמאס געוואָרן, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן איבער די דעקן, איבער די ליכטיק באַלויכטענע זאַלן, פאַרביי פיינע קאַבינעז, ביז ער איז אַרויף אויף דער סאַמער לעצטער דעק. דאָ האָט אָבער די סומנעקייט נאָך שאַרפער געיאָגט! די הענגנדיקע לערע רעטונג־שיפלעך, די שטאַרע קוימענס, די אומענדלעכע פינצטערניש, וואָס יאָגט פון ים און הימל, האָבן אים געטאָן אַ פּאַק ווי מיט צוואַנגען. ער איז צוריק אַראָפּ.

אויף דער אונטערשטער דעק, אין אַ ווינקעלע, איז געווען אָפן אַ טיר. אין דער אָפענער טיר זיינען געזעסן צוויי שיף־אַרבעטער אין ברודיקע פאַרטוכער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און געשיילט קאַרטאָפל

אין אַ גרויס, בלעכן פּאַס אַריין. פעליקס איז צוגעקומען. די צווי קאַרטאָפל־שיילער האָבן אים באַטראַכט. עפּעס האָבן זיי גערעדט צו אים, ווי זיי וואָלטן זיך געוואונדערט וואָס איין מענטש גייט יאָ נאָך אַרום. סיי ווי האָט ער נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי רעדן. ער האָט נאָר געזען ווי זיי לאַכן און נעמען זיך ווידער טאָן זייערס, גלייך ער וואָלט זיי מער נישט אָנגעגאַנגען.

פעליקס האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ קליין קיך בענקל. עפּעס איז דאָ געווען געמיטלעך און רואיק אין דעם ווינקעלע, גאַרנישט ווי אויף אַ שיף. די צווי מענטשן האָבן געשיילט די קאַרטאָפל אַזוי געשווינד און אין דער זעלבער צייט געשמועסט צווישן זיך געמיטלעך און שטיל. אויך די שפּעט־סעפּטעמבער נאַכט איז געווען אַ שטילע, אַ וואַרעמע, אָן אַ ווינטל. דער ים איז געלעגן רואיק, אָן אָטעם. די שיף האָט זיך געגליטשט אַזוי גלאַט, אָן איין בויג. ווען נישט דאָס עגבערן פון רודער וואָס האָט געדרייט די טיפע וואַסערן מיט אַ געוואַלטיקער קראַפט, וואָלט מען גאַרנישט געדענקט אַז מען געפינט זיך אין אָפּע־נעם ים.

ער איז דאָ געזעסן לאַנג, פעליקס. אין דער געמיטלעכקייט האָט ער געפונען רו. שעהן זיינען אַוועק. די צווי קאַרטאָפל־שיילער זיינען ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן, נאָר ער איז נאָך אַלץ געזעסן אַ פאַרטראַ־גענער, מיט אויגן ווייט אַוועק, אין אָפענעם ים אַריין. ערשט פאַרטאָג, ווען, פלוצים, האָבן זיך באַוויזן צווי מאַטראָזן אין הויכע גומע־שטיוול ביז איבער די קני, מיט אַ דיקער וואַסער־קישקע אין די הענט און גענומען שפּריצן און שייערן דעם נעכטיק אָנגעטראָגענעם שמוץ, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און גענומען קלעטערן טרעפּ אַרויף צו דער העכסטער דעק.

עס האָט גענומען טאָגן. אַ גרויער נעבל איז געהאָנגען אין דער לופט. ביסלעכווייז איז געוואָרן העלער און העלער. ווייט אַוועק ביים האָריזאָנט, דאָרט וואו ים און הימל באַרירן זיך, האָט אויפ־געלויכטן אַ דינער ליכט־פּאַס. ער האָט זיך געמיניעט, דער פּאַס, פון העל גרין אין ליכטיק בלוי, דערנאָך אין פיאָלעט, דערנאָך אין פּורפּור, אין רויט, באַלד האָט זיך די רויטקייט צעגאָסן אין אַ פלאַם, וואָס האָט אָנגעצונדן אַ האַלבן הימל!

פעליקס איז געווען מיד נאָך דער וואַכנאַכט. די פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַ ווייטערן טראָט. ער איז אַרויף אין דער הויך און זיך אַריינגעקראָגן אין אַ הענגנדיק רעטונגשיפל. ער האָט זיך אויס־געצויגן מיטן פּנים אַרויף צום הימל, וואָס איז געוואָרן ליכטיקער, העלער,

אַ יונג פּאַרטאַגיק ווינטל האָט זיך פאַרקליבן אין שיפל אַריין, זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיין פליענדן לאָק און אים געבומען דורכן. ער האָט זיך איינגעטוליעט, פעליקס. די אויגן האָבן זיך געבומען קלעפּן, קלעפּן ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. אַ בלענדענדע זון איז געשטאַנען אין מיטן הימל און אַזוי וואונדערלעך געוואַרעמט! ער איז אַרויס פון שיפל און זיך געלאָזט צוריק אַראָפּ צו זיין דעק. נאָר אויף די טרעפּ נאָך, ביים ערשטן טראָט, איז ער געבליבן שטיין פאַרבליפט. די גאַנצע אונטערשטע דעק איז געווען פאַרלייגט מיט אויפליג־שטולן און דער קראַנקער עולם אויף זיי, אַזוי רחבותדיק צעלייגט מיט די פּנימער צו דער זון.

ס׳ערשטע, וואָס פעליקס האָט אַ טראַכט געטאָן, ביים אַרומנעמען פון דער הויך אַראָפּ דאָס אומגעווענלעכע בילד, איז געווען: — „ליגט דאָ נישט אַמאָל סאַראַ גלאַס אויף אַזאַ שטול?" קיין באַזונדערן אינ־טערעס אין איר האָט ער טאַקע נישט, אָבער געזוכט מעג זי דאָך זיכער זיין.

דערזען האָט זי פעליקס ערשט שפּעט אין האַלבן טאָג. זי איז געזעסן אין דער אויסליג־שטול האַלב־ליגנדיק, אין אַ ליכטיק בלוי פלאַנעלענעם כאַלאַט, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ בלוי־זיידענע שנור, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער זייט אין אַ ווייכן שלייף מיט צווי פּוכקע, שווערע טראָלדן.

איר פּנים האָט געלויכטן ווי די זון אויבן. זי איז געווען רואיק, ווי דער בלויער ים אַרום. בלויז אירע בלאָנדע האָר האָבן אומרואיק געפלאַטערט אין לייכטן ווינטל. עס זאָל דאָס געווען זיין אין איר אַ סימן פון דער נעכטיקער חשכות!

סאַראַ — אים, האָט נישט געקאָנט זען! כאָטש זי איז געווען אַזוי רואיק, איז זי דאָך געווען געוואַלטיק פאַרנומען! אַרום איר, אויף די זייטלעך פון איר שטול, אויף דער פאַדלאָגע, ביי אירע פיס, אַרום און אַרום האָבן געהאָנגען בחורים, ווי בינען אַרום אַ בלום. און סאַראַ איז טאַקע געזעסן מיט אַ חשיבות פון אַ בלום. דאָס שמייכעלע אירס, איבער דעם זוניקן פּנים, האָט געאָטעמט מיט ליבער מידקייט, מיט אנגענעמער רו און אויך מיט עפּעס אַ זעלכעס, וואָס האָט געקאָנט מיינען: „אַוודאי בין איך צופרידן וואָס איר, בחורים, זיצט דאָ לעבן מיר, אָבער אַנגיין, גייט איר מיך אָן, ווי טויזנט מאָל גאָרנישט!..."

פעליקס, ווען ער האָט זי דערזען, האָט זיך פאַרנומען אַהין אין יענעם ווינקל פון דעק. ער איז בכיוון געגאַנגען אַזוי, ער זאָל אויסקומען

צוקאפנס פון איר שטול. עטלעכע מאָל איז ער אַזוי דורכגעגאַנגען הינטער איר. ווען מען פרעגט אים פאַרוואָס ער טוט דאָס, וואָלט ער זיכער געלייקנט אַז ער טוט דאָס בכלל צוליב איר. זי גייט אים הייסט עס גאָר נישט אָן!... נאָר אַזוי גיך ווי זי האָט זיך אַ דריי געטאָן און אים דערזען, ווי נאָר ער האָט דערפילט אירע צוויי אויגן אויף זיין פּלייצע, גלייך צוויי פּראָזשעקטאָרן וואָלטן אים גענומען נאָכפּאָלגן, האָט ער זיך דערפילט ענג און גלייך פאַרלוירן דאָס ביסל גלייכגעוויכט.

פונקט ווי אַן איבערגעשראָקן, אַ צעטומלט פליגעלע, בעמט אַנטלויפן פון אַ ברענענדן לאָמפּ, וואָס עמעצענס אַ האַנט פירט עס נאָך נאָך דעם פלייצעלע, אַזוי האָט פעליקס גענומען לויפן פון אונטער סאראַס אויגן־פּראָזשעקטאָרס. ער האָט זיך גיך געפּלאָנטערט צווישן דעם שטולן געפּלעכט, אָנגעקלאָטערעטן עמעצן אויף אַ פוס, מיטגעשלעפט אַ לויזע פּאָלע, ביז ער האָט זיך צוגעקראָגן צו די שמאָלע טרעפּ, וואָס פירן צוריק אַרויף צו דער העכערער דעק.

מיט רוגזה האָט ער זיך געצויגן איבער די טרעפּ אַריבער אין דער פאָדערשטער טייל פון שיף. דאָ איז פּטור אַן עסק! ער וועט זי נישט זען און זי וועט אים נישט זען! ער וועט בכלל פאַרגעסן אַז עס איז גאָר דאָ אַ סאראַ גלאָס אויף דער וועלט! וואָרעם זיין ציל איז דען אָט אַזוי אַ? אַזוי זיך שפּילן אין יאַגעלעך, אין באַהעלטעלעך מיט עפּעס אַ קאַפּריזנע מיידל? אַ מער וועט ער זיך אויך צוטשעפּן צו עפּעס אַ גרופּע, כאָטש איבער דעם וועג, מיטזינגען „מי יבנה הגליל?" דרייט ער זיך גאָר אַרום ווי אַן אַרויסגעפּאַלענער, אַן איבריקער. דער איינציקער אויף דער שיף, וואָס איז אַליין! יעדער פּאַרט מיט וועמען, באַלאַנגט צו וועמען, קרענקט מיט וועמען, נאָר ער איז אַליין! און אַלץ פאַרוואָס? ווייל עפּעס אַ מיידל האָט אים אַרויסגעשלאָגן מיט אירע קאַפּריזן פון זיין גלייכגעוויכט... ניין! ער וועט זיך מער נישט לאָזן!

סאראַ, אין מיטן קרענצל בחורים, מיט דעם הויכן הייזעריקלעכן יצחק בראַש, גלייך ווי זי האָט נאָר דערזען פעליקסן האָט זי שוין פון אים די אויגן נישט אַראָפּגענומען. זי האָט אים נאָכגעקוקט ווי ער האָט זיך געפּלאָנטערט, ווי ער איז אַרויף אויף די טרעפּ, ביז ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן אויף דער העכערער דעק. און אפילו נאָך דעם ווי זיין געביין איז שוין נישט געווען צו זען, האָט זי אים אויך געזען פאַר זיך. אייגנטלעך האָט זי נישט אַראָפּגענומען פון אים קיין אויג דורך דער גאַנצער נאַכט, נאָכדעם ווי זי האָט אים אַרויס־געבעטן, טאַקע ממש אַרויסגעוואָרפן פון איר קאַיוטע. כסדר האָט זי געהאַלטן זייך בלייך געשטאַלט פאַר אירע אויגן.

אפילו איצט, נאָך דער פּיינלעכער נאַכט, זעט זי איין, סאַרא, אַז זי האָט דאָס געמוזט טאָן! זי האָט געמוזט זיך אָפּנעמען יענע באַליידיקונג וואָס זי האָט פון אים געליטן נאָך אין וואַרשע! חוץ דעם, עס איז פּשוט נויטיק געווען דעם בחור אַביסל אַראָפּצוקלאַפּן פון זיין שטאָלץ. אַנדערש וואָלט ער אויף איר כסדר געקוקט ווי אויף עפּעס נידריקערס, און איין גאָט ווייס אַז סאַרא גלאס קאָן נישט האָבן קיין באַציאונג מיט קיין מענטש, וואָס וויל זיין העכער פון איר. גלייך — יאָ! העכער? בשום אופן נישט!

זי האָט אפילו טייער באַצאָלט, סאַרא, פאַר דעם אָפּנעמען זיך. גלייך נאָכדעם ווי איר פּוילישער האָנאָר, דער שטאָלץ פון די גלאסעס, איז געווען געקילט; פּעליקס כּענטניק איז געווען פון יענער זייט קאַיוטע, כמעט אַן אַרויסגעוואָרפענער, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזם. דאָס איז געווען אַ געלעכטער דורכגעבלוטיקט מיט אַ טיף געוויין. נאַר איצט, אַז זי האָט אים דערזען אויף דער וואָר, און ער האָט איר אַזוי געטאָן אַ פאַרשווינד, פילט זי, סאַרא גלאס, אַז זי וועט לאַנג נישט קאָנען אויסהאַלטן דעם שפּיל...

זי איז נאָך לאַנג געזעסן אויף דער אויסלייג־שטול, סאַרא, אין מיטן דעם קרענצל בחורים. דאָס זעלבע שמייכעלע אויף דעם לויטערן פּנים, וואָס האָט אַזוי שטיל באַהאַלטן דעם קלימפּער געדאַנקען אירע וועגן פּעליקסן, דאָס זעלבע שמייכעלע האָט אויך צוגענומען די נאַרישע קאָמפּלימענטן, וואָס די בחורים האָבן זיך געסטאַרעט איינער איבער דעם אַנדערן איר אונטער צו טראָגן. עס האָט איר אפילו געשמייכלט, דאָס שאַרפע ביסעלע איפּערזוכט, וואָס איז שוין געטאָן אַ וואַקס אויס צווישן יצחקן און אַן אַנדער בחור, וועלכער טרעט שוין פון איר נישט אָפּ, און וויל איר שטאַרק אימפּאָנירן מיט זיין געלערנטקייט. עס האָט איר אויך הנאה געטאָן דאָס אַרומפּאַדן פון די בחורים אַרום איר, אין דער זעלבער צייט האָט איר אָבער געעקלט זייער קריכעדיקייט. ווי זיי ליגן דאָס ביי אירע פיס! נישטאָ אַ טראָפּן שטאָלץ! כאָטש נעם און טרעט אויף זיי. אַך פּעליקס, פּעליקס!...

## קאַפּיטל צען

נעכטן פאַרנאַכט, ביים ערשטן מאָלצייט אויף דער שיף, איז עס דאָ אָנגעשטאַנען אַ בהלה אין עס־זאַל! אויף צוויי הונדערט פּלעצער אין דריטן קלאַס זיינען דאָ אפשר פינף הונדערט יידן! האָט יעדער

זיך געריסן פריער צו פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ. איצט אָבער, נאָך איין נאַכט פאָרן, איז דער זאַל ליידיק. ביי די געגרייטע טישן שטייען די קעלנער מיט ווייסע סערוועטקעלעך אין די הענט און דער עולם ליגט גאָר אויסגעלייגט אויפן דעק אין ליג־שטולן ווי חולאים אין אַ שפּיטאָל.

בלויז עטלעכע יידן נאָר האָבן נעבעך נישט קיין צייט קראַנק צו זיין. אַז ס״ה זיינען פאַרבליבן בלויז צוויי טעג צו יום כיפּור און אַזאַ עדה יידן, אַן עין הרע, איז עולה אין הייליקן לאַנד אַריין, איז דאָך עפּעס דאָ צו טאָן! קודם דאַרף מען אויסגעפינען ביים קאַפּיטאַן אַ ווינקל פאַר אַ מקום קדוש. מ׳דאַרף זאָרגן יידן זאָלן כפּרות שלאָגן. מ׳דאַרף פאַרהערן חזנים און קערות דאַרף מען דאָך אויך אויפשטעלן!

שטייט דאָס בינטל יידן אין מיטן שיף־דעק און קאָכט זיך און איינער, אַ ייד מיט אַ שפּיציק, גרוי בערדל, אין אַ ריפּסענער קאַפּאָטע, מיט אַ קליין, וואַרשעווער יידיש היטעלע פאַררוקט אַהינטער, צום קאַרק, שרייט אויפן קול:

— קערות וועלן דאָ, אויף דער שיף, מוזן זיין פּונקט ווי אין דער היים! ער וועט נישט לאָזן מבייש זיין רבי מאיר בעל הנס!

און אַ צווייטער, גראַד אַ יונגערמאַן מיט אַ לאַנג, קנאָכיק פּנים, אַן אַ באָרד, אין אַ שוואַרצן, צוקנייטשטן קאַפּעליוש אויך פאַררוקט אַהינטער, צום קאַרק, שרייט אים איבער:

— וואָס מיינט ער דאָס? מיט רבי מאיר בעל הנס וועט מען דאָס אויפבויען ארץ ישראל? ניין! ער וועט דאָס נישט דערלאָזן! בלויז צוויי קערות וועלן דאָ זיין. איינע פאַרן קרן היסוד און די צווייטע פאַרן קרן קימת!

נאָר זיי אין מיטן פאַלט נעבעך אַריין אַן אַנדער ייד, אַ ווייכער, אַ געלאָסענער, אַן אָפּגעפּוצטער, מיט אַ געל־גרוילעך זראַסטל אַרום די בלייכע, דאַרע באַקן:

— וואָס קאָכט איר זיך יידן איבער קערות? דער עיקר איז דאָך אַ חזן! עפּעס אַ קלייניקייט! כל נדרי! נעילה!

ערשט איצט איז אָנגעשטאַנען אַן אמתע מחלוקה. אַז ס״ה איז דאָס גאַנצע קרענצל פון אפשר אנדערהאַלבן מנינים יידן לויטער חזנים. ס׳הייסט קיין חזן איז טאַקע קיינער נישט. נאָר דאָ, אויף דער שיף, האָט יעדער חשק זיך צוצוקריגן צום ברעטל און טאָן אַ פּרוואו די כלי. כאָטש, וואָס אַן אמת, יעדער איינער טענהט גאָר אַז: „אדרבה, אַלץ וואָס ער איז אויסן איז בלויז אַ חזן ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזאַ עדה יידן...״

אָבער מער פון אַלעם קאָכט זיך דער יונגערמאַן אין שוואַרצן קאַפּעליוש. ער שרייט און דער קנאַפּ אין דאָרן האַלדז לויפט אים היין און צוריק. נישט בחנם האָט ער לעצטע נאַכט, אין אַ שיף־ווינקל, ביי זכור ברית, אַזוי געלאָזט פון זיך הערן. וואָס אַן אמת, „געזאָגט" האָט טאָקע אַן עלטערער ייד, אַ בכבודער, מיט אַ פאַרכלענדיק קול ווי אַ טעמפּע זעג. דאָס האָט ער, דער „שניעק", זיך אַזוי צעלאָזט מיט זיין געזונטן טענאָר גלייך ער וואָלט גאָר געווען דער חזן.

די אַנדערע יידן, וואָס האָבן אַזוי קלוגעטשקע אויסבאַהאַלטן זייערע „כלים", זיי האָט עס ממש אונטערגעטראָגן. „אַזאַ עזות, אַזאַ חוצפּה־ניק, נאָך אַוודאי נישט קיין דרייסיקער, מוז נאָך אפילו קיין ווייב נישט האָבן און שוין, גיב אים שוין ס׳ברעטל! ווער מען דאָס דערלאָזן? און דער וואַרשעווער ראַבינאָט וואָס ווער זאָגן? בחנם האָט ער דאָ, אויף דער שיף, אַרויפגעזעצט אַ משגיח, אַ ייד אַ למדן מיט אַ זיס קול וואָס צעגייט אין אַלע אברים? וואָס איז דאָס עפּעס, הפקר אַ וועלט? אַן אסיפה ברויך מען רופן! יידן, אַן אסיפה!"

נאָר דער יונגערמאַן מיטן געזונטן טענאָר איז אויף דער אסיפה אויך געווען אויבן אַן און אַלעמען פאַרשריגן:

— חלילה! ער וויל ס׳ברעטל? אדרבה, גראָד יענער פאַרשווין וואָס באַהאַלט זיך אַזוי כלומרשט הינטערן משגיח און הינטערן וואַרשעווער ראַבינאָט, ער גאָר חלשט אָוועק נאָכן ברעטל. אָבער דאָס ווערט ער נישט דערלאָזן. אַזאַ „דראַפּאַטש" זאָל דאָ ווערן בעל תפילה? וואָס? ס׳איז חלילה הפקר אַ וועלט! אַ גוט יאָר פאַר אַן עדה יידן איז וויכטיקער פאַרן ראַבינאָט! און אַפילו דער ראַבינאָט וואָלט אויך געפּסקנט אַז דער יונגערמאַן, דער שוחט, זאָל זיין דער בעל תפילה.

— וואָסער יונגערמאַן? וואָסער שוחט? האָט זיך דאָס געזעמל יידן אַרום לאַנגן טיש, וואָס אין ליידיקן עס־זאַל, צושריגן.

— וואָס, איר ווייסט גאָרנישט? האָט זיך דער יונגערמאַן געחידושט און אויפּסניי אַ רוק געטאָן דעם שוואַרצן קאַפּעליוש צום קאַרק צו, איר ווייסט גאָרנישט? דער יונגערמאַן וואָס האָט געזאָגט סליחות אין דער באַן. אַ זיידענער יונגערמאַן! ער האָט דאָך סמיכה אויף רבנות.

— אַ יענער? האָבן עטלעכע יונגע לייטלעך, וואָס זיינען געשטאַנען הינטער די יידנס פּלייצעס, ווי צוקוקער, זיך אָנגערופן. יענער? ער איז אַ כשרער ייד, אַ מזרחיסט!

דער יונגערמאַן מיטן טיפן טענאָר איז ערשט גאָר געוואָרן תקיפדיק. ער האָט זיך גאָרנישט געריכט אויף אַזויפיל אַנהענגער. און ער טוט טאַקע אַ באַפעל, עפּעס ווי ער וואָלט דאָ געווען דער סאַמע מורנו:

— דער שוחט וועט דאַוונען כל נדרי, מוסף און — — —

ער האָט נישט באַוויזן אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט „נעילה" ווי ס'איז אַנגעשטאַנען אַזאַ געשריי אין דעם עס זאָל אַזש די גויאישע קעלנער און קוכער זיינען זיך געקומען אַנצולויפן פון קיך אַרויס זען וואָס די יידן שרייען אַזוי. אין מיטן דעם געטומל האָבן זיך דערווייל אַ טייל יידן מיט שיינע, געכאַליעטע בערד, יידן וואָס פירן אַוודאי מיט זיך טייערע טליתים מיט זילבערנע עטרות, גענומען אָפּרוקן און זיך אַרויסשאַרן פון עס־זאָל מורמלענדיק צווישן זיך:

— אַזאַ מויל! אַזאַ שגץ! ווער קאָן דען אַזאַ איינעם פאַר־שטופּן ס'מויל?

איין ייד אָבער, איינער פון יענע יידן וואָס זיינען גרייט אויף קידוש השם, אַ ייד מיט אַ שוואַרצער ברייטער באָרד מיט ביסעלעך דינעם זילבער דורכגעוועבט, האָט געטאָן אַ פּלאַם אויף:

— וואָס? יענער נאַמאַדישער שוחט מיט דעם אונטערגעשוירענעם בערדל? ער וועט דאָס זיין דער בעל תפלה? יעך על דאָס נישט פּאַזוואָליען! — און אויפן אמתן פּויליש־תקיפדיקן שטייגער צעשריית ער זיך: — ער וועט דאָ נישט דאַוונען דער חצי גלות! דאַוונען וועט דאָ רב ...

דאָס האָט ער געמיינט דעם משגיח, אַ ייד מיט אַ ברייטער רויטער באָרד, וואָס איז טאַקע נישט געשוירן נאָר בלויז אַביסעלע אונטערגעגאָלט אונטערן האַלדז. כאָטש ער איז דאָ נישט געווען דער משגיח, נאָר פון צייט צו צייט געטאָן אַ שוועב פאַרביי אין זיין שוואַרצן, צעעפנטן סורדוט מיט דער שווערער, גאָלדענער קייט איבער דעם הרחבהדיקן בויך, האָט ער דאָך געהאַלטן אַן אויג אויף דעם יונגן „שניעק" וואָס בונטעוועט אַזוי קעגן אים.

דערווייל האָט אָנגעיאָגט ערב יום כיפור. אָן אומרו איז אַנגע־שטאַנען. פעליקס, אַן אויסבאַהאַלטענער, איז געלעגן אין אַן אויפ־לייג־שטול אין סאַמע נאָז פון דער שיף. דאָ האָט ער זיך געפילט ווי אָפּגעטיילט סיי פון סאַראַן און סיי פון די אומאויפהערלעכע געטאָג־צערויען און געזונגערייען פון די חלוצים און אויך אַרויס פון די געטומלען וואָס איז דאָ אַנגעשטאַנען צוליב אַ חזן.

פון פאַרטאָג אָן איז די שיף געשוואומען אין מיטלענדישן ים. אַ בלויער, אַ גלאַטער, אַ מילדער איז ער געלעגן, דער ים, און די שיף, ווי אַ ווייסער שוואַן, האָט זיך רואיק געגליטשט אין דער בלויער אומענדלעכקייט און אויבן, אין מיטן בלויען הימל, האָט די זון געגליט און געוואַרעמט ס'לייב און געלאַשטשעט די צוגעמאַכטע אויגן־דעקלעך און פעליקסן האָט זיך געדאַכט ער גליטשט זיך עפּעס אין אַ צויבער־לאַנד און ער וואָלט געוואָלט אַז אייביק זאָל דאָס שיפלען זיך געדויערן, אייביק...

— מאַטעלע, ס'שפּעט, ס'שפּעט, קום זיך טובלען.

פעליקס האָט געעפנט די אויגן. ווער האָט אים דאָס אַרויס־געריסן פון דעם וואונדערלעכן, בלויען חלום?

אין זיין רעכטער זייט, לעבן דעם שיף־צוים, איז געשטאַנען אַ קליין יינגעלע פון אַ יאָר אַכט אין אַ צעכראַסטעט העמדל, מיט צווי לאַנגע, געקרייזלטע פּיאהלעך און אַ פּיצינקע יאַרמלקעלע אויפן קינדישן קעפּל. לעבן אים איז געשטאַנען אַ הויכער ייד, מיט אַ שיטער, רונדיק בערדל אַרום זיין בלאַס אויסגעצערט פּנים.

פעליקס האָט דעם ייד גלייך דערקאַנט. דאָס איז דער איינציקער ייד אויף דער גאַנצער שיף וואָס כאַפּט אַ מציאה ביי ענגלאַנד... אויף איין סערטיפיקאַט פירט ער אַריין אַכט נפשות אין הייליקן לאַנד אַריין. זעקס קינדערלעך, חוץ ער אַליין מיטן ווייב. שטייט ער דאָס איצט אין דער פאַרפעדערטער, סאַמעטענער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, אָן אַ קאַפּאָטע, מיט דעם טלית קטן איבער די הויזן און די פיר ציצית אָנזש ביז די שטיוול־כאַליעוועס און מינטערט דעם קליינעם בנאָק, דעם בכור זיינעם, אָט דאָס קליינע יידעלע וואָס האָט גאָר פאַרגעסן אַז ס'איז ערב יום כיפּור:

— ס'שפּעט, מאַטעלע, קום זיך טובלען!

פעליקס איז אויפגעשטאַנען פון אויפלייג־שטול און גענומען נאָכגיין דעם ייד מיטן יינגעלע. טשיקאַווע: „אַ מקוה אויף דער שיף?"

אויף דער צווייטער דעק, אין דער עפּענונג דורך וועלכע מען לאָדט אָן משא, האָט זיך געוויגט אַ וואַסער פונקט אַזוי גרויס און פונקט אַזוי טיף ווי אַ מקוה. דאָס האָבן די מאַטראָזן אויף אַזאַ קונציקן אופן אַריינגעפּאַסט אַ פיר־עקיקן, ברעזענטענעם זאַק מיט אַ האָלצערנעם דיל און אַריינגעצאַפּט דערין ים־וואַסער. זאָל די שיף אויך האָבן אַ „סווימינג־פּול"...

זיינען דאָס איצט, ערב יום כיפּור, זיך צונויפגעקראָכן יידן פון אַלע ווינקעלעך, אין שטיקלעך כאַלאַטן אויף די הוילע אַקסלען און וואַרטן

די „נקבות״, עטלעכע יונגע מיידלעך אין פאַרשייטע, קאָלירענע באָד־קאָסטיומען, צוזאַמען מיט זייערע בחורים, ייִנגען אין קורצע הויזקעס, זאָלן זיך אויפהערן צו פּליעסקן און לאָזן אַריינגיין אַ ייִד זיך אָפּטובלען ערב יום כּיפּור. דאָס יונגוואַרג אָבער, אַלע ערשטע קלאָס־ניקעס, איילן זיך נישט. ביי זיי איז נישט ערב יום כּיפּור. אַנשטאָט אַרויסקריכן טוען זיי אַלע מאָל אויפסניי אַ שפּרונג און אַ בלענד מיט די נאַסע קערפּער אין דער בלויער לופט און מאַכן אַ נייעם נוריק אין וואַסער אַריין וואו זיי שפּילן זיך אַרום אַזוי פאַרשייט, עפּעס גאַרנישט ווי ייִדישע קינדער נאָר ווי שקצים מיט נפקות, רחמנא לצלן...

איין ייִד האָט דאָך נישט אויסגעהאַלטן:

— ני, גענוג שוין... האָט ער אַ מורמל געטאָן איבערן אַקסל אַריבער, ער זאָל חלילה נישט זען די פאַרשייטע חציפות, — ני, גענוג שוין זיך געפּליעסקעט... אויף וואָס איינע, פון וואַסער אַרויס האָט אים חוצפּהדיק און דווקא אויף פּויליש אָפּגעענטפערט:

— וואָס איילן זיי זיך אַזוי, די כאַלאַטשאַרזשעס? ס'איז דען אין זייער שטעטל די מקוה?

ענדלעך איז דעם יונגוואַרג נמאס געוואָרן. כּדי אַנדערע חציפות זאָלן נישט פאַרכאַפּן ס'וואַסער האָבן די ייִדן גיך געטאָן אַ וואַרף אַראָפּ די כאַלאַטן מיט די טלית־קטנס און געבליבן שטיין מיט די הוילע, איינגעפאַלענע האַרץ־ברעטלעך און קאָמישע קאָלירענע מייטקעלעך אַרום די לענדן... פאַרט נישט די מקוה אין אייגענעם שטעטל... איז וואו זאָלן דאָס ייִדן אין אַזאַ שעת הכּושר נעמען מענערשע באָד־הייזלעך? נישט קשה, דער אויבערשטער וועט מכפּר זיין אין ווייבס מייטקעס אויך. וואָס גייען זיך דאָ ייִדן חלילה פּליעסקען און באָדן פון הנאה וועגן? אַט, מ'עט זיך געבן אַ פּאָר מאָל אַ טונק אונטער און יוצא...

ביסלעכווייז זיינען צוגעקומען נאָך ייִדן. מיט אַ קרעכץ האָט מען אויסגעטאָן דאָס שטיקל בגד פון לייב אַראָפּ. פּאַוואָליע איז מען אַריינגעגאַנגען אין דער מקוה, זיך צוגעהאַלטן די נאָז, זיך אונטערגעטונקען איין מאָל און נאָך אַמאָל און אַ דריט מאָל. דערנאָך האָט מען פּאַמעלעך אויסגעקוועטשט די בערד, גיך אָנגעטאָן די יאַרמלקעס, אַריבערגעוואָרפן די טלית־קטנס איבער די קעפּ, זיך איינגעהילט אין די כאַלאַטן און ברומענדיק אַזוי דבקותדיק פאַר זיך איז מען אַוועק שטיל אָן אַ וואָרט.

אויך פעליקס איז אַוועק אָן אַ וואָרט. גייענדיק איבערן דעק צו זיין קאַיוטע האָט ער איצט געזען דעם פאָטער און די מוטער, ווי

זיי גרייטן זיך דאָרטן, ערב יום כיפור, אין דער היימישער שול אַריין. אויך דאָ, אויף דער שיף, איז איצט אָנגעגאַנגען דאָס שטיל־פּורכטיקע, ערב יום כיפור געאייל. עלטערע ווייבער אין ווייסע יופּקעלעך זיינען שוין געשטאַנען אין אַלע ווינקעלעך מיט גראָבע קרבן מנחה סידורים אין די פרומע הענט און זיך הכנעהדיק געשאָקלט און זיך געשלאָגן אין די הערצער. אויך יידן אין ווייסע זאָקן און שוואַרצע, צודריוולטע, אַטלעסענע און זיידענע קאַפּאָטעס האָבן אונטערגעיאָגט מיט דער מנחה, און די קראַנקע וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט פון די שטולן נישט אונ־טערגעהויבן, האָבן זיך אויך איצט מכין געווען צו כל נדרי. אפילו ס׳יונגוואַרג, די חלוצים, וואָס האָבן גאַרנישט אויפגעהערט צו טאַנצן הוראַס און זינגען זייערע לידער, זיינען איצטער געווען שטילער. אויך זיי האָבן זיך איבערגעטאָן אין קלאָרע העמדער, אין פרישע שניפּסן און יומטובדיקע אַרויסגעקומען אויפן דעק.

און די דעק איז פול. פּלייצעס און פּלייצעס פון אַלערליי קאָלירן און פאַרבן. אויך ברוינע... ערשט איצט האָבן זיי זיך געיאַוועט, זשאַבאָטינסקיס זעלנערלעך. ביז איצט זיינען זיי געווען ציוויל. איצט, לכבוד יום טוב, זיינען זיי אַרויסגעקומען אין „פּאָלנע פּאַרמע״. ברוינע מונדירלעך מיט שליפּעלעך און גלאַנציקע רימענטלעך פון די אַקסלען אַראָפּ צום ברייטן פּאַס אַרום די לענדן. אויך ברוינע היטלען מיט ווייסבלויע לאַמפּאַסן טראָגן זיי. ממש אמתדיק מיליטער! אַפילו זייערע מיידלעך גייען אָנגעטאָן אין ברוין מיליטערישע בלוזעס. און אַלע זיינען זיי באַוואָפנט מיט... מחזורים. אמת, זיי האָבן אַרט אויף געווער אויך. דערווייל אָבער איז דאָס אַרט ליידיק. בלויז אַ רינגעלע באַמבלט זיך אין דער רעכטער זייט ביים לעדערנעם פּאַס. אַ רינגעלע וואָס בענקט נעבעך נאָכן רעוואָלווער, וועלכער ריכט דערווייל אָפּ גלות אין אַ גויאישן אַרסענאַל... און זיי, ס׳יידיש מיליטער, מוזן זיך נעבעך באַגנוגענען מיטן איינציקן געווער: אַ בלישטשעדיק מנורהלע אויפן היטל. אָט אַזוי שטייען זיי איצט גרייט, צוזאַמען מיט אַלע יידן זיך צו וואַרפן אין אָנגריף אויפן עס־זאָל צום פאַרפאַסטן.

ביסלעכווייז איז די נאַכט צוגעפאַלן. איבער אַלע דעקן, דורך אַלע קאָרידאָרן האָט דער עולם געצויגן אין דער אַנדער זייט שיף צו כל נדרי. אַ פאַרשפּעטיגטער ייד אין אַ טלית מיט אַ פאַרגרינטער עטרה איבערן קאָפּ האָט, לויפנדיק, זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ נאָכהענגנ־דיקער ציצה און איז געפאַלן. מיט אימפּעט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געלאָפן ווייטער.

און אַרום איז שטיל. און די זון איז שוין לאַנג פֿאַרגאַנגען. און דער ים טונקלט. און אויבן, אין הימל, האָט אַ שטערן אויפֿגעבליצט. און אַ יונג־אָונטיק ווינטל, ווי אַן אומגעזעענע טויב האָט זיך פֿאַרקליבן הינטער די טליתים און פֿלאַטערט, און פֿלאַטערט אַזוי סומנע, אַזוי שטיל. און די עדה יידן, אויפֿן דעק פֿון שיף, שטייען צונויפֿגעדרענגטע, שווייגנדיקע און בייגן די קעפּ אַהין, אַהין אין ווייטן ווינקל, וואו עס שטייט אַ ייד אין אַ טלית מיט אַ זילבערנער עטרה פֿאַרוואָרפֿן איבערן קאָפּ, ווייט איבער דער באָרד אַריבער. און אַ שטיל מורמלען טראָגט זיך פֿון אונטער דער עטרה, אַ שטיל און ווייטיקדיק מורמלען, וואָס קומט אפֿער מיט אַ קרעכץ, עפּעס ווי דער מענטש הינטער דעם טלית, וואָס שטייט אַזאַ געבויגענער, מיטן פּנים אין ים אַריין, וואָלט זיך דאָרטן געיאָגט נאָך אַ כּח, ווען ער מוז אָניאָגן אין דער שפּעטער שעה. און אָט, פּלוצים, האָט פֿון הינטער יענער עטרה אפֿער זיך דער־הערט אַ וויינענדיק, געבראָכן קול:

— אור זרוע לצדיק, ולישרי לב שמחה!

אַ געפֿאַלנקייט, אַ פֿאַרוואָגלטקייט האָט דאָס קול מיט זיך אַנגעטראָגן. אין דעם טונקלען אַרום, צווישן הימל און וואַסער, האָט דאָס קול געבערענגט מיט זיך דעם צער פֿון אַ וועלט וואָס וואָגלט איבער חושכדיקע מדבריות און גאַרט און לעכצט נאָך אור! אור זרוע לצדיק!

פּלוצים האָט אַ סנאָפּ ליכט געטאָן אַ פֿלייץ אַראָפּ אויף דער צעוויגטער עדה יידן עפּעס ווי פֿון הימל אַראָפּ, ממש ווי דאָס געפֿאַלענע געבעט פֿון יענעם ייד נאָך אור, ליכט, וואָלט דאָרטן אויבן דערהערט געוואָרן און אַן אומגעזעענע האַנט וואָלט געאיילט מיט דעם ליכט כּדי נישט צו פֿאַרזוימען דעם שעת הכּושר.

## קאַפּיטל עלף

דעם צווייטן טאָג אויף דער שיף האָט סאַרא געפֿילט פֿיל בעסער. גלייך ווי די שיף איז אַריין אין מיטלענדישן ים האָט דער עולם גאָר פֿאַרגעסן אַז מ'איז קראַנק געווען. פֿאַרקערט, עס איז אַ נחת צו זיצן אויפֿן דעק און זיך באָדן אין דער בלויקייט, וואָס שעמערירט אַזוי דורכזיכטיק פֿון ים און זון. מ'פֿילט זיך יינגער אויף דעם ים. און סאַרא האָט זיך טאָקע היינט געפֿילט פֿיל יינגער ווי אירע דריי און צוואַנציק יאָר. זי איז שוין היינט נישט אַרויס, ווי נעכטן, אויפֿן דעק אין בלויען כאַלאַט מיט זיידענע טראָלדן. באַלד אינדערפֿרי,

גלייך ווי זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זי זיך פאַרפוצט אין איר שוואַרץ־רויט געבלימלט קלייד, אַט דאָס זעלבע קלייד אין וועלכן בענטניק האָט זי ס׳ערשטע מאָל באַגעגנט. אויך דאָס רויטע שאַלכל האָט זי פאַרוואָרפן אין דעם שטענדיקן דריי־עק אויף דער פּלייצע און עס ווייך פאַרקנופּט אונטערן חנעוודיקן געשפּאָלטענעם גאָמבעלע.

ס׳ערשטע מאָל אויף דער שיף אַז זי איז היינט געגאַנגען אין עס־זאַל. זי וואָלט נאָך איצט אויך נישט געוועזן געגאַנגען. נאָכן שוואַרצן ים ווילט זיך נישט אַזוי גיך עסן... און ווען יאָ, זיינען גיטעלע גלאסעס קיכלעך און ווישניאַק זיכער באַטעמטער פון דער שיפס מאכלים.

אויב זי איז איצט געגאַנגען אין עס־זאַל איז עס געווען צוליב פעליקסן. זינט ער איז איר נעבכן פאַרשוואונדן פון אויג האָט זי אים נאָך נישט געזען. דעם גאַנצן אָוונט איז זי געווען אויף דער באַלויכטענער דעק. אין יעדן טאַנצנדיקן קרענצל חלוצים האָט זי אַריינגעשטעלט איר קאָפּ און — נישטאָ! היינט, אין עס־זאַל, וועט ער דאָך געוויס קומען! זיין פּלאַץ איז דאָך אַ שטול אום אַ שטול מיט איר, ביים זעלבן טיש...

אין פּראָסטן עס־זאַל פון דריטן קלאַס האָט זיך געטומלט. אויף די צוגעשרויפטע דריי־שטולן, אַרום די לאַנגע, ווייס־געדעקטע טישן, איז געזעסן אַן אויסגעהונגערטער עולם. די קעלנער האָבן געהאַלטן אין איין טראָגן טאַצן ברויט קרוגן טיי און גלעזערנע טעצלעך מיט איינגעמאַכטס פון שוואַרצע בערעלעך און גרין־געלע לעמאַנעס.

אויף סאַראַס שטול איז עמעץ געזעסן. זי האָט בכלל איינגעזען אַז עס איז דאָ ווייניק אָרדענונג צווישן דעם עולם. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול, געטרונקען איר טיי און מיט די אויגן געשוועבט איבער דעם זאַל, איבער אַלע טישן. אויף פעליקסעס שטול איז געזעסן עפּעס אַ פאַרקרומט ווייבל מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ. פעליקס איז נישט געווען צו זען. ס׳קאָן גראָד געמאָלט זיין ער זאָל האָבן אָפּגעפרישטיקט פריער, מיט דער ערשטער פּאַרטיע, אָדער וועט אפשר אַריינקומען מיט דער לעצטער, נאָך דער. זיצן אָבער דאָ, אין דעם טומל, האָט זיכער קיין זין נישט.

דער הויכער יצחק, פון זיין ווינקל ביים לעצטן טיש, וויט אַראָפּ, האָט זי דערזען. אויך זי האָט אים דערזען. זינט זי איז אויף דער שיף איז ער דער איינציקער, וואָס פאַרבינדט זי נאָך מיט איר קבוצה. זינט זי איז אַרויף אויף דער שיף און געקראָגן איר ווינקל אין קאיוטע מיט עפּעס דריי פרעמדע מיידלעך, קומט זי נישט אין קיין

באַרירונג מיט קיינעם פון איר גרופע. אויך זיי מיידן אויס יעדע באַרירונג מיט איר. יצחק איז דער איינציקער, וואָס לאָזט איבער די חברותא און פאַרברענגט מיט סאראן.

זיין איצטיק צוקומען צו איר טיש איז איר שטאַרק צענוץ געקומען. זי איז גלייך מיט אים אַרויס אויף דער דעק.

פונקט ווי נעכטן איז דער עולם געלעגן אויסגעלייגט אויף די שטולן, מידע, קוים אָפּגעגאַנגענע פון דער פאַסקודנער קרענק, אַזוי האָט מען איצט געהאַלטן אין איין גיין, אין איין דראַפּען זיך איבער די טרעפּ, פון איין דעק אויף דער צווייטער. וואָרעם ווען נאָך וועט דער קליינשטעטלדיקער עולם קאָנען זען אַזאַ שיף מיט אַזעלכע סאַליעס, מיט אַזעלכע מעכטיקע קוימענס, מיט דעם אַלעם מיט אַנאַנדער?

אויך סארא איז איצט אַוועק, ווי איר שטייגער, „שפּאַצירן אויס נייגער"... זי האָט גענומען יצחקן און מיט אים אַוועק. סארא גלאָס וויל אויך, הייסט עס, זען ווי די שיף זעט אויס! און זי באַנוגנט זיך נישט מיט סתם אַ בליק! זי וויל גאָר גרונטאָוונע זען די אַלע פיין מעבלירטע, ווייך טעפּיכדיקע זאַלן און קאַבינען. אפילו דעם קאַפּיטאַנס בריקל באַזוכט זי, זי וויל פון דער הויך אַראָפּ זען וואָס עס טוט זיך אויף אַלע דעקן און וויט אַרויס אין בלויען ים אַריין, וואו דער קאַפּיטאַן קערעוועט אַזוי רואיק מיט דער ווייסער שיף...

נאָר מערקווירדיק, גלייך ווי זי האָט דערזען פעליקס כענטניקן, ווי ער שטייט דאָרטן אין סאַמע שפּיץ פון דער פאָדערשטער האַלבער דעק, האָט די זעלבע סארא גלאָס שוין געהאַט אַלץ געזען... איר נייגער איז שוין געווען געשטילט!

פעליקס האָט זי דאָן גראָד נישט געזען. ער איז געשטאַנען ביי דער סאַמע נאָז פון שיף, איבערגעבויגן דעם קאָפּ איבער דער צוים און שטאַרק פאַרטאָן געווען אין דעם אויפגעשאָרוועטן וואַסער, וואָס די שיף שניידט אַזוי אָן אויפהער. זינט ער האָט זיך נעכטן געראַטעוועט פון סאראס אויגן־פּראָזשעקטאָרס, איז דאָ דאָס איינציקע אָרט, וואו ער קאָן אָפּשטיין פאַר שעהן. ספּעציעל היינט, ווען די שיף פאָרט אין מיטלענדישן ים! ס'וואַסער איז אַזוי וואונדערלעך בלוי! די לופט אַזוי דורכזיכטיק און גאַלדיק בלענדענד! די זון וואַרעמט אַזוי מילד. איז צו וואָס זיין דאָרט אין טומל אויף דער הינטערשטער טייל דעק, וואו די סארא קאָן אים אַלעמאָל באַגעגענען?

סאראס דערשיינען לעבן אים איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַז עס האָט אים אַזש צוטומלט! חוץ דעם! ער איז פּשוט געפּלעפט געוואָרן פון איר דרייסטקייט! זי איז צוגעקומען גלייך גאַרנישט וואָלט

צווישן זיי געווען געשען. זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל, ווען ער איז געשטאַנען פאַרגאַפּט אין וואַסער אַריין, אַט אַזוי איינפאַך, אַ שטייגער ווי ער וואָלט געווען אַ זייער נאָענטער מענטש. און מערקווירדיק, ווען ער האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן צו איר, האָט זיך איר פּנים אפילו אַ רויטל געטאָן! גלייך ווי זי וואָלט אים קיינמאָל נישט אַזוי גראָב אַרויסגעבעטן פון איר קאַיוטע. גאָט! ווי אומשולדיק דאָס מיידל קאָן זיין! זי קאָן דאָך אַפּטאָן די גרעסטע זאַך אַזוי אומ־שולדיק, אפילו נאָך בלייבן חנעוודיק דערביי!

— וואָס מאַכט ער? וואָס איז ער אַזוי פאַרלוירן געוואָרן?

הייסט עס פאַרקערט? ער איז גאָר דער שולדיקער? אָבער גאָר מאָדנע איז עס וואָס ער קאָן זיך אפילו נישט פאַרענטפערן. ער שטייט אָן לשון, שיער נישט ווי אַ פאַרשולדיקט ייִנגל. איז עס ווייל ער איז אַזוי אויפגעבראַכט, אָדער גאָר פּשוט, ווייל דאָס מיידל האָט אַזאַ בייזע מאַכט איבער אים?

סאַרא האָט געזען זיין פאַרלוירנקייט. שטיין איבער אים מיט פּראַגעס, וועלכע ער ענטפערט נישט, וואָלט זי אַליין געשטעלט אין אַ נאַרישער פּאָזע. אין אַזאַ פאַל איז דאָס בעסטע אַזאַ בחור אינגאַנצן צו פאַרדעקן מיט דרייסטקייט! און סאַרא קאָן דאָס! פּונקט ווי זי קאָן זיך באַליידיקן פון דער קלענסטער קליינינקייט, וואָס רירט אָן איר האָנאָר, אַזוי קאָן זי זיך אַריבער הייבן און מבטל זיין פּוסטע אָנשטעלן! און וואָס איז עס דען איצט אויב נישט אַ פּוסטער אָנשטעל? ער, פעליקס כּענטניק, האָט געוויס אַ רעכט צו נעמען אַלץ ערנסט... אָבער זי ווייסט דאָך אַז ווייניקסטנס פון איר זייט איז עס דאָך נישט מער ווי אַ פּוסטער אָנשטעל!

סאַרא האָט אים גוטמוטיק, אַזוי האַרציק־לאַכנדיק, גענומען אונטערן אָרעם:

— וואָס שטייט ער דאָ? וויל ער זיך נישט אַביסל איבערגיין?

און מערקווירדיק, זי האָט אפילו נישט געזען ווי דער הויכער חלוץ, יצחק, איז אויסגעבליבן הינטער איר, אָן אָנגעדראָדלטער. ס׳הייסט, סאַרא דאַרף אים שוין איצט נישט, ער קאָן שוין גיין...

בלויז איין טאָג נאָר, אינגאַנצן איין טאָג ווי סאַרא גלאָס האָט זיך אויף אַן אמת אַרומגעפירט מיט פעליקס כּענטניקן! אָבער איין טאָג אויף אַ זוניקער דעק פון אַ שיף, אינמיטן ים, איז מער ווי אַ גאַנץ יאָר טעג ערגעץ אין דער היים, אויף האַרטער ערד... אין דעם איינעם טאָג, נאָך דער לעקציע, וואָס סאַרא האָט געגעבן כּענטניקן אין שטאָלץ

זיין, האָט זי ביי אים דערגרייכט אַ סך מער ווי אין יאָרן ערגעץ אין אַ שטאָט.

אין לויף פון דעם איינעם טאָג האָט פעליקס כּענטניק געגעסן סאראס קוכן און געטרונקען דעם ווישניאַק, וואָס סאראס מאַמע, גיטעלע גלאָס, האָט מיטגעגעבן פאַר מאַטלען — אַ מתנה דעם היימישן בחור פון אַ נאָענטער שטוב...

און נאָך עפּעס האָט זי אין דעם איינעם טאָג דערגרייכט ביי פעליקסן: זי האָט אים אַוועקגעזעצט לעבן זיך, אויף דער אויסלייג־שטול, ווי מען זעצט אַוועק אַ געהאַרכזאַם ייִנגל. ער האָט גאָר אַליין נישט באַמערקט ווי טיף אַריינגעטאָן ער איז געוואָרן אין אירע אַלבאָמען מיט פאָטאָגראַפיעס... און סאראַ (אויסגערעכנט, צי פּשוט אומשולדיק?) האָט אים געהאַלטן אין איין ווייזן נייע און נייע פּאָזעס אירע. אָט שטייט זי אויף איין קאַרטע אַזוי פאַרחלומט, נאָך מיט לאַנגע, ווייך־געלאָקטע האָר, אָזש ביז דער טאַליע. זי שטייט מיט איין עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אָן אַ יונגער סאָסנע. די אויגן אירע זיינען דאָרט אַזוי פאַרחלומט אַז זי האַלט זיי קוים אָפן. „איינגאַנצן זעכצן יאָר איז זי דאָרט אַלט געווען". און אָט איז זי אין אַ פּאָזע גלייך ווי זי האָט זיך אָפּגעשוירן די לאַנגע האָר. זי שטייט דאָרטן גאָר אַן אַנדערע! אַ דרייסטע, אַן אַרויספאָדערנדיקע, די קורצע האָר לאָזן זיך נישט צאַמען. זיי פלאַקערן און פלאַטערן ווילד, אומגעצאַמט, ווי זי אַליין!

נאָר באַלד, ביים איבערמישן ס'בלאַט, האָט פעליקס געדאַרפט זיך מיט איר אָמפערן. איידער ער האָט באַוויזן צו זען פאַרוואָס, האָט סאראַ געטאָן אַ לייג אַרויף איר ווייסע האַנט פלאַך: „דאָס וויל זי נישט ער זאָל זען"... פעליקס האָט געפּרוּווט אַראָפּ נעמען איר ווייס הענטל פון דער קאַרטע, אָבער באַלד אויפגעגעבן:

— נישט? איז נישט!

סאראַ האָט דאָך באַלד אַליין אַראָפּגענומען איר האַנט. עס איז איינגעטלעך געווען בלויז אַ חנדל, אַ מין אַרויסרופן אין אים אַ גרעסערן דראַנג. אַז זי האָט דאָס דערגרייכט, אַז דער נייגער איז ביי אים געשטיגן געוואַלטיק, אַז ער האָט אויפגעהערט זיך אָמפערן; בלויז ווייל ער איז „אַ דזשענטלמאַן", מעג זי אים לאָזן זען. זי האָט זיך אפילו אַביסל געררויטלט אָבער געווען געוואַלטיק צופרידן, וואָס, נישט אויסרעכענענדיק, האָט פעליקס כּענטניק אַ געלעגנהייט זי צו זען אין אַזאַ פּאָזע...

עס איז געווען אַ פאָטאָגראַפיע ווי זי שטייט אין אַן ענג־געפּאַסטן באַד־קאָסטיום, פון איין שטיקל דין וואַלענס. אירע שלאַנקע פיס און

פּיין געפּורעמטע הענט זיינען אין גאַנצן ענטבלויזט. אירע שטייפע, מיידליש־רונדיקע בריסט, רייסן זיך ממש פון אונטערן וואָלנס אַפּער. אירע היפטן זיינען אַזוי אויסגערונדיקט, מיט אַזאַ פיינער דינער טאַליע אַז עס בעט זיך פשוט זי אַרומצונעמען.

פעליקס האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי ביי יענע פּאָזעס, צו זען די ענלעכקייט. ער איז געזעסן אַזוי פאַרכאַפּט, אַזוי איינגעגראָבן די אויגן אין דעם וואונדערלעכן קערפּער, אַז ער האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט ווי זיין בלוט האָט אָנגעהויבן זידן, ריזלען שטאַרקער, און אַן אומרואיקייט האָט אים אַרומגענומען.

ער האָט גאָר פאַרגעסן, פעליקס, אַז ערשט נישט לאַנג, אין וואַרשע, האָט ער דאָס זעלבע מיידל, פון דער קאַרטע, געלאָזט שטיין ווי אַן אויסגעפּאַטשטע, אין מיטן גאַס. ער האָט אויך פאַרגעסן אַז ערשט דאָ, אייער־נעכטן, האָט זי אים כמעט אַרויסגעוואָרפן פון איר קאַיוטע. און אַז זי איז „זיין ווייב״, פון וועמען ער דאַרף זיך בכלל האַלטן פון וויטנס, האָט ער אַוודאי און אַוודאי פאַרגעסן! אָט, מיט איינמאָל, איז אים דאָס אַלץ אַזוי אַרויסגעפלויגן פון זכרון...

פעליקס איז שוין אַזוי געזעסן לעבן סאַראַ ביז פאַרנאַכט. ווען עס איז טונקל געוואָרן האָט ער, גאָר אומבאַמערקט אַליין פאַר זיך, איבערגערוקט זיך אויף איר שטול. עס איז געווען ענג, אָבער פיינלעך זיס די נאָענטע וואַרעמקייט פון סאַראַס ווייך לייב.

זיסע שעהן זיינען אַזוי פאַרביי אין נאָענטער באַהאָפטנקייט. די נאַכט איז צוגעפאַלן אַזאַ שטילע, אַ מילדע און אַ טונקל בלויע, פונקט ווי דער שטילער, מילדער, טונקל־בלויער ים. די ווייסע שיף האָט זיך געגליטשט אין דער שטילער טונקל־בלויקייט. דער הימל האָט גע־פינקלט מיט שטערן. די לבנה, איבער דעם מאַסט, האָט געשוועבט אַזוי פייערלעך און געשפּרייט אַזאַ אידעלע, אַזאַ ציטעריג־מאַטע שיין.

סאַראַ איז געלעגן אויף דער שטול זייטיק, אָטעם צו אָטעם, מיט פעליקסן. פעליקס האָט זי געהאַלטן איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס. זי האָט געאָטעמט הייס, אפשר נאָך הייסער ווי פעליקס. זי האָט אייגנטלעך גאָרנישט געטאָן. זי האָט זיך בלויז געשפּילט מיט זיין שוואַרצן לאָק, וואָס האָט זיך אים געוויינטלט פאַרן שטערן... ביז, ער האָט געוואַגט, פעליקס. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך און איר אַ קוש געטאָן אויפן מויל.

סאַראַ איז כלומרשט געבליבן קאַלט. מיט אַלע כוחות האָט זי צוריקגעהאַלטן דעם ציטער, וואָס איר גאַנצער קערפּער האָט געטאָן. זי האָט בלויז אים געקוקט אַזוי צאַרט, אַזוי נאָענט, אַזוי שטום־פרעגנדיק

אין די גליאיקע אויגן, גלייך זי וואָלט עפּעס געוואָלט דערגיין, עפּעס זיך דערוויסן פון דעם בלאָס־בלייכן פּנים, וואָס זי האָלט פאַר זיך אַזאַ אָפּגעגאָסענס מיט מאָטן לבנה־שיין.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן שפּעטלעך. די דעק איז געוואָרן אַלץ לידיקער. אַלע ווילע זיינען אַנדערע לייט אויפגעשטאַנען צעקנאַדערטע פון די שטולן, געשטאַנען אַ ווילע, זיך געצויגן, דערנאָך אַזוי פויל געגאַנגען צו דער באַלויכטענער טיר, וואו זיי זיינען פאַרלוירן געוואָרן אַראָפּ, אין די קאַיוטעס אַריין.

אויך סאַרא האָט זיך אַ ריר געטאָן פון פעליקסעס אָרעמס. זי האָט אפילו נישט בדעה געהאַט זיך אַרויסצושיילן פון זיינע הענט, דאָך האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— ס׳ווערט שפּעט. ס׳קיל...

פעליקס איז געווען צופרידן וואָס עס ווערט שטילער אויפן דעק. ער האָט בכלל פיינט טומל, צו פיל מענטשן, אפילו ווען זיי זיצן שטיל. בפרט נאָך איצט! וועגן אים וואָלט מען געמעגט די לעמפּלעך, אַרום און אַרום דער דעק, אויך פאַרלעשן! סיי ווי לייכטן זיי עפּעס איצט אַזוי זשאָווערדיק, עפּעס ווי זיי וואָלטן פאַרזשאַווערט דעם מאָט־זילבערנעם לבנה־ציטער, וואָס הילט אַרום די שיף, דעם ים, די נאַכט, די וועלט, פעליקסעס גאַנצע וועלט!

ער האָט לייכט אָנגענומען סאַראַס אַקסלען און זי צוריק אָנגע־שפּאַרט אָן שטול־אַנלען. אַליין האָט ער זיך זייער פאַוואָליע אַוועק־געהויבן פון איר. ער איז אויפגעשטאַנען און גיך, מיט איין יאָג, אַראָפּ אין דער באַלויכטענער טיר. אין איין מינוט האָט ער זיך צוריק באַוויזן מיט פולע אָרעמס דעקעס און קישעלעך.

אויף דער עפּענונג, דורך וועלכע מען לאָדט אָן די שיף וואָס איצט אין מיטן וועג, איז זי פאַרמאַכט און פאַרצויגן מיט גרויע, ציכטיקע ברעזענטן, האָט ער געטאָן אַ וואָרף אַראָפּ דעם פּאַק דעקעס.

אויף דעם קוואַדראַט, וואָס זעט אויס ווי אַ בימה אין מיטן דער דעק, זיינען געלעגן פאַרלעך, איינגעוויקלטע אין דעקעס, שטילע, פאַר־טראַגענע... פעליקס האָט גאַנץ פאַוואָליע אויסגעשפּרייט די קאָלדרעס. סאַרא פון וויטנס, פון דער שטול אַראָפּ, האָט געזען ווי ער פאַרעט זיך דאָרטן, בויגט זיך, לייגט גלייך דאָס קישעלע... זיצנדיק אַליין, אַרומגענומען מיט נאַכטיקער קילקייט, האָט זיך איר געוואָלט אויפ־שטעלן און אַזוי, אומבאַמערקטערהייט, פאַרלוירן ווערן אַראָפּ, אין קאַיוטע אַריין. דער מזיק אין איר האָט זי דאָס געשטורכעט: נאָך אַ שפּיל זיך טאָן מיט דעם יונג, ווייל ער לייגט אַזוי פאַוואָליע גלייך דאָס

קישעלע... אָבער אַנשטאָט דעם איז זי נאָר אויפגעשטאַנען, און פּאַוואָליע, וויגנדיק די קוועליקע, אויסגערוטע היפטן, איז זי צוגעקומען צו אים.

צום ערשט האָט זי זיך בלויז צוגעזעצט אויף די אויסגעשפּרייטע דעקעס. דערנאָך האָט זי, אָן אַ וואָרט, זיך געלאָזט אַרומנעמען פון פעליקסן און זיך איינטוליען לעבן אים אונטער דער קאָלדרע.

פעליקס האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען מיט אַזויפיל צערטלעכקייט. און גראָד זי, פאַרשטעלט פון ווערענס אויגן, האָט זיך נאָכגעלאָזט און אים אַזוי הייס געקושט.

זי האָט געוואָגט, סאַראַ! ס׳ערשטע מאָל אין איר לעבן אַז זי האָט אַזוי פריי געקושט אַ יונגנמאַן און מיט אַזוי פיל פייער. עס איז געווען ווי די דינינקע, שפּינגעוועבטע ווענטלעך, וואָס זי האָט אַזוי קונציק אַרום זיך אַרומגעשטעלט, וואָלטן מיט איינמאָל געפּלאַצט, מיט איינמאָל אומגעפאַלן און — נישטאָ קיין שטער! און דאָס איז געווען דווקא איצט, דווקא אין מיטן ים, אונטער אַ פולער, שוועבנדיקער לבנה, ווייט פון יעדן, וואָס פאַרפּליכטעט, ווייט פון אַלץ וואָס בינדט; פריי, אומגעצוימט, האָט זי נאָכגעלאָזן אירע מיידלש־געהאַמעוועטע ליידנשאַפטן. דווקא איצט, צו להכעיס דעם מאַטלען מיט די ווייסע שטיקלעך שוים אין די בלויע מוילווינקלען, ווען זי קאָן אַזוי נישט פאַרטראָגן און פאַרט דאָך צו אים! צו להכעיס אים וועט זי צערייסן אַלע צאַמען, וועט זי פאַרשווענקען אַלע שליוזן:

— פעליקס, טייערער! אָט בין איך!...

פעליקס איז געווען באַרוישט. סאַראַס פלאַם האָט אים אָנגעצונדן. אירע ווייס־בלענדנדיקע בריסט האָבן אים פאַרשיכורט. ער האָט גאָרנישט געטראַכט, גאָרנישט געוואוסט אַז די אַלע שפּילן, די אַלע באַהעלטענישן, וואָס זי, סאַראַ האָט מיט אים געשפּילט, זיינען געווען כדי אָט דעם מאָמענט צו גרייכן...

— סאַראַ, ווילדע, פלאַמיקע סאַראַ!......

נאָך דער וואונדערלעכער איבערלעבונג זיינען ביידע געבליבן ליגן לויטערע, רואיקע, ממש נייגעבוירענע.

אַ היבשע ווילע איז אַזוי אַוועק אין שטילן שווייגן. שפּעטער האָט סאַראַ אונטערגעהויבן איר קאָפּ און זיך איבערגעבויגן איבער פעליקסן, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן פאַרטראָגן מיט די אויגן אַרויף צום אויסגעשטערנטן הימל. ער האָט אַ בליק געטאָן אויף איר. עפּעס זיינען זיינע אויגן געווען מאַט, פאַרלאָשן. סאַראַ האָט ווייך געקוקט אויף אים. די פרוי אין איר האָט איצט געגאַרט, געלעכצט מער נאָך

ווי פריער, ער זאָל איר עפּעס זאָגן; ער, דער, ווען זי האָט נאַרוואָס מיט אַזויפיל פרייד אונטערגעטראָגן איר לאַנג געהיטע מיידלשאַפט, ווען זי האָט געגעבן אַלץ, זיך איינגאַנצן, זאָל איר זאָגן עפּעס אַ גוט וואָרט, אַ ליבס, וואָס זאָל איר נאָכאַמאָל אַ וואָרעם טאָן, וואָס זאָל ווידער אַ צערטל טאָן איר אויפגעבראָכטע וועזן; אָבער אומזיסט! פעליקס איז געלעגן אַן אויסגעלאָשענער. ער האָט געשוויגן, ווידער געהאַלטן בכיוון זיין בליק אַרויף צו די שטערן, צו דער לבנה, וואָס שווימט און שווימט און וויל אַלץ נישט איבערשווימען דעם הויכן, שפּיציקן מאַסט...

סאַראַס גליקזעליקייט איז צערונען. קוקנדיק אויף דעם צוריק־געפאַלענעם פעליקס האָט אין איר אויפגעטייעט אַ וואָרעם, וואָס האָט גענומען נאָגן. עס איז נישט געווען קיין חרטה אויף דעם, וואָס עס איז נאַרוואָס מיט איר פאָרגעקומען... נישט דאָס האָט זי באַדויערט! עס איז געווען דער וואָרעם פון מורא און אומרו! ווער ווייסט? אפשר האָט זי אַליין, דורך דעם טאָקע... אים דערווייטערט פון זיך? טאָמער איז איצט דאָס איינציקע מאָל, וואָס זי האָט אים? אָט דעם מענטשן, נאָך וועלכן איר גאַנץ וועזן גארט אַזוי! ווער ווייסט? אפשר, נאָך אַ טאָג, מיטן באַטרעטן דעם האַרטן באָדן, ביים אַראָפּגיין פון שיף פאַר־שווינדט ער און — אויס! אַ סוף צו דעם וואונדערלעכן חלום?...

אויך אין פעליקסעס קאָפּ האָט זיך עפּעס געשפּונען. עפּעס האָט זיך דאָרטן געוועבט. עס איז אָבער געווען גאָר עפּעס אַנדערש! ער האָט געטראַכט אַז בלויז אין די ביכער קאָן מען געפינען אַזאַ מיידל ווי די סאַרא, אַזאַ וואַגענדע! און דאָ, אָט איז זי, אָט ליגט זי אין זיינע אָרעמס און ווער איז זי? ווי קאָן דאָס אַ מיידל אַזויאַ בעמען און זיך איבערגעבן אַ מאַן, ווען זי טרעפט צופעליק, היינטערוועגנס, אַן שום מורא פאַר רעזולטאַטן... אַן איבערטראַכטן וואָס ווייטער?

אין אָט דעם קאַלטן, לאָגישן טראַכטן, איז דאָס צערונען די וואונדערלעכע עקזאַלטירטקייט, פעליקסעס. די פליגל פון אומגע־צאַמטן טרוים זיינען צעבראָכן געוואָרן. עס איז קאַפּויער געקומען דאָס וואַכיקע, דאָס קליינלעך־שרעקעוודיקע:

— אפשר איז דאָס גאָרנישט געווען קיין צופעליקייט? אפשר איז דאָס איבערגעבן זיך אים געווען גוט און ווייבעריש־כיטרע געפּלאַנע־וועט?... לויטן געזעץ, אויפן פאַפּיר, איז זי דאָך שוין געווען זיין ווייב, נאָך פאַר דעם... איצט הייסט עס, האָט זי צוגעפירט צום פאַקטישן?...

פעליקסן האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּאַניק. עפּעס האָט ער געוואָלט איינשרומפּן, אַנטלויפן! פון דער אַנדער זייט האָט אים עפּעס אַ ביס געטאָן:

— אַזאַ טרוס ביזטו, פעליקס?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף סאַראַ. זי איז געלעגן לעבן אים מיט וואַכע, ווייכע אויגן. איר גאַנץ איינשרומפּן איז געווען נאָר צוליב זיין צוריקגעפאַלנקייט. איצט ווען ער האָט פּלוצים אַנגעשטעלט זיינע אויגן אויף איר, איז דאָס געגנוג געווען זי אַרויסצורייסן פון איר איינגעשרומפּנקייט. סאַראַס פלאַמען זיינען נאָך נישט געווען אויס־געגאַנגען אונטערן אַש פון קליינע, קאַלטע, וואָכיקע אויסרעכענונגען. סאַראַ וויל נישט, אַדער אפשר האָט זי גאָר מורא, צו טראַכטן וואָס מאָרגן וועט זיין. דערווייל איז איצט! און איצט האָט זי אים!...

זי האָט גענומען פעליקסן אין אירע ווייכע, מיידלשע אָרעמס, צוגעדריקט זיינע בלאַסע ליפּן צו אירע יונגע, שטייפע בריסט. זאָל, זאָל צעשמאָלצן ווערן! זאָל אַוועק ווי רויך אַלע זיינע קליינלעכע טראַכטעכישן, אַלע זיינע יינגלשע מוראס...

קאַפּיטל צוועלף

דעם גאַנצן טאָג נאָך דעם... האָט זיך סאַראַ גלאַט נישט געוויזן אַרויס אויפן דעק. זי איז געלעגן אין קאַיוטע, אין איר אונטערשטן, טונקלען בעטל, איינגעגראָבן אין צודעק. אירע ביישלעפערנס, די מיידלעך, האָבן איר געוואָלט עפּעס אַראָפּברענגען פון עס־זאַל. זיי האָבן געמיינט זי איז קראַנק. נאָר סאַראַ האָט געזאָגט עס איז איר גאָרנישט און אפילו נישט אויסגעדרייט צו זיי דעם קאָפּ.

די מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן דערנאָך גערעדט צווישן זיך. עפּעס האָט זיי אָנגעהויבן קלאָר ווערן איר היינטיק קומען אין קאַיוטע אַריין שוין אַ שטיק אויף טאָג... איצט, אַרויסקומענדיק אויף דער זון־באַגאָסענער דעק, וואו דער גאַנצער עולם, אַ געזונטער שוין, שווימלט מיט פרייד און לעבן, און דערזעענדיק דעם יונגנמאָן, מיט וועמען די סאַראַ האָט נעכטן פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג, ווי ער שפּאַנט אַרום אַ בלייכער, אַ צעטראָגענער, מיט דער קאַפּריזנער לאָק כמעט אין די אויגן, האָבן זיי אָנגעהויבן קלאָר באַנעמען, די מיידלעך, אַז עפּעס איז דאָ פאַרגעקומען אונטער זייער נאָז...

פעליקס האָט זיך טאַקע נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען. אַ טיפע איפטרייסלונג איז אין אים פאַרגעקומען. פון איין זייט די קליינלעכע, פּחדנישע מורא: טאָמער הילט זיך דאָס מיידל טאַקע אין אים איין ?... פון דער אַנדער זייט, דאָס געוויסן! אָט דאָס פּאַסקודנע געוויסן! צוליב אים, הייסט עס, האָט אַ מיידל געביטן איר גאַנצן מאַרשרוט. צוליב אים וועט זי שוין נישט פאָרן קיין תל אביב צו דעם מאָטלען. און ס׳קאָן דאָך זיין אַז דער מאָטל איז גאָרנישט אַזוי העסלעך און אָפּשטויסנד, ווי זי האָט אים אָפּגעמאָלן! און ווער ווייסט ווי דער בחור קוקט אויף איר די אויגן אויס? איצט, צוליב אים, וועט זי גאָר אַוועקפאָרן אין עפּעס אַ קאָלאָניע, איינע אַליין, אַ צעבראָכענע, אַ דערשלאָגענע, אַ רעזיגנירטע פון אַלץ! און אָט ערשט, אינגאַנצן עטלעכע טעג צוריק, האָט זי דאָך געלויכטן! פון איר האָט געשפּרודלט אַזאַ אָנרעגנדע, אַזאַ מיטרייסנדע פרייד. איצט, צוליב אים, ליגט זי דאָרטן אין קאַיוטע אָן אויסגעלאָשענע, ווי אַ טויטע גליאָונע.

אַרום, אויף דער דעק, האָט געווימלט מיט לעבן. די שיף דערנענטערט זיך אַלץ מער צום געגאָרטן ברעג. חלוצים ברויזן אויפסניי אויף אין זייער געזאַנג און טענץ. אומרואיקע יידן האָבן שוין, אַ מעת לעת פריער, גענומען האַוועןן אַרום זייערע פּעק. אפילו מאַטראָזן פאָרען זיך דאָרטן, אין דער עפענונג, גרייטן צו די לאַדונג, אַרויסגעוואָרפן צו ווערן אין חיפהער האָפן. פון אַלעמען אָטעמט מיט אומרו, מיט דערוואַרטונג. בלויז אים אַליין, פעליקסן, דאַכט זיך אַז קיינמאָל וועט זיך די רייזע נישט ענדיקן — אַז גאָרנישט האָט ער צו דערוואַרטן... און ער האָט זיך דאָך די רייזע לחלוטין אַנדערש פאָרגעשטעלט! אַ פרייער, אַ לייכטער וועט ער דאָס אַ פּלי טאָן! פּונקט ווי אַ פויגל וועט ער פליען, פּונקט ווי אַ פויגל וועט ער פריי זיך שטעלן וואו ער וועט נאָר וועלן... ער איז יונג, זיינע פליגל זיינען שטאַרק, ער האָט כח!... איז אָט!

שטונדן לאַנג איז ער אַזוי געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער ביים שיף־צוים אַריבערגעבויגן און געגלאָצט אין בלויען ים אַריין, וואָס ליגט אַזוי רואיק, וואָס מיניעט זיך אין דער זון אַ סך רואיקער ווי זיין האַרץ איצט, אונטער דעם ווייסן, שטייף געפּרעסטן העמד.

אַ מיידל איז פלוצים צוגעקומען:

— אפשר ווייסט ער פאַרוואָס סאַרא שטייט נישט אויף? עפּעס האָט זי פריער געוויינט סאַרא...

טאָמער איז דאָס געווען ווייניק פאַר פעליקסן, איז שפּעטער צוגעקומען יצחק, דער הויכער חלוץ, און אַזוי הייזעריקלעך, מיט אַפּענעם כּעס, אים געפרעגט:

— צי ווייסט ער נישט וואו עס איז פאַננאַ גלאָס? זי איז אפילו אין עס־זאַל נישט געווען!

ער ווייסט שוין גאָר, פעליקס! צום וויפלטן מאָל איז ער שוין אַראָפּגעגאַנגען צו איר קאַיוטע? דאָס וויפלטע מאָל איז ער שוין געשטאַנען הינטער דעם ברוינעם טירל מיטן מעשענעם קליאַמקעלע אין זיין ציטעריקער האַנט:

— סאַרא? סאַרא!

און זי האָט אים נישט געענטפערט, אפילו מיט קיין אָטעם נישט געלאָזט אים וויסן אַז זי איז דאָ, אַז זי הערט!

דאָס לעצטע מאָל, נאָכן באַזוך ביי איר טיר, איז דאָס אויפגעגאַנגען אין אים דער שאַרפער טאָפּלמויליקער וואָרעם. און אָט שטייט ער כלומרשט, פעליקס, און באַטראַכט די בלויקייט פון מיטלענדישן ים, אין דער אמתן פייניקט ער זיך: „וואָס האָט ער זיך דאָ פאַרפּלאָנטערט?" נאָר וועמער איז דען שולדיק? ווי האָט אים געקאָנט איינפאַלן אַז אָט די לאַכנדיקע, שטיפעריש זאַרגלאָזע סאַרא זאָל מיינען אַזוי ערנסט?...

פעליקסן איז איצט קלאָר געוואָרן אַז אַלץ וואָס מאַטערט אים איז בלויז דאָס געוויסן... צוליב אים, הייסט עס, האָט דאָס מיידל געביטן איר מאַרשרוט. אים האָט זיך געדאַכט, ווען סאַרא זאָל יאָ פאָרן צו דעם מאַטלען וואָלט קיין געוויסן דאָ נישט געווען! עס וואָלט אים גאָרנישט געאַרט. ער וואָלט זיכער נישט געהאַט קיין פאַרדרוס אויף דעם, וואָס איז דאָ צווישן אים און סאַרא פאַרגעקומען... עס וואָלט פאַר אים געווען בלויז אַן אַנגענעמער „עפּיזאָד"... אַזוי אָבער, פילט ער, וועט ער קיין רו נישט האָבן! ווער ווייסט אויב דאָס מיידל וועט נישט צוליב אים רואינירן איר לעבן!

הייסט עס, פאַר יעדן פּרייז, מוז ער זען זי זאָל יאָ פאָרן צו דעם מאַטלען!

ער איז ווידער אַראָפּ צו איר קאַיוטע. עס איז שוין באַלד געווען נאָכט. אין מזרח זייט, אַנטקעגן דעם פאַרשטן מאַסט, איז שוין געווען אַרויסגעשוואומען אַ דין פּעניצל לבנה, ווי דער בלאַנקער שאַרף פון אַ זילבערנעם סערפּ. אַ ווינטל האָט געפּלאַטערט קיל. די לעצטע נאַכט אויף דער שיף קומט אָן. באַלד אין דער פרי, מאָרגן, וועט טאָן

אַ שווים אַרויס אין האַריזאָנט חיפה! ווי קאָן ער זי אַט אַזוי אַ לאָזן? אַט אַזוי אַ זיך טאָן אַ צעשייד מיט איר?

דאָס מאָל איז איר טיר געשטאַנען ברייט אָפן. אַנטקעגן דער טיר, אין שפּיגל איז געשטאַנען סאַראַ, אַן אָנגעטוענע, אַ צוגעקעמטע. זי האָט בלויז מיט אַ קליין רויט פּענדעלע צוגעפּאַרבט אירע לאַכנדיקע ליפּן.

אין שפּיגל האָט זי אים דערזען נאָך פון ווייטנס, אין לאַנגן קאָרידאָר, ווי ער גייט צו איר. אויך פעליקס האָט געזען איר פּנים אין שפּיגל, ווי אירע ווייסע קליינע הענט פאַרען זיך דאָרטן מיט דעם שטיקעלע רויטס. אין שפּיגל האָבן זיך זייערע אויגן באַגעגנט. סאַראַ האָט אַ לאַך געטאָן, באַלד האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער טיר, אַ פרייע, אַ דרייסטע, גליך גאַרנישט וואָלט געווען צווישן זיי די לעצטע נאַכט אויפן דעק.

גראָד פעליקס, גייענדיק איר אַנטקעגן, האָט נישט געקאָנט קוקן איר פריי אין פּנים. עפּעס האָט ער זיך געשעמט, אָדער אפשר איז דאָס געווען דאָס שולדגעפיל? סיי ווי, ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיינע אויגן.

סאַראַ האָט דאָס באַמערקט. גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען אין קאַיוטע האָט זי אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף זיינע אַקסלען און אַזוי, פשוט, אויף איר שטייגער, גראָד ווייל ער וויל נישט, געוואָלט אים קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. פעליקס האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. סאַראַ האָט אים אַ שטופּ געטאָן פון זיך:

— יינגל!

פעליקסן האָט דער זאָג לחלוטין נישט באַליידיקט. ער האָט נאָר לאַנג נאָכדעם געטראַכט ווי אַנדערש די פרוי איז אין דעם פאַל פון מאַן. פאַר דעם... איז זי די שעמעוודיקע, די צוריקגעהאַלטענע. גלייך דערנאָך באַגעגנט זי אים שוין מיט אַ פריי און אָפן פּנים און ער גאַר באַהאַלט די אויגן.

סאַראַ איז מיט פעליקסן אַרויס אויפן דעק. אַ פולע לבנה האָט ווידער געשוועבט איבערן מאַסט. אַ יונגער, בלויער אָונט האָט געפלאַטערט איבער דעם ים. די לעמפּלעך אַרום און אַרום דער דעק זיינען ווידער געווען אָנגעצונדן. די אויסלייג שטולן זיינען געווען אַוועקגענומען. מאַטראַזן האָבן זיך געפּאַרעט ביי די שווערע קאַלבעס. דורכן טאָג, וואָס זי, סאַראַ, איז אָפּגעלעגן אין קאַיוטע, איז די שיף דאַכט זיך אָפּגעפאָרן דעם גאַנצן וועג. איצט בלאָזט עס שוין מיט לאַנד. מען פילט דעם ברעג אין דער לופט. די זאָרגלאָזיקייט פון ליגן

אויף אויסלייג־שטולן איז אַוועק. מענטשן ווערן צוריק ערנסט. מאָרגן קומט מען אָן אין חיפה. טעג פון זאָרג דערנענטערן זיך.

סאַרא און פעליקס שפּאַצירן איבערן דעק פון שיף. זי איז זייער ערנסט, סאַרא. זי ווייסט אַז אַ סך פּאָר אויגן פאָלגן נאָך זייער שפּאַציר. פאַר די עטלעכע טעג אויף דער שיף האָט מען זי גוט געהאַלטן אויפן אויג. סיי איר קבוצה, פון וועמען זי האַלט זיך פון וויטנס, סיי יצחקי, וואָס באַווייזט זיך אַלעמאָל ווי אַ שאָטן, סיי די מיידלעך, אירע ביישלעפעריגס, אַחוץ נייע באַקאַנטע, אַלע האַלטן זיי אָן אויג אויף איר מיט פעליקסן. אָבער עס אַרט זי נישט. זי איז איצט פאַרטאָן אין ערנסטן געשפּרעך. וואָרעם עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז נישט נאָר איז זי געווען די דרייסטע, כמעט די אָנגרייפערין, נאָר זי איז אפילו די שטאַרקערע און אוודאי און אוודאי די שטאָלצע!

— ער דאַרף זיך נישט מאַכן קיין פאַרוואורף! ער איז דאָ גאָרנישט שולדיק! דאָס האָט זי אַזוי געוואָלט. און זי, סאַרא גלאַס, האָט נישט קיין חרטה אויף איר טאַט!... וועגן שפּעטער? אַוודאי וואָלט זי נישט געוואָלט מיטן באַטרעטן דעם באָדן זאָל אַלץ צווישן זיי זיין געענדיקט. אָבער וואָס קאָן זי טאָן? זי זעט אַז ער האָט זי נישט ליב. אין זיין פאַרביסן שווייגן זעט זי דאָס. אַוודאי טוט אַ פרוי ווי ווען בלויז איר קערפּער האָט פאַרכאַפּט דעם מאַן, וועמען זי האָט ליב. אָבער קיין פאַרוואורף דאַרף ער זיך נישט מאַכן. זי האָט ליב האָט זי גענומען פון דער ליבע וואָס זי האָט געוואָלט און וואָס זי האָט געקאָנט... שפּעטער? נו, אפשר איז איר גורל אַזאַ? אפשר איז איר באַשערט בלויז צו פאַרזוכן פון דעם בעכער פון גליק? און אפשר האָט זיך דאָס גליק בלויז געוואָלט מיט איר אַ שפּיל טאָן? אויב אַזוי, וואָסער זין וועט האָבן איר ניי געיעג? סיי ווי איז איר שוין אַלץ איינס. איז צו וואָס נאָך פאָרן זיך באַזעצן אין אַ קאָלאָניע, וואו דאָס יינגל־מיידל שפּיל וועט זיך געוויס אויפסניי אָנהויבן! צו וואָס? אַז קיין כח איז מער נישטאָ, קיין ווילן אוודאי נישט און נאָך וועמען וועט זי זיך יאָגן? אַז דעם וואָס זי האָט געזוכט האָט זי שוין געפונען, געפונען און — באַלד צוריק פאַרלוירן. איז וואָס איז שוין דער אונטערשייד ווער דער „ער" וועט זיין? עס קאָן שוין איצט זיין אפילו מאָטל!...

פעליקס האָט זי אויסגעהערט שווייגנדיק. פריער האָט זיך אים געדאַכט: אויב ער זאָל זי קאָגען באַוועגן יאָ צו פאָרן צו דעם מאָטלען איז ער אויסגעלייזט, איז ער פריי פון דעם גאַנצן "עפּיזאָד". איצט

אבער ווייסט ער אויפסניי נישט וואס מיט אים קומט פאר. דאס טונקלע געפיל אין אים נאגט ווידער און אפשר נאך שטארקער! ערשט איצט ווייסט ער נישט אויב ער וויל זי זאל יא פארן צו מאטלען, אדער נישט. זי, סארא, ווי קלאר און פשוט און ווי אויפריכטיק אלץ איז ביי איר! זי האט זיך פארליבט. זי האט אים געוואלט געווינען, געווינען פאר זיך אינגאנצן! אי זי קאן נישט? איז וואס נאך קאן זי טאן חוץ פארוויטיקט רעזיגנירן און לאזן ס'לעבן אירס זיך טראגן ווי א צעבראכן שיפל איבער די שטורמישע וואסערן?

ווי לייכט עס וואלט איצט פאר פעליקסן געווען, ווען די סארא לאזט אויף זיך א ביסל מיטלייד האבן! אבער סארא גלאס איז נישט קיין מיידל וואס דערוואַרט מיטלייד! עס קאן זיין אז זי האט גאר מיטלייד מיט אים! ער איז איצט עפעס אזוי געבראכן! אמת, רעזיגנירט האט זי. אבער זי גייט אוועק די שטאלצע!

א גאנצע נאכט האבן זיי ארומגעבלאנקעט איבער די שיף־דעקן — שטיל גערעדט און נאך שטילער געשוויגן. פון מאל צו מאל זיך צוגעזעצט ערגעץ אויף אן איינזאמער שטול, זיך אנגעשפארט אן טרעפ, געשטאנען ביים שיף־צוים מיט פוסטע, גלאצנדע אויגן אין דער נאכטיק, ימיקער ווייטקייט. זיי זיינען דאכט זיך געווען אזוי נאענט איינער צום אנדערן און דאך אזוי ווייט! עפעס פונקט ווי א מעכטיקע וואנט וואלט זיך צווישן זיי אוועקגעשטעלט, א וואנט פון טראכטן, זארגן, פרעגן.

די שיף האט זיך אלץ געגליטשט פאראויס, געשניטן די טיפע וואסערן, פארבייגעשוואומען אינזלען, מענטשן האבן געליארעמט, זיך געפרייט, נאר פאר זייביידן האט דאס אלץ קיין באדייטונג נישט געהאט!

פארטאג. די לופט ווערט בלויער, בלויער. דער ים־פלאך שיילט זיך אויס אלץ בולטער, מיט א בליאסק, ווי א רואיקער, בלוי־גלאנ־ציקער שפיגל. פעליקס און סארא זיצן אין פראנט דעק, אונטער די שווערע קאלבעס און גלאצן אין דער ווייט. אין בלויען האריזאנט האט זיך באוויזן דער טונקלער סילועט פון א בארג. אלץ קלארער און בולטער שיילן זיך אויס זיינע קאנטורן ביים בלויען, פארטאגיקן הימלראנד. די מיד־אוועקגעפאלענע דעק הייבט זיך אן באוועגן. אלע ווילע קומען זיך אן צו שארן צעקנייטשטע, פארשלאפענע שאטנס, שטעלן זיך גלאצן אין דער ווייט. עמעץ טוט א שאל ארויס — חיפה! הכרמל! יידן מיט פארפעדערטע בערדלעך און צעקנייטשטע יארמלקעס קומען ארויס פון די קאיוטעס גאפן אויף דעם

וואונדערלעכן כרמל, וועלכן זיי האָבן פון קליינוויז אויף געזען אין דמיון אָבער קיינמאָל אויפן וואָר. און חלוצים, פון גרויס פרייד, צעלאָזן זיך אויפסניי אין אַ הורא. אין אַ ראָד, מיט פאַרוואָרפענע קעפ אַהינטער, אין גרויס עקסטאַז, דרייען זיי זיך און שאַלן אין פאַרשלאָפע־נעם בלויען פאַרטאָג אַריין:

— הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים, גם יחד!

די שיף קומט נעענטער. אין דער ווייט לויכטן אויף צווי אויסגערונדיקטע שאָסייען וואָס ציען זיך פון ברעג אַרויס ווייט אין אָפענעם ים אַריין, ווי צווי מעכטיק־אויסגעשפרייטע אָרעמס — אַ בוכטע פאַר אַריינקומענדיקע שיפן. אין דער הויך טראָגט זיך אַן אַ זשומעריי פון אַ מאָטאָר. דער עולם פאַרדרייסט די קעפ. אין דער לופט פליט אַן עראָפּלאַן ווי אַ ריזיקער פויגל גלייך אַנטקעגן דער שיף. נידריקער און נידריקער לאָזט ער זיך אַראָפּ און אַט צירקלט ער שוין אַרום דעם סאַמע מאַסט פון שיף. פלוצים נעמען פליען פון עראָפּלאַן אַרויס פינטעלעך, וואָס דרייען זיך אין בלויען חלל און נעמען פאַלן, פּאַוואָליע, פּאַוואָליע אויף דער דעק אַראָפּ, אין וואַסער אַריין, ביז דער מיטגעריסענער עולם כאַפּט זיך אויף פון דער פאַר־בליפטקייט און דערזעט... רויזן! רויטע און ווייסע רויזן, עפּעס ווי אַ פלוצימדיקער בלומען־רעגן פון הימל אַראָפּ. באַלד ווערט אַ פריידיק געשריי אַרויף צום צירקלענדיקן עראָפּלאַן: הידד! יחי ארץ ישראל!

צוריק פאַרשווינדט דער עראָפּלאַן אין דער בלויער ווייט אַריין און דער עולם דערוויסט זיך אַז דאָס איז געווען אַ ס'קאַצל־קומט פון ארץ ישראל־ישוב צו דער ערשטער, פול־געפּאַקטער שיף מיט יידישע עולים פון פוילן.

ביסלעכווייז שווימט אָן דער ברעג און מיט אים דער כרמל, וואָס ווערט אַלץ העכער און העכער. קלאָר שיילן זיך אויס די קליינע הייזלעך וואָס דראַפּען זיך פון זיין פוסטריט ביז דער קני זיינער, דער נייער הדר! פון ווייטנס, אין זייער באַהעפטקייט אָן באַרג, זעען די הייזלעך אויס ווי אַ בינטל פיל־פאַרביקע בינען אויף אַ רונדן בינ־שטאָק. און ער אַליין, דער כרמל, איז עפּעס מוראדיק שיין, אַזוי נאַקעט שיין! אַנשטאָט מאַנאַטאָן גרין, ווי אַנדערע בערג, שימערירט ער אַנט־קעגן אין אַ פאַרבן־שפּיל פון ברוין און גרוי און געל און גאָלדיקער ראַסט.

דער קאָפּ פון כרמל האָט זיך אָנגעצונדן. אַ רויטער פּאַס האָט אויפגעפלאַמט. אין איין מינוט איז דער מזרחדיקער האַלבער הימל

געווען אין פלאַמען. און פון אונטערן באַרג, ווי אַ גליאיק אויג, האָט זיך די זון געדרוקט אַפער, אַפער, ביז זי האָט זיך אָפּערגעקראָגן און זיך צעשײַנט אין איר גאַנצער פּראַכט.

טאָג. דורך דער לעצטער נאַכט האָבן פעליקס און סאַרא שוין אַלץ אויסגערעדט. בישטאַ מער וואָס זיך צו זאָגן! עס איז איצט קלאָר פאַרביידן אַז מיטן באַטרעטן דעם באָדן איז אַלץ אויס! דער עיקר זעט סאַרא קלאָר אַז פעליקס האָט פאַר איר גאָרנישט! פאַר אים איז דאָס אַלץ טאַקע געווען בלויז אַן עפּיזאָד... פון אַנהויב אפשר אַן אנגענעמער, איצט אָבער אַ פּיינלעכער עפּיזאָד און ער באַצאָלט טייער דערפאַר! זי זעט דאָס! זי זעט דאָס אין די אונטערגעהאַקטע אויגן זײַנע, אין דער בלאַסקייט פון זײַן געזיכט! אפילו אין דער צעשויבערטקייט פון זײַנע האָר זעט זי דאָס!

די שיף האָט זיך אַרײַנגעקערעוועט אין חיפהער האַפן. פּאַוואַליע, פּאַוואַליע איז זי צוגעשוואומען צום בעטאָנענעם ברעג. ערשט איצט איז אָנגעשטאַנען אַ געפילדער! די ריזיקע קאָלבעס האָבן זיך גענומען דרייען און וויקלען אַראָפּ, צום ברעג, ריזיקע קאַנאַטן צו פאַר־אַנקערן די שיף. מאַטראָזן זײַנען געלאָפן הין און צוריק. יידן מיט ווייבער און פּעק און קינדער האָבן זיך געפּלאָנטערט איבער די דעקן, געקראָכן העכער, צו דער אויבערשטער דעק, וואו, ביי אַ טירעלע, לעבן צוויי מאַטראָזן, ווי וועכטער, זײַנען שוין געשטאַנען חלוצים און חלוצות מיט זייער געפּעק אין אַ לאַנגער רייע גלייך זיך צו לאָזן מיט די שמאָלע שיפע טרעפּ אַראָפּ צו דעם לאַנג געגאַרטן ברעג.

אויך פעליקס און סאַרא האָבן זיך געמוזט שטעלן אין רייע. סאַרא פאָראויס, פעליקס הינטער איר. פּאַוואַליע האָט זיך די רייע געדרוקט. אָט איז מען אויפן בריקל, אָט אויף די טרעפּ. אַראָפּ, אַראָפּ, גייט מען און אָט איז באָדן, האַרטער, קאָנקריטענער באָדן! ענגלישע באַאַמטע, ווייסע און אַראַבער, שטייען צושטעלט און היטן די רייע זאָל זיך ציען אַרײַן אין די צעעפנטע טירן פון די גרויסע, פענצטערלאָזע קאַזאַרמעס, וואו מען וועט איבערטאַפּן די פּעקלעך און... שוין, זיי קאָנען שוין גיין!

אַלץ איז צוגעגאַנגען שנעל, צו שנעל פאַר ביידן! אַרויסקומענדיק מיט די האַלב צעעפנטע וואַליזקעס פון דער קאַזאַרמע, אין מיטן דעם געפילדער פון די עמיגראַנטן, פון די וואַרטנדיקע קרובים, וואָס שרייען אויף דער שיף אַרויף: — חיה, וואו ביזטו! יצחק, זאָרג נישט, וועסט באַלד זײַן אונטן! זײַנען ביידע געבליבן שטיין צעטומלטע, פאַרלוירענע האָבן זיך ביידע אַנגעקוקט. סאַרא איז געווען בלאַס,

נאָך בלאָסער פאַר אים. די רויטע פאַרב פון אירע בליִענדע באַקן איז געווען פאַרווישט פון דער לעצטער נאַכט. אירע גרוי־בלויע אויגן — אויסגעלאָשן! נישט געווען קיין סימן פון דער שטענדיקער ליכטיקייט אירער.

סאראס גרופּע, נאָך ווען זי האָט געצויגן אין דער רייע, איז איינציקווייז אַריין אין אַ פאַרמאַכט וועגעלע, אַ ביידל אויף רעדער, מיט אַ גרויסן אויפשריפט: „בית עולים". דער שמייסער, מיט דער בייטש אין האַנט, איז געשטאַנען ביים טירל מיט די צווי נאָכהענגנדיקע טרעפּלעך און אונטערגעיאָגט. ער איילט זיך! ער דאַרף נאָך באַלד צוריק קומען ווידער אָנפילן דאָס וועגעלע מיט חלוצים און זיי פירן אַהין, וואו זיי וועלן אָפּרוען אַכט טעג, ביז זיי וועלן צעשיקט ווערן אויף זייערע ערטער.

סאַרא איז געווען די לעצטע אַריינצוגיין אין דעם וועגעלע. זי האָט אַ לעצטן בליק געטאָן אויף פעליקסן. נישט זי האָט אים געגעבן די האַנט, נישט ער איר. נישט זי האָט געזאָגט אַ וואָרט, נישט ער.

ס'וועגעלע האָט גערירט. דאָס פערד האָט גענומען ציען באַרג אַרויף. דורך דעם אָפענעם טירל, ווי פון אַ שטייג אַרויס, האָט סאַרא געזען ווי פעליקס איז געבליבן שטיין מיט זיינע וואַליזקעס ביי די פיס און קוקט נאָך דעם וועגעלע, וואָס רעדלט אַוועק. זי האָט גלייך צוגענומען די אויגן. זי האָט איצט געקוקט פאַרזיך, צו דעם לאַנגן, אַספאַלט־גלאַנציקן וועג, וואָס לויפט און שלענגלט זיך, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט מיטן ים, אַהין, דאָרט אין בית עולים, וואו זי וועט קאָנען ליגן גאַנצע אַכט טעג און נאָכטראַכטן: וואו אייגנטלעך ליגט איר וועג? צו וועלכער קאָלאָניע ציהט ער זיך? אָדער גאָר צו וועלכער קיך, וואו זי וועט דאַרפן סקראָבן דעם שמוץ פון עמעצן אָדער אפשר דאָך צו מאָטלען, וואָס פיבערט דאָרטן, אין תל אביב, אַן אומגע־דולדיקער, אַ צעטראָגענער, צי וועט זי יאָ קומען? אָדער וועט זי נישט קומען?...

פעליקס איז נאָך לאַנג געשטאַנען מיט זיינע וואַליזקעס ביי די פיס אין מיטן געטומל. פאַרביי אים זיינען געלאָפן אַראַבער אין ברייטע, געפּאַלבטע, לייוונטענע הויזן, פאַרנומען ביי די קנעכלעך, ווי געפענטעטע, ברייטע יאַקעס. מיט אַ געקוויטש, מיט אַ געשריי האָבן זיי זיך אָנגעטראָגן, געוואָלט כאַפּן זיינע וואַליזקעס, טראָגן זיי וואו ער וויל. קרובים זיינען זיך געפּאַלן אויף די העלדזער. אויטאָס האָבן געטרובעט. וועגעלעך מיט דעם אויפשריפט „בית עולים" זיינען

צוגעפאָרן און אָוועקגעפאָרן. אַלץ האָט זיך אים געדרייט פאַר די אויגן אין אַ זינלאָזן געדריי. נאָר איבער דעם אַלעם האָט ער געזען דעם אָפּענעם קוואדראט אין דעם וועגעלע, וואו סאָרא איז געזעסן און די צוויי הויכע הינטערשטע רעדער, ווי זיי דרייען זיך, דרייען זיך אָוועק, אָוועק ווייט, ביז זיי פאַרשווינדן אים פון אויג.

## קאַפּיטל דרייצן

עס איז געווען אַ כמאַרנע נאַכט. פעליקסעס ערשטע און איינציקע נאַכט אין חיפהער האָטעל. גלייך ווי מען האָט אים אַריינגעפירט אין צימער איז ער אַוועקגעפאַלן אויפן בעטל און געבליבן זיצן אַ פאַרטראַגענער, ווי אין אַ טשאַד. לאַנג האָט זיך אים דאָרטן געטשאַדעט אין מח: „אַ מיידל. אַ נעץ. פאַרוויקלט...״

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי, איז דאָס נעכטיקע בלייַ פון מח געווען אויסגערונען, אנשטאַט דעם איז ער געווען אַרומגעכאַפּט פון עפּעס אַ בהלה־געפיל, פול מיט פּאַניק: שוין אַנטלויפן! שוין אָוועק פון חיפה!

די פּלענער, מיט וועלכע פעליקס כּענטניק האָט זיך אַרויסגעלאָזט קיין ארץ ישראל, זיינען אפילו געווען אַנדערע. טאַקע דאָ, אין חיפה, האָט ער געזאָלט בלייבן, זיך אַרומקוקן וועגן עפּעס אַ פּרנסה, וואָס זאָל קאָנען פאַרבייטן דעם טאַטנס חרוב געוואָרענעם וואַלד־מסחר אין פּוילן. ביז וואָס־ווען האָט ער זיך געזאָלט דאָ נעמען צו עפּעס אַן אַרבעט. איצט אָבער איז אויס מיט די אַלע פּלענער. נישטאָ איצט קיין זכר פון זיי! בלויז איין באַגער איז איצט ביי אים פאַראַן: אַנטלויפן! אַנטלויפן פון דאָרט, וואו די סאָרא געפינט זיך!

פונקט ווי ער האָט זיך נעכטן אַריינגעשלעפּט אין דעם האָטעל, באַלד ביים האָפן, אַ פאַרטראָגענער, אַ בלייענער, אָן אַ ווילן, מיט בלויז איין באַגער: אַ בעט, זיך דערוויף אַרויף צו וואַרפן אין אַלעם, צו לאָזן דעם מידן גוף איינזינקען, אַזוי איז ער איצט, באַלד אין דער פרי, אַרויס פון דעם האָטעל ווי אַ געיאַגטער, ממש אַ שטיק אומרו, וואָס וויל לויפן, לויפן, און ווייסט אַליין נישט וואו.

— נאָר פאַרוואָס נישט תל אביב? אַז סאָרא איז געבליבן דאָ, קאָן ער דאָך פאָרן אַהין! אַגב האָט ער דאָך דאָרטן אַ קרוב, אויפן שרון.

גיך און אימפעטיק האָט פעליקס, מיט די צווײ וואַליזעס אין בײדע הענט געגומען ציען באַרגאַראָיף צום טומלדיקן הדר — און כל זמן דער רויטער אויטאָבוס איז נאָך געשטאַנען אופן הדר־הכרמל, האָט ער אינווייניק נאָך אַלץ נישט געקאָנט אײנזיצן. עס האָט אים געהויבן, גלײך מיט דעם הייבן זיך וואָלט ער געמאַכט די מאַשין גײן.

שפּעטער, ווען דער אויטאָבוס האָט ענדלעך געריירט און גענומען זיך קערעווען דורך די שמאָלע, שטויביקע חיפהער געסלעך, האָט זיך פעליקס באַרואיקט.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי: באַרואיקט! עס איז נאָר אַוועק פון אים די פּאַניק, אָט דאָס טרײבן אים צו לויפן! עס איז אָבער צוריקגעקומען די נעכטיקע אָפּהענטיקײט! ווי ער וואָלט צוריק אָנגע־גאָסן געוואָרן מיט בלײ. דערצו נאָך: אַ טויטלעכע רעזיגנירטקײט! אַ צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט גאָרנישט געוואָלט!

ער איז געזעסן בײם פענסטערל און געקוקט אויף די נידריקע, גרוי־ערדענע, אַראַבישע כאַטעס, וואָס מען פאָרט דורך. דערנאָך אויף דעם גלאַטן קאָנקריטענעם שאָסײ, וואָס לויפט אַנטקעגן ווי אַ ברײטע לענטע אויף אַ ראָד אַרויף. ער האָט געקוקט אויף די גרויע בערג, וואָס ציען פאַרבײ, אין בײדע זײטן און לויפן אָפּ הינטער אים, הינטער אים; ווי עס שווינדן פאַרבײ טויטע, שטויביקע טאָלן; ווי אָט, אָט, פאָרט דאַכט זיך די מאַשין אַרויף אויף אַ דרימלענדיקן אַראַבער, וואָס זיצט אַראָפּגעזונקען אויף אַ קלײן אײזעלע. די מאַשין טוט אַ פלי אָן! דאָס אײזעלע טוט אַ דריגע מיט די הינטערשטע פיסלעך און שוין איז עס אויך פון הינטן, פון הינטן. אַלץ אַנטלויפט אים פון הינטן, פעליקסן, נאָר נישט זי, סאַראַ! כסדר ציט זי אים נאָך אין דער בלויער, דורכזיכטיקער לופט, פאַרן פענצטער. אַ ליכטיקע, אַ שוועבנדיקע ציט זי מיט אים אויף דעם זעלבן וועג...

שטונדן לאַנג האָט זיך אַזוי געצויגן דער וועג. דערנאָך, נאָך האַלבן טאָג, ווען ער איז אָנגעקומען אין תל אביב, איז ער געווען נאָך מידער, נאָך פאַרטראַגענער ווי נעכטן פאַרנאַכט בײם אַרײנקומען אין חיפהער האָטעל. פון פאַרן איצט אויפן שרון צום קרובל האָט קײן רײד נישט געקאָנט זײן. יעדעס וואָרט וואָס ער וואָלט באַדאַרפט זאָגן איז פאַר אים איבריק געווען. און זיכער איבריק און שווער וואָלט אים געפאַלן דאָס טרעפן זיך מיט באַקאַנטע מענטשן.

ער האָט זיך ווידער פאַרקליבן אין אַ קלײנעם האָטעל, אויף אַ זײטיק, שטיל געסל. דאָס צימער איז געווען אַ קילס, אָן אָנגענעמס, מיט אַ קילן באָדן פון מאַט־רויטע שטײנערנע קאַכלס. פאַר דעם

לאַנגן פענצטער האָט געהאַנגען אַ שיטערע פאַרהאַנג, דורך וועלכער עס האָט זיך געזען אַ קליין גערטל מיט נידריקע, טונקל גרינע ביימלעך.

דאָס האָטעל־בחורל, וואָס האָט אים אַריינגעוויזן אין צימער, האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. פעליקס איז געבליבן שטיין מיט די צוויי וואַליזקעס אין מיטן שטוב. עס איז דאָ געווען שטיל, קיין שאָרך פון גאַס האָט זיך אַהער נישט דערטראָגן. אין דעם צימער — האָט פעליקס געטראַכט — וועט ער קאָנען אָפּרוען עטלעכע טעג, פאַרגעסן דעם „עפּיזאָד" און זיך נעמען איינאָרדנען זיין לעבן אין דעם נייעם לאַנד. און ווי זיך איבערצוצייגן אַז ער טוט דאָס שוין, אַז ער פאַר־שפּעטיקט נישט קיין איין מינוט מער, האָט ער גלייך זיך גענומען אַרומוואַשן.

די קרוג וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אין דער שיסל, אין דריי־פיסלדיקן שטייערל, איז אפילו געווען היבש וואַרעמלעך, דאָך האָט עס אים אָפּגעפרישט. מיט יעדן פּליעסק וואַסער, האָט זיך אים געדאַכט, וואַשט ער אַראָפּ פון זיך אַ שטיק אומאַנגענעמקייט, וואָס האָט זיך אויף אים אָנגעקליבן אין די עטלעכע טעג באַן און שיף.

אַן אָפּגעוואַשענער, אַן איבערגעטאָענער, די קאַפּריזנע לאָק, אַ נאַסלעך צוגעלייגטע צום גלאַנציקן קאָפּ האָר, איז פעליקס אַראָפּ אָנקוקן די ערשט יידישע שטאָט — תל אביב.

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבן טאָג. די תל אביבער גאַסן האָבן געגליט אין היץ. מענטשן האָבן זיך געטראָגן פאַרביי אים פאַרכנדיקע, מידע. פאַר די סאָדע קרעמלעך זיינען געשטאַנען גאַנצע קרענצלעך און געגאָסן אין זיך דעם קאַלטן „גזוז". אין ווינקלען, אויף באַלקאָנען, זיינען געשטאַנען יידן און געקלאַפּט אַ ברעטל צו אַ טיר און זיך אויפגעשטעלט סוכות. נאָך צוויי טעג וועלן יידן זיך זעצן אונטערן סכך. ערב סוכות — ביי אים אין פּוילן איז שוין שפּעטער האַרבסט און דאָ מוז מען אויסטאָן פון זיך ס'רעקל.

אָט אַזוי, מיטן רעקל אויפן אָרעם, אין ווייס בלאַנקן העמד, אין בלויזן קאָפּ, איז ער געקראָכן גאַס איין, גאַס אויס. ער איז אַרויס פון דעם טומלענדיקן נחלת בנימין, איז אַריבער די אַלענבי און פאַרקראָכן אין געסלעך, וואו די הייזער שטייען שטילע, דרימלענדיקע, וואו די טראָטואַרן ליגן לערע, בלענדענדיקע אין דער זון.

אַ וואונדערלעכע רואיקייט האָט אים אַרומגענומען, פעליקסן, קוקנ־דיק אויף די קליינע גרויע, ווייסע און ברוינלעכע הייזלעך פון פאַר־שיידענע סטילן, מיט געזימסן און באַלקאָנען, אַלע פון שטיין און

צעמענט, מיט ביימלעך און ביסלעך גרינס ביי די ווענט. ער האָט געהאַט ס׳געפיל ווי ערשט איצט וואָלט ער אַראָפּ פון שיף; ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן צו זען, צו באַמערקן, אויפצונעמען דעם אַרום. אַלץ, וואָס ביז איצט, חיפה, דער גאַנצער וועג אַהער, אַלץ איז געווען ווי אין אַ וויסטן טומאַן. ערשט איצט זעט ער דעם טאָג אַזאַ לויטערן, אַזאַ זוניקן. און, מאָדנע! ערשט איצט דערמאָנט ער זיך אַז פון שיף אַן האָט ער נאָך נישט געגעסן!

אין ראָג, אַנטקעגן דער אָפּערא, געפינט זיך אַ קליינע קאַפע. ווען פעליקס איז דאָרט דורכגעגאַנגען איז די טעראַסע מיט די רונדיקע טישלעך געשטאַנען אַ לערע, אַ קיל־באַשאָטענע. די גאַנצע שפּעט־נאָך־מיטאָגדיקע חמימה האָט געגליט אַנטקעגן, אויף דער הויכער, נאַקעטער אָפּערא־וואַנט. דער טראָטואַר דאָרטן, איז געלעגן אַן אָפּגעשאַרטער, אַן איין דורכגייער. אַז אַ מענטש האָט זיך יאָ דורכ־געשלעפּט איז דער שאָטן אים געקראָכן פאַראויס אַ מאוימדיק לאַנגער און שוואַרצער.

פעליקס האָט זיך צוגעזעצט אויף דער קילער טעראַסע, ביי אַ רונדיק, ווייס מאַרמאָר טישל. נישט אינעווייניק, אין דער קאַפע, נישט אַרום, ביי די טישלעך, איז נאָך ווער געווען. עס איז איצט נישט געווען די צייט תל אביבער אײנוואוינער זאָלן זיך זעצן צו טישלעך אין קאַפעען. די יוגנט, וואָס קומט זיך דאָ צענויף אין די אָוונטן, שטייען נאָך איצט פאַרשמירטע, פאַרקאַלכטע ביים הײזער־בוי. די מיידלעך, וואָס העלפן דאָ מיט אין דעם אָוונטיקן זשום, זיינען נאָך איצט פאַרנומען אין די קליינע ווערקשטאטלעך אָדער ביי וואויל־האָבנדע באַלעבאָסטעס, ביים ראַמען און קאָכן.

פעליקס איז געזעסן איינער אַליין ביי אַזאַ טישל, אויף דער קילער טעראַסע. דאָ האָט ער געהאַט זיין ערשט מאָלצייט אין דעם נייעם לאַנד; דאָ האָט ער ס׳ערשטע מאָל געטרונקען ארץ ישראל ווײַן וואָס האָט זיך נישט געשלעפּט מיט שיפן און באַנען, נאָר גלייך פון קעלטער אַהער; דאָ האָט ער, זינט די לעצטע עטלעכע טעג, ס׳ערשטע מאָל פאַר־בראַכט אַ רואיקע מינוט. במנוחה איז ער דאָ געזעסן און געקוקט ווי דאָס בייטאָג־שטילע ווינקל פון תל אביב באַוועגט זיך פאַר זיינע אויגן. אָט פאַרקערעוועט זיך פון דער אלענבי גאַס אַ רויט אויטאָבוסל. אָט גייט אַן אַנדערס צוריק. אַ יידענע שוועבט פאַרביי. אַ תימנער יידעלע, אַ קליינס, הויט און ביין, מיט אַ גרוי בערדל און אַ טרעגער שטריק אַרום די לענדן, קריכט אַן. אַ באָרפיסער אַראַבער שלעפּט זיך נאָך אַ קליין אייזעלע און שרייט עפּעס אויס. אַ יידישער פּאָליצ־

יאנט אין אַ קאסקע מיט צווי דאַשקעס, אין אויסגעפּאַסטער קאַקי, מיט נאַקעטע פאַרברוינטע קני, שטייט דאָרטן, מיט עטלעכע ראַגעס אַראָפּ, אין מיטן וועג און קאָמאַנדעוועט מיט די לויפנדיקע מאַשינען. די שטעלט ער אָפּ, יענע לאָזט ער דורך!

אַ לאַנגע ווײַלע איז ער אַזוי געזעסן, פעליקס, ביים קליינעם פלעשל וויין. שפּעטער איז ער אַוועק מיט די געסלעך, וואָס ציען דורך טיפע זאַמדן אַראָפּ צום ים־ברעג. פאַרביי קופּעס ציגל, בערג צעמענט און אַנגעוואָרפענע קאבלס איז ער געקראָכן. ביי איינעם, אַזאַ אַנגעהויבן הויז, איז ער געבליבן שטיין. ער האָט פאַרחידושט געקוקט אויף די רושטאָוואַניעס, וואו יידישע בחורים, פאַרברוינטע, נאַקעטע, בלויז אין קורצע הייזקעס, שטייען דאָרטן אונטער דער גליענדער זון און גיסן אין פורעמס אַריין צעמענטענע ווענט. אַנדערע לויפן געשווינד איבער די שיפע, ברעטלדיקע לייטערלעך שטאַק־אַרויף מיט נאָסילקעס קאַכל אָדער ציגל, וואָס טורמען זיך פון זייערע פּלייצעס הויך איבער זייערע קעפּ און וועגן זיכער מער ווי דער טרעגער אַליין!

ער איז לאַנג דאָרטן געשטאַנען פעליקס. ער איז גאָר געוועזן מיטגעריסן מיט דעם ריטם פון אַרבעט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די פאַרברוינטע מוסקלען, פון די לויפנדיקע פיס. נאָר אָט עפּעס האָט געטאָן אַ פאַל פון דער רושטאָוואַניע. ער האָט אַרויפגעקוקט, פעליקס. אין דער הויך איז געשטאַנען אַ יונג אין אַזאַ צווי דאַשקעדיקן זון־הוט און עפּעס געמאָסטן דעם האָלצערנעם וואַנטפורעם. זייערע אויגן האָבן זיך פאַרהעקלט. פעליקס האָט דערפילט כמעט אַ ברי אין יענעם בליק. לויט ווי סאַרא האָט אים אויסגעמאָלט מאָטלען, דאַרף ער אויסזען ווי אָט דער פאַרברוינטער יונג אויף דער רושטאָוואַניע. אויך מאָטל אַרבעט ביי הייזער־בוי. און טאָקע ביי מאַכן די האָלצערנע פורעמס פאַר די צעמענט־געגאָסענע ווענט. מאָטל איז דאָך אַ סטאָליאַר פון דער היים! יאָ, ווען דער מאָטל וואָלט געוואוסט ווער דאָ, אונטן, שטייט, וואָלט ער מסתּם מיט אַ ציגל, פון דער הויך אַראָפּ, אים געפּלעטט דעם קאָפּ.

פעליקס האָט זיך אָפּגעטראָגן פון דאַנען. קריכנדיק איבער די שטילע, זאַמדיקע געסלעך האָט ער זיך פאַרנומען צום ים. דאָרטן, אויף דעם לאַנגן, גאָלדיק זאַמדיקן ברעג, זיינען געשטאַנען צעוואָרפן איינציקע אויפלייג־שטולן. דאָ און דאָרט איז געזעסן אַ מאַן, אַ פרוי. דער ים האָט געבלויט אַנטקעגן. רואיק האָט ער זיך געוויגט אויפן זאַמד אַרויף, דער ים, אַ לעק געטאָן, ווי אַ געצאַמט הינטל, דאָס זאַמד און צוריק געלאָפן. אין מיטן דער בלויקייט האָבן זיך געהויבן

פיגורן אין נאַסע, גלאַנציקע, קאָלירטע באַד־קאַסטיומען. אין דער זוניקער לופט איז געשטאַנען אַ קוויטש פון אַ מיידל אין אַ בלויען נאַס־גלאַנציקן באַד־קאָסטיום, וואָס האָט געטאָן אַ שפּרונג מיטן קאָפּ אין וואַסער אַריין.

פעליקס האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַזאַ שטול און געטראַכט אַז ער אַליין וואָלט באַדאַרפט פּרוּוון אַ שווים טאָן אין מיטלענדישן ים. ער האָט גאָר פאַרגעסן אַז אין זיין געגנט, אין די פּוילישע ראַנד געביטן, איז איצט גאָר ווינטיק און אפשר שוין היבש קאַלט אויך.

ווען עס האָט גענומען טונקלען, דער ים האָט געאָטעמט קיל, איז פעליקס אויפגעשטאַנען פון דער שטול און געגאַנגען צוריק צו דער קאפּע, ווי איינער גייט צו אַן אַלט באַקאַנט אָרט.

איצט האָט עס דאָרטן געזשומעט און גערוישט. אינווייניק, אין דער קאפּע, אויסנווייניק, אַרום די טישלעך, אויף דער טעראַסע, זיינען געזעסן ייִנגוואַרג, געגעסן און געטומלט. אויך אויפן טראָטואַר, אַרום די זיצנדיקע, זיינען געשטאַנען קרענצלעך אַרבעטער, פאַרברוינטע, וואָס אַ גאַנצן טאָג גיסן זיי צעמענט פאַר תל אביבער הייזער, פלאַסטערן וועגן, ציען קייבלס איבער הויכע סלופּעס און איצט, אין קילן אָוונט, קומען זיי זיך צענויף אַהער, אַרומגעוואַשענע, פאַרקעמטע, אין ווייסע העמדלעך מיט ברייט איבערגעלייגטע קעלנער, טרעפן זיך מיט מיידלעך אין פּראָסטע קליידלעך, אָן זאָקן, אין בלויזע, אָפענע סאַנדאַלן אויף די פיס. נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט פאַרברענגט מען דאָ דעם אָוונט אין געמיינזאַמען, פריילעכן טומל.

פעליקס איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין מיטן פון דעם טומלדיקן קאָך. צום ערשט איז ער עפּעס געזעסן ביי אַ טישל פאַרטאָן אין דעם שמועס, וואָס צווויי אַרבעטער האָבן געפירט וועגן דעם „בנין״, אויף וועלכן זיי אַרבעטן. ער האָט בלויז געהערט. קיין אנטייל אין דעם שמועס האָט ער נישט גענומען. וואָסער שייכות האָט דאָס צו אים? אָבער ביסלעכווייז האָט עס גענומען בורען אים:

— וואָס אייגנטלעך זיצט ער? וואָס נעמט ער נישט עפּעס טאָן? מוז עס דווקא זיין חיפה? ווי וואָלט זיין ער זאָל איינגאַנצן ענדערן די פּלענער? אנשטאָט חיפה, מסחר, פּאַרט, גאָר אַ פּרדס? אָט דאָ, אַרום דעם נאָענטן שרון? און ביז וואָס ווען, זאָל ער טאַקע אַליין פאַרשאַרצן די אַרבל און זיך שטעלן אַרבעטן אין אַזאַ פּרדס? נאָר דער עיקר, וואָס וועט זיין דערווייליע? וואָס וועט ער טאָן די יום טוב טעג? וואו וועט ער זיך אַהינטאָן? וואָס וועט ער מיט זיך טאָן איבער

יום טוב אין דעם האָטעל? אפשר דאַרף זיך אַראָפּכאַפּן צום קרובֿ? ער האָט דאָך עפּעס אַ שטיקל פּרדס!

אויף מאָרגן, באַלד אין דער פרי, איז פעליקס ווידער געזעסן אין אַן אויטאָבוס, דאָס מאָל אַ פיל קלענערס, אַן אויטאָבוסל, וואָס לויפט איבער די קאָלאָניעס פון נאָענטן שרון.

דאָס מאָל האָט פעליקס גראָד זיך אַוועקגעזעצט בהרחבֿה, גרייט איינצוזאַפּן, אויפצונעמען אַלץ, וואָס וועט אים קומען פאַרן אויג. נאָר איידער ער האָט רעכט צייט געהאַט זיך אומצוקוקן האָט אים שוין דער שאָפער געהייסן אויסשטייגן.

דאָס אויטאָבוסל האָט זיך אָפּגעטראָגן ווייטער. פעליקס איז גע־בליבן שטיין ביים ראַנד פון וועג. פון איין זייט ליגט נאַקעט פעלד. פון ווייטנס זען זיך דעכער, אַן אַרומגעצוימטער פּרדס גרינט דאָרטן אין דער גאָלדיק בלויער פרימאָרגן לופט. פון דער זייט, רעכטס פון וועג, אַביסעלע אַראָפּ, ליגט אַ טאָל פון זאַמד. אין דעם זאַמד שטייען צעוואָרפענע, נעבעכדיקע הייזלעך. ס׳זאַמד קריכט זיי איבער די שוועלן. יידן פאַרען זיך דאָרטן מיט זייערע שאַטנס אין די אָפענע טירן. איינער גייט אַהין, גייט דער אַנדערער אַהער...

פעליקס האָט זיך געלאָזט מיט דעם זאַמדיקן וועג אַראָפּ אין דער קאָלאָניע. די זון אויבן האָט ווידער געגליט. ס׳זאַמד איז געווען הייס. שווער צו שלעפּן די פיס אין אַ זאַמד וואָס קריכט דיר אין די שיך אַריין. ער האָט זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט דער שרון זאָל האָבן אַזאַ זאַמדיקן העק און אַז זיין קרובֿ זאָל זיך דאָ ערגעץ פאַרקלייבן.

וועמען ער טרעפט אָן, פעליקס, פרעגט ער אויף זיין קרובֿ. קיין יונגוואַרג זעט מען שוין איצט נישט. זיי זיינען שוין ביי דער אַרבעט. אַלץ אַלטע יידן, עלטערע יידענעס, וואָס האַלטן קרעמלעך פונקט ווי אין די שטעטלעך אין דער היים, קומען אים אַנטקעגן. ער שטעלט זיי אָפּ. יענע פאַרלייגן די האַנט אין אַ דעכעלע פאַר די אויגן, פאַרשטעלן די בלענדנדע זון און קוקן אויף דעם אויסגעפּוצטן פראַנט, וואָס שלעפּט זיך מיט די ברוינע שיך און פיינעם אנצוג איבער די זאַמדן.

— דער אַ? וואָס איז ער אייערס? אַ קוזין? אַט דאָרטן, אַראָפּ, אַראָפּ, ביים באַרג האָט ער דאָרטן זיין הייזקע!

ענדלעך האָט ער זיך דערשלעפּט, פעליקס. אין אַנדערן עק קאָ־לאָניע, ביים ענד פון דעם זאַמדיקן „שאָסיי״ האָט ער דערטאַפּט דאָס הייזקעלע. אויף סאָלידער ערד, אַראָפּ פון דעם באַרג זאַמד, וואָס האָט

עס געקאָנט אינגאַנצן פאַרשיטן, איז עס געשטאַנען, דאָס הייזקעלע, אַ נידריקס מיט אַ קליין וועראַנדעלע פון פאָרנט, וואָס האָט געפירט אין צוויי קליינע שטיבלעך אַריין.

אַראָפּגייענדיק צו דעם שטיבעלע האָט זיך אים דאָס זאַמד נאָכ־געשיט אין די שיך אַריין, אין די מאַנקעטן פון די הויזן. עס איז געווען אַ נס אַז דער באַרג זאַמד האָט אים נישט אינגאַנצן פאַרשיט.

פעליקס האָט נישט דערקאָנט דעם קרוב זיינעם. יענער איז אוועק, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אַ בלאָס בחורל, אַ נידריקס, אַ דאַרס, אַ קינד אַנטקעגן דעם שלאַנקן, געוויקסיקן פעליקס. אויך איצט איז עס נידריק און דאַר. אָבער פון דער בלאַסקייט איז קיין שפּור נישטאָ! די פּאַלעסטינער זון קאָן נישט פאַרטראָגן קיין בלאַסקייט! געל? אדרבה! אָבער נישט בלאָס! פּונקט ווי זיין שותף, דער הויכער, דאַרער תימנער, איז ער שוואַרץ נאָר מיט עפּעס אַ מאָדנער געלקייט אונטער דער פאַרמעטענער הויט.

ביידע פאַרנעמען זיי זיך דאָ מיט עפּעס גאָרנישט קיין יידישער אַרבעט, דאָס קרובל זיינס און דער הויכער תימנער. פון זון אויפגאַנג ביז זון פאַרגאַנג, שטייען זיי דאָ, הינטער דעם קליינעם שטיבעלע, אויף דעם שטיקל פלאַך, סאָלידן באָדן און מאַכן פון צעמענט און זאַמד אַזעלכע „פּאַלעסטינער ציגל". דאָס זיינען גרעסערע, לענגלעכטיקע בלאָקן, מיט צוויי הוילן, וואָס לויפן ווי צוויי רערן איבער דעם גאַנצן בלאָק. די הוילן ווערן געמאַכט, — דערקלערט אים ס'קרובל — כדי די בלאָקן זאָלן נישט זיין צו שווער און די ווענט פון זיי זאָלן נישט זינקן אין זאַמד אַריין.

ווען פעליקס האָט אַראָפּגענידערט פון באַרג זאַמד מיטן וואַליז־קעלע אין האַנט, איז דאָס ווייבל פון וועראַנדעלע, וועמען ער האָט גאָר־נישט געקאָנט, געלאָפן מיטן קינד אויף דער האַנט, אַ הינטערן שטיבל, אָנזאָגן דעם מאַן אירן אַז, ווייזט אויס, דער גרינער קרוב, פון וועמען זיי האָבן דערהאַלטן אַ בריוו, לאָזט זיך דאָ אַראָפּ.

בלויז פאַר אַ פּאָר מינוט, דעם געהויבענעם גאַסט צוליב, האָבן די צוויי שותפים געקאָנט איבעררייסן זייער אַרבעט. די ארץ ישראל זון איז הייס! דער פאַרמישטער צעמענט און זאַמד טרוקנט אונטער דער האַנט. טרוקענערהייט קאָן מען אים נישט אַרבעטן. מ'וועט דאַרפן דעם גאַנצן באַרג צעמענט אַרויסוואַרפן! דעריבער האָט דאָס קליינע קרובל מיט דעם גרויסן שותף זיך באַלד געמוזט צוריק פאַרקלייבן הינטערן שטיבל צו דעם פאַרמישטן באַרג מיט צעמענט.

פעליקס, אדרבה, איז מיטגעגאַנגען מיט זיי. ער האָט זיך אפילו געפילט עפּעס נישט אויפן אָרט אין זיין הולך. עפּעס האָט ער זיך געשעמט מיט זיינע געפּרעסטע הויזן און ברוינע שיך אַנטקעגן די צוויי קאָמישע שותּפים, דעם לאַנגן מיט דעם קורצן, וואָס שטייען באַרפיסע, אין קורצע, צעדריוולטע הויזן און אַרבעטן מיט אומגעהויערן אימפּעט איבער דעם אייזערנעם פורעם, אין וועלכן עס ווערט אַריינגעטאָן דאָס פאַרמישטע קנעטעכץ. ווי ריטמיש, ווי געשיקט, כמעט מאשינאַל, זייערע הענט אַרבעטן! קיין איין בויג ווערט נישט פאַרלוירן! קיין איין קער ווערט נישט אומזיסט פאַרוועגדט! ווען דער הויכער וואַרפט מיט דער לאָפּעטע דעם צעמענט אין פורעם, שטאָפּט דער קליינער געשיקט און געדיכט. און בעת ער שטאָפּט נאָך, כאַפּט שוין דער הויכער די אַנדערע העלפט פון פורעם און העלפט אים פאַרשליסן. צוזאַמען טאָן טאָן בײדע אַ כאַפּ דעם פאַרקייטלטן פורעם, טראָגן אים אַוועק אַהין, וואו עס ליגן לאַנגע, גרינלעך גרויע בלאָקן, פאַרטיקע און טרוקענען כדי צו קאָנען איינגעמויערט ווערן אין ווענט. און איצט — נאָך אַ בלאָק איז צוגעקומען צו דער מחנה!

פעליקסן האָט לאַנג נישט געגומען איינצוזען אַז אַרבעטן פון זון אויפגאַנג ביז זון פאַרגאַנג ביי אָט אַזאַ מלאכה, קאָן מען זיכער נישט פעט ווערן. עס איז נאָך אַ וואונדער וואָס דאָס שטיקל פאַרמעטענע הויט האַלט זיך אויף זייערע באַקן.

פאַרנאַכט, ווען דער פאַרמישטער באַרג צעמענט איז געווען אויסגעאַרבעט אין גלייכע רייען מיט בלאָקן, האָט זיך דאָס קרובל אַרומגעוואַשן. ער האָט אָנגעטאָן אַ פּאָר מענטשלעכע הויזן. אין די לאַנגע הויזן האָט ער איינגאַנצן אויסגעזען אַביסל העכער, מער מאַן! נאָכן אָרימען ביסל וואַרעמס, אַ מאַלצייט פון ברויט, זופּ און עפּעס מאָדנע גרינס, וואָס פעליקס האָט קיינמאָל פריער נישט געגעסן, האָבן מאַן און ווייב, מיטן קינד אויף דער האַנט, געגומען דעם גאַסט ווייזן זייער פאַרמעגן, דאָס שטיקל פּרדס, וואָס ער, דאָס קליינע, אויסגעהאָרעוועטע מענטשל האָדעוועט און פּפלעגט פונקט ווי זי, די מאַמע — דאָס פּיצל קינד ביי דער ברוסט. פון דער שווערער ציגל־אַרבעט האָדעוועט ער דאָס שטיקל פּרדס און וואַרט ביז עס וועט אויסוואַקסן, אַריין אין די פינף יאָר, אָט טאָקע באַלד, איצט, וועט עס אָנהייבן געבן פּרוכט און, מיט דער צייט, וועט עס אים שפּייזן בהרחבה.

הייסט עס, חוץ דער שווערער אַרבעט פון קנעטן ציגל, דאַרף נאָך דאָס קליינע קרובל, מיט די שמאָלע אַקסעלעך, אויך פאַראַרבעטן דעם פּרדס? גאָט! וואו נעמט ער עס דעם כח?

נישט ווייט פון דעם זאַמד־מדבר אין וועלכן די קאָלאָניע טרינקט זיך, אויפן בערגל, שטייט דאָס שטיקל פּרדס זיינס אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקאַן פון שטיקלעך ברעטער, פון שטעכיקן דראָט און פון וואָס נאָר מ׳קאָן מאַכן אַ צוים.

ווי אין אַ פּראָצעסיע זיינען זיי געגאַנגען. דאָס קרובל איז כמעט געלאָפן פאָראויס. פעליקס האָט אים קוים געקאָנט נאָכהאַלטן טריט. און דאָס ווייבל, מיטן קינד אין די אָרעמס, נאָך זיי.

אין געעפנטן טויערל איז פעליקס געבליבן שטיין. פאַר אים האָבן זיך געצויגן גלייכע, סימעטרישע רייען פון יונגע, נידריקע ביימלעך מיט דיקע, טונקל גרינע בלעטער געדיכט באַהאַנגען. אונטער יעדן ביימל, אַרום און אַרום דעם שטאַם — אַ פיר־עקיקער פלאַכער גרוב. די ערד אין די גריבער — ווייך, פוכקע אויפגעוואָרפן. מ׳קאָן זען אַז יעדערס ביימל איז מיט טויזנט אויגן געהיט! יעדער טריט ערד איז מיט ליבע געצערטלט.

דאָס קרובל איז צוגעגאַנגען צו אַ בוימל. מיט אַ געפיל פון פרייד און שטאָלץ האָט ער געטאָן אַ הויב אונטער דעם צעבלעטערטן גרינעם קאָפּ פון בוים. פון צווישן זיינע הענט, אויף די געדיכטע צווייגן, האָבן זיך געזען גרינלעכע אַראַנזשן, טייל שוין מיט זוניקע, גאָלדיק אָפּגעקושטע בעקלעך. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו פעליקסן מיט אַ פּאָר גליאיקע אויגן:

— דו זעסט?

פעליקס האָט געאַרנישט געזאָגט. ער האָט געטראַכט פון דעם געשפּרעך, וואָס דאָס ווייבל האָט, אים צוליב, פאַרפירט ביים וואַרעמעס:

— עס לוינט זיך איצט נישט צו כאַווען דעם פּרדס! ווען ער פאָלגט זי און צעשנייט אים אויף מיגרשים... איז ער דאָך אַן איינ־געשפּאַרטער, אַן עקשן! וויל ער בעסער נאָך יאָרן קנעטן ציגל און כאַווען אַ פּרדס!

פעליקס האָט איצט אַ קוק געטאָן אויף דעם ווייבל לעבן זיך. ער האָט געוואָלט זען איר פּנים בעת ער, דער מאַן אירער, צערטלט אַזוי דאָס ביימל. זי האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען זיין בליק. וואָרעם זי האָט פּלוצים געזאָגט:

—און איך האַלט זיך ביי ס׳מייניקע! ווען עס לוינט זיך פאַרקויפט מען...

דער קרוב איז צוריק געקומען צום טויער. מיט גרויס ליבשאַפט האָט ער עס פאַרמאַכט. ער איז נאָך געשטאַנען אַ מינוט לעבן דעם פאַרמאַכטן טויער, געקוקט אויף אַראָפּ צו דער קאָלאָניע, וואו

פלעמלעך האָבן זיך שוין געזען פון די פענסטער און צעעפנטע טירן. מיטן אויג האָט ער אַ מעסט געטאָן דעם ליידיקן שטח, וואָס טיילט נאָך אָפּ זיין פּרדס פון לעצטן הויז. קוקנדיק אויפן ווייב, האָט ער גענומען פעליקסן ביי אַ האַנט, אים אַ צייג געטאָן אַזוי אַז עס האָט געקאָנט מיינען די קאָלאָניע. אין דער אמתן האָט ער געמיינט אי זי, די קאָלאָניע, אי דאָס ווייב:

— זיי האַלטן מיך פאַר אַ משוגענעם! זאָלן זיי! אָבער איך וועל נישט ברעכן קיין ביימער וואָס איך האָב מיט מיינע הענט געכאָוועט, כדי צו שפּעקולירן מיט מגרשים!

דאָס ווייבל, הינטער אים, מיטן קינד אויף דער האַנט, האָט אויף גיך אַ זאָג געטאָן:

— ביזט ערגער נאָך ווי משוגע!

אָבער דאָס קרובל, דער מאַן אירער, האָט זי שוין נישט געהערט. ער האָט גערעדט צו פעליקסן, ביי וועמען ער האָט געוואָלט, ווייזט אויס, פועלן אַן הסכמה אויף דער אויסברענגעריי, וואָס ער גייט דאָ באַגיין:

— וואָס זאָגסטו, פעליקס? ס'אַ ריזיקע, האַ? די רעגנס האָבן זיך היי יאָר פאַרשפּעטיקט! כ'וועל אים מוזן געבן וואַסער! מ'טאָר נישט מער וואַרטן! די ביימער דורשטן! ער איז טרוקן, דער פּרדס! אין דער פּרי, מ'זאָל נאָר דערלעבן, גיב איך אים וואַסער! זיי דורשטן די ביימער — אַ טרונק.

## קאַפּיטל פערצן

פעליקס האָט גלייך איינגעזען אַז מער ווי איבערנעכטיקן ביי דעם קרובל וועט ער נישט. נישט ער האָט צייט, דאָס קרובל, פאַר געסט־פּראָווענישׂ און נישט ער האָט אָרט. חוץ דעם, עס איז דאָרט ממש ווייט פון רחבות אויך...

דעריבער איז פעליקס, באַלד אין דער פרי, צוריקגעפאָרן קיין תל אביב. ער וועט שוין בעסער איבערשטיין די יום־טוב־טעג אַליין דאָ, אין זיין האָטעל־צימערל. שפּעטער, מיטאָגצו, איז ער אַוועק אין הסתדרות. כדי אָנצוקומען ערגעץ אויף אַרבעט איז בעסער זיך פריער מעלדן און געשיקט ווערן אויף אַ געהעריק אָרט. וואָרעם, איידער ער נעמט זיך עפּעס אויפבויען פאַרן טאַטן, איז גוט ער זאָל פריער אַליין אַרבעטן אין אַ פּרדס צו אין אַ קאָלאָניע, זיך גוט באַקאָנען, זיך אַרומקוקן און געוואויר ווערן וואָס און ווען.

גייענדיק איבער דער לאַנגער אלענבי־גאַס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין אַ ראָג פאַר אַ גרויסן, פורפור־רויטן פּלאַקאַט מיט אַ פעטן איבערשריפט „טיול". מיט זיין קנאַפּן ביסל העברעאיש האָט ער זיך קוים אַרויסגעקליבן אַז מאָרגן, פרייטיק, ערב יום טוב, גייט אָפּ אַ גרויסער אויספלוג, וואָס וועט באַזוכן, אַלטע, היסטאָרישע ערטער אין די הרי השומרון, וועט זיך אָפּשטעלן אין די קבוצות פון עמק, איבער שבת וועט מען זיין אין חיפה, אויפן כרמל. דערנאָך, חול־המועד, וועט מען פאָרן קיין צפת. אויפן וועג וועט מען זיך אָפּשטעלן אין מירון, ביים קבר פון ר' שמעון בר יוחאי. פון דאָרט קיין טבריה, צום ים כנרת און אויך די דגניהס און דעם ירדן!

עס האָט פעליקסן אַזש אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. אַ לעבן אַ גאַנצס האָט ער געלערנט, געלייענט און געחלומט וועגן די אַלע ערטער. געקומען אַהער, באַלד ווי דער טשאַד איז אים אַרויס פון קאָפּ, טראַכט ער שוין וועגן פרנסה! אויף ווען לייגט ער אָפּ דאָס זען זיי, אַט די אַלע ערטער? דאָס טרעטן מיט די אייגענע פיס אויף יענער ערד? ער ווייסט דאָך אַז דאָס וואָס מען כאַפּט נישט אַריין גלייך, אײדער מען באַזעצט זיך, איז שוין דערנאָך שווער. אגב זיינען דאָס יום־טוב־טעג. סיי ווי וועט ער אין די טעג גאָרנישט אויפטאָן.

מיט אַ באַרעכטיקט געפיל האָט זיך פעליקס פאַרקערעוועט אין דעם זייטיקן געסעלע, וואו עס איז געשטאַנען אַ קליין, נידריק הייזל מיט אַ גערטל אַרום, באַהאַנגען מיט פּלאַקאַטן פון אַלע קאָלירן. דאָרטן האָט ער געקויפט אַ קאַרטל און פריידיק אַוועק צו זיך אין האָטעל־צימערל זיך צוגרייטן צו דער ווייטער, לאַנג געגאַרטער רייזע.

פאַרטאָג, עס האָט קוים געבלויט, איז ער שוין געשטאַנען אויף ראָג אלענבי מיט אַ וואַליזקעלע אין איין האַנט און די וויכע, וואָלענע דעקע פאַרוואָרפן אויף דער אַנדערער. נאָך פון ווייטנס, אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט, האָט ער שוין דערזען די לאַנגע רייע רויטע אויטאָבוסן מיט אַ גרויסן, ווייסן ציפער אויף יעדן. מענטשן, גאַנצע בינטלעך, האָבן שוין דאָרטן אַרומגעשמייעט וואַכע, ווי עס וואָלט גאָר קיינמאָל קיין נאַכט נישט געווען. און פון אַרום און אַרום, איבער די לערע, פאַרשלאָפענע טראָטואַרן האָבן געאיילט נאָך און נאָך.

פעליקס, ווי שטענדיק, האָט פיינט אַרומצופּאַדן און דערנאָך, אין דער לעצטער מינוט, לויפן זוכן זיין אָרט. איז ער אַוועק אין מאַשין, פאַרנומען זיין רעזערווירט פּלאַץ און רואיק זיך געזעצט וואַרטן מען זאָל נעמען פאָרן.

ערשט איצט האָט פעליקס געפילט גייט ער ערגעץ פאָרן. אַלע זיינע חושים זיינען קלאָר און אָפן, פונקט ווי דאָס פענסטערל לעבן אים, דורך וועלכן ער וועט זען און פאַרנעמען אַלץ וואָס ער וועט נאָר באַמערקן.

ווען די שטאָט האָט זיך פרי־מאָרגנדיק גענומען צעגענעצן האָבן די אויטאָבוסן ענדלעך געדירט. פולע, איינער נאָך איינעם, ווי אַ לאַנגע, רויטע באַן האָבן זיי געצויגן איבער דער ברייטער אַלענבי, דערנאָך, מיט דרך יפו, זיך צעלאָזט אויף אַן אמת!

וואונדערלעך איז פאַר פעליקסן געווען דער פרימאָרגן. אַלע ווײַלע האָט עפּעס אַנדערש, עפּעס נייס, עפּעס חידושדיקס געטאָן אַ שווּב פאַרביי דעם פענסטערל. אָט איז אַ מאָדנע קרומע פאַלמע ווי אַן איינגעהויקערטער ייד; אָט איז שוין אַ גאַנצע גרופּע פאַלמען; אָט דרייט זיך פאַרביי אַ צעבליטער פּרדס. גרינע, פול אַנגעגאָסענע, זאַפטיקע אַראַנזשן, מיט די ערשטע זון קושן אויף די בלייכע בעקלעך ווינקען פון צווישן די געדיכטע, שווערע צווייגן. אָט איז אַ געבעט הויז ביים וועג. אַן איזעלע שטייט דערנעבן געדולדיק מיט אַ הכנעה־דיקן קאָפּ און דער האַר, דער אָפּגעריסענער, באַרוויסער אַראַבער, קריכט דאַרטן איבער די שמאָלע טרעפּ אַרויף צום פלאַכן דאַך, וואו ער וועט פאַלן מיטן פּנים אַראָפּ פאַר אַלאַ זיין גאָט און מחמד זיין נביא!

דער עולם, אין די אויטאָבוסן, האָט זיך צעזונגען. דער טאָג, דורך די פענסטער, פינקלט. די שאָפערן זיינען אויפגעלייגט. זיי שפּילן זיך אין איבעריאָגעלעך! אַלעמאָל טוט אַן אַנדערער קונציק אַ פאַרשטעל דעם וועג און כאַפּט זיך דערוויל אַליין אַריבער פאַראויס. דער עולם יובלט לכבוד דעם כוואַטסקן שאָפער און רייצן זיך דורך די פענצטער־לעך מיט יענע פון דער אויסגעמיטענער מאַשין.

אַרום האַלבן טאָג, אין מיטן פון די הויכע בערג, האָט די רייע אויטאָבוסן זיך גענומען אָפּשטעלן. דער שוואַרצער, אסקעטישער „טיול״ פירער מיטן תנכל אין האַנט, איז אַרויסגעקראָכן פון דער ערשטער מאַשין. דער גאַנצער עולם, ווי אַ טשערעדע, גלייך נאָך אים. ערנסט, מיט ווירדע, איז ער געגאַנגען פאַראויס איבער די האַרטע, פאַר־טרוקנטע בערגלעך און טאָלן; זיך אָפּגעשטעלט, אַ צייג געטאָן מיט דער ביינערדיקער, שוואַרץ־באַוואַקסענער האַנט און געמאָלן אויף אַ טרוקענעם, האַרטן העברעאיש, וועגן די היסטאָרישע געשעענישן, וואָס האָבן זיך דאַ אַמאָל אָפּגעשפּילט.

פעליקס, וואָס אַן אמת, איז נאָכגעקראָכן ווי איינער פון דער טשערעדע, אָבער קיין באַגייסטערונג האָט ער דאַ נישט געפילט.

פּאַרקערט, עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ דריקנדער אומעט זעענדיק די שטויביקע, די טרוקענע נאַקעטקייט, וואו קיין איין גרעזל זעט מען נישט! ער, וואָס איז אויפגעכאַוועט געוואָרן אין וואַלד, וואו בוים און טייך זינגען אייביק אַ וואונדערלעך געזאַנג, האָט נישט געקאָנט היגנעריסן ווערן פון דעם אַמאָל־אַמאָל, בעת איצט איז אַזוי וויסט, אַזוי פאַרלאָזן, אַזוי מדברדיק חרוב!

שפּעטער האָט זיך באַוויזן דער עמק. ווי אַ זון צווישן וואָלקנס האָט ער אַרויסגעשיינט. צווישן די נאַקעטע בערג האָט דער עמק אויסגעזען ווי אַ וואונדערלעכע שיסל אין וועמענס דנאָ עס מיניען זיך די קאָלירן פון רויטע דעכער, בלאַנדער קאָרן און טונקל, בלעטער־דיקער גרין!

דערנאָך, נענטער צו חיפה, האָט ווידער דער אומעט גענומען דריקן. עס זיינען ווידער געקומען נאַקעטע בערג, אָן אַ ביסל גרינס. גרויע, שטויביקע בערג, וואו אַ וואָגנדערנדיקער פּאַסטוך מיט עטלעכע שוואַרצע פאַרקאָלטנטע ציגן און שאָף, אַמאָל אַ דאַר, זשעברעדיק בהימהלע, דראַפּן זיך דאָרטן, צווישן שטויב און שטיין און זוכן אויף אַ שווינד־זיכטיק בלעטל, אַ פאַרטרוקנט גרעזל.

אַ נאָגנדער טרויער ווייעט פון די נאַקעטע בערג. די בליענדע פּרדסים פון אַרום יפו און תל אביב זעט מען דאָ נישט. דער וואונדער־לעכער בליאסק פון אַ פאַררויטלטן אַראַנזש גרייכט נישט דאָ אַהער! טרויעריק און פאַרלאָזן איז דאָ! טרויעריק ווי די אַראַבישע מעלאָדיעס וואָס די איינזאַמע פּאַסטוכער ציען אַזוי ווייטיקדיק דין.

פאַרנאַכט, שוין כמעט אויפן שבת אַרויף, זיינען די צוועלף רויטע אויטאָבוסן געקומען פאַרשטויבטע אַריינצוקערעווען זיך אין די גע־דרייטע, באַרגאַרויף און באַרגאַראָפּ געסלעך פון חיפה. ווידער האָט פעליקס דערזען יענע שטיינערנע, בלינדע פּאַרקאַנס, יענע געדרייטע, צעקרומטע געסלעך, דורך וועלכע ער איז ערשט, מיט עטלעכע טעג צוריק, געלאָפן אין אַזאַ ווילדער בהלה. נאָך איידער ער האָט זיך באַוויזן ווי געהעריק אומצוקוקן און זיך אַליין געפינען, האָבן זיך שוין די אויטאָבוסן, איינער נאָך איינעם, אָפּגעשטעלט אַרום דעם גרויסן געבוי פון חיפהער טעכניקום. דאָ, אין די גרויסע צימערן, אויף די שטיינערנע דילן, דאַרף זיך דער עולם איינגאַדיען אויף איבער שבת. דעריבער, הייסט דאָס, האָט מען יעדן געהייסן מיטנעמען דעקעס.

צום ערשט איז פעליקס מיט מיט דעם שטראָם. אַלע לויפן איז ער אויך געלאָפן איבער די טרעפּ, דורך די לערע זאַלן מיט אַ געקלאַפּ פון די האַרטע אָפּצאָסן. נאָר ווען דער עולם האָט גענומען צופאַלן,

זיך אויסציען אויף די הוילע, נישט אויסגעוואַשענע דילן, פאַרכאַפּן, הייסט עס, אַ „באַקוועם" ערטל אין אַ ווינקל כדי נישט צו ליגן אין דער מיט, וואו מען גייט איבער דיר אַריבער, איז פעליקס געבליבן שטיין:

— וואָס לויפט ער? וואו יאָגט ער?

מיט דער וויכער, וואָלענער דעקע אין איין האַנט, מיט דעם וואַ־ליזקעלע אין דער צווייטער, איז ער געשטאַנען און פשוט געשטוינט ווי דער עולם באַלייגט די שטויביקע דילן אַזוי גערדיכט אַז מען ליגט שוין לעבן זיינע פיס. און עס הייסט נאָך אַלץ אַז יעדער פאַרכאַפּט אַ בעסער אָרט. ווען ער זאָל, הייסט עס, באַשליסן דאָ צו בלייבן דאַרף ער פשוט אויסשפּרייטן די דעקע וואו ער שטייט און „פאַרכאַפּן" אַ געלעגער וואו אַלע זאָלן קריכן איבער אים. זינט ער לעבט איז ער נאָך דערוויל אַזוי נישט געשלאָפן!

— ניין! ער וועט איצט אויך אַזוי נישט שלאָפן!

פאַרזיכטיק האָט ער גענומען שפּרייזן איבער דעם אויסגעצויגענעם עולם, זיך אַרויסצוקריגן צו די טרעפּ און גיך אַראָפּ אונטן.

דרויסן, אויפן שיפן טראָטואַר, אַרויס פון טומל, איז פעליקס געשטאַ־נען אַ וויל, געקוקט אַרום זיך ווי איינער וואָס אי ער האָט שוין דאָס אָרט געזען, אי עס איז אים דאָך פרעמד. קוקנדיק אויף דעם געפּלאָסטערטן וועג, וואָס לויפט אַזוי באַרג אַראָפּ, באַרג אַראָפּ צום האַפן צו, האָט ער זיך דערמאָנט ווי ער איז גיך און בהלהדיק געלאָפן מיט עטלעכע טעג צוריק איבער דעם וועג אַרויף צום „הדר" כאַפּן דעם אויטאָבוס קיין תל אביב. איז ער דאָך, הייסט עס, צוריק אין חיפה... פון זיך אַליין האָט זיך שוין געטאָן אַ שלייך אַרויס סאַראַ! גלייך ווי זי וואָלט די גאַנצע צייט געזעסן אים הינטערן שטערן און געוואַרט און געוואַרט ער זאָל בלויז אַן עפן טאָן עפּעס אַ טירעלע...

אָבער מאָדנע! דאָס מאָל האָט ער נישט געהאַט דאָס פּאַניק־געפיל! דאָס געפיל צו אַנטלויפן. אויך נישט דאָס געפיל פון אָפּ־הענטיקייט, פון רעזיגנירטער דערדריקטקייט. פאַרקערט. עפּעס האָט אים גאָר אַ צי געטאָן! פשוט, ער וואָלט געוואָלט זי זען. ער וואָלט הייסט עס, בלויז געוואָלט וויסן וואָס מיט איר איז. וואו איז זי? וואָס גייט זי טאָן? נאָכאַלעמען איז ער דאָך איר אַן אמתער פריינט! און, קאָנען דען נישט זיין קיין פשוטע, פריינטלעכע באַציאונגען צווישן אַ בחור מיט אַ מיידל? אָט אַזוי, אָן ליבע?...

גייענדיק פאַרטראַכט איבער סאַראַ, איז ער דערוויל אינגאַנצן אַראָפּ פון זיין וועג. ער האָט זיך אייגנטלעך באַדאַרפט פאַרנעמען

זייטיק, צום „הדר", דאָרטן זיך געפינען אַ צימער פאַר די צוויי נעכט, וואָס דער „טיול" דאַרף דאָ האַלטן, איז ער גאַר פאַרקראָכן אַראָפּ, אַראָפּ, שיעור נישט צום האָפן! אָט איז דאָך טאַקע די שילד „מלון" (האָטעל)! די זעלבע שילד פון זעלבן האָטעל אין וועלכן ער איז אַריין יענעם פאַרנאַכט, ווען דאָס וועגעלע פון בית עולים האָט אָוועקגערעדלט פון זיינע פיס מיט סאַראַ אינוויייניק.

וואָסזשע זאָל ער איצט טאָן? ווידער אַריינגיין אין דעם האָטעל אַריין?

ניין! ס'איז דאָרטן אַזוי סומנע אין די חדרים!

ער איז אָוועק, פעליקס. אָן אַ ציל האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער די באַרג־אַראָפּיקע געסלעך. ער האָט זיך אַריינגעדרייט אין אַ ברייטערן מאַרק, וואו עס שטייען פיל וועגן און אויטאָמאָבילן און אויטאָבוסן. דאָ, אין אַ זייט, האָט ער דערזען אַ קליין מאַשינדל, עפּעס אַ צעלעכטסט קעסטל אויף פיר רעדלעך מיט אַן אויפשריפט איןביידע זייטן „בית עולים"! אָט, פּונקט אין אַזאַ קעסטל אויף רעדלעך, נאָר מיט אַ פערד געשפּאַנט, איז דאָן זי, סאַראַ, איינגעזעסן און פאַרשוואונדן פון זיינע אויגן. איז אפשר, זאָל ער פּרואוון אַ פאָר טאָן אַהין? בלויז פון טשעקאַוועקייט וואָלט ער באַדאַרפט אַ פאָר אַהין טאָן.

ער איז אַריינגעקראָכן אין דעם קעסטל, פעליקס. אויף דער האַרטער באַנק, לענג אויס דער צעלעכטסטער וואַנט, מיט דער פּלייצע צום אַנשוויביקן פענסטערל האָט ער זיך אָוועקגעזעצט. זיצנדיק האָט ער עפּעס יאָ געהאָט אַ געפיל צוריק אַרויסצוגיין פון דעם קעסטל, נאָר איידער וואָס־ווען האָט דאָס מאַטאָרל זיך צעהוזשעט און גענומען פאָרן.

איבער דעם גאַנצן וועג, וואָס דאָס מאַשינדל האָט זיך געהעצקעט, האָט ער זיך געמאַכט פאַרוואורפן, פעליקס.

— אַ משוגעת! אַ פּשוט משוגעת, קריכן צוריק אין קלעם! אָבער עפּעס אין אים האָט אים אונטערגעזאָגט אַז: ערשטנס איז סאַראַ שוין זיכער דאָרט נישטאָ! זי מוז שוין אָוודאי זיין ערגעץ אין אַ קאָלאָניע אָדער גאָר אין תל אביב, אין מאַטלס אַרעמס... צווייטנס, עפּעס איז ער דאָך געוועזן אַ שטיקל ציון־טוער אין זיין שטאָט! מעג ער דאָך אָוודאי פאָרן אַ קוק טאָן ווי מען באַהאַנדלט דאָ די חלוצים איידער זיי צעפאָרן זיך אויף אַרבעט. עס קאָן דאָך געוויס נישט שאַדן.

**ב. דעמבלין**

## קאַפּיטל פופצן

דאָס בית־עולים אין חיפה טוליעט זיך מיט דער פּלייצע צום וואונדערלעכן כרמל־באַרג און מיטן פּנים שפּיגלט עס זיך אין בלויען, מיטלענדישן ים.

ווען פעליקס איז דאָ צוגעקומען האָט שוין דער שבת געפלאַטערט פון באַרג אַראָפּ. אַ זיסע שטילקייט האָט געוויַעט אין דער בלויער לופט. עס האָט זיך געדאַכט ווי די שטילקייט וואָלט געקראָכן איבער יעדן שטעגל, געהויערט פון יעדער לייזונטן בידל, פון די צווייַ לאַנגע הייזער וואָס אין הינטערגרונד.

ער איז געבליבן שטיין, פעליקס, ביים אַריינגאַנג, צווישן די צווויי פּירעקיקע, שטיינערנע זאַלן, ווי אין אַ טויער, געקוקט אויף דעם קליינעם הייזעלע, דאָס ביוראָ, וואָס שטייט באַלד ביים אַריינקום, ווי אַ שומר און איז שוין איצט געווען געשלאָסן לכבוד שבת. קיינער איז נישט געווען צו זען, קיינעם האָט מען נישט געהערט, שטיל — אַזוי שטיל, אַז די שטילקייט האָט געקלונגען אין די אויערן.

ערשט נאָך אַ היבשער ווילע אַרומוואַנדערן איבער די שמאָלע שטעגעלעך, צווישן די בידלעך, האָט זיך פון הינטער דעם לעצטן, לאַנגן הויז, באַוויזן אַ צעשאָטענע גרופּע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן איינציקווייז זיך געלאָזן אויף דעם הויפּט־שטעג אים אַנטקעגן. צוגעקעמטע, אַרומגעוואַשענע, שבתדיקע זיינען זיי געגאַנגען אַרויס צום גלאַנציקן אַספאַלט וועג, וואו עס געפינען זיך די עטלעכע קליינע רעסטאָראַציעלעך, וואָס גיבן זיי זייערען מאָלצייטן אויף די קוויטלעך, וואָס דאָס בית־עולים האָט זיי יעדן איינגעטיילט.

ער קאָן זיי כמעט אַלע פון דער שיף, פעליקס. אויך זיי אים — קאָנען, כאָטש ער האָט מיט זיי קיינמאָל קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. אויך איצט, ביים דערזען זיי, איז אים אפילו נישט איינגעפאַלן ביי זיי עפּעס צו פרעגן! וואָס האָט ער זיי דען צו פרעגן? ער איז דען נאָך עפּעס געקומען אַהער? . . .

די גרופּע אָבער, ספּעציעל די מיידלעך, גלייך ווי זיי האָבן אים דערזען און זיך צו אים דערנענטערט, האָבן גאַנץ אומשולדיק, גאַנץ פּשוט געטאָן אַ שיס אויס:

— סאַראַ? ער וויל דאָך אַוודאַי זען סאַראַן! זי מוז נאָך אַוודאַי דאָרט ליגן אויף איר בעטל. אַז זינט זי איז אַהער אָנגעקומען איז נאָר זי ליגט אויפן בעטל! . . .

און אײדער נאָך פעליקס האָט אַפילו באַוויזן צו זאָגן: „אַ דאַנק, ניין מען דאַרף נישט!" זײַנען שוין צוויי מיידלעך, דאַכט זיך די זעלבע וואָס זײַנען געווען מיט איר אין איין קאַיוטע, געטאָן אַ פלי און אַ לויף, ווי צוויי איבערגעשראָקענע גענז:

— אָט, שוין לויפן זיי נאָך איר!

און זיי האָבן זיך טאַקע געטאָן אַ טראָג אַוועק, פלינק און לייכט, צו דעם פענצטער פון וויטסטן, לאַנגן הויז, וואו סאַראַס בעטל שטייט.

צוריקגעקומען זײַנען זיי שוין נישט מיט אַזאַ געפלי, מיט אַזאַ שטורעם. אָפּגעקלאָפּטע זײַנען זיי צוגעקומען און מיט גרויס באַדויער אים געזאָגט:

— זי איז נישטאָ, סאַראַ.

ווי גוטע, געטרײַע חברטעס, וואָס וויסן די סיבה פון סאַראַס ליגן אײַנגענורעט אין דער קאַלדרע אויפן בעטל, האָבן זיי זי איצט, אין דער וויכטיקער מינוט געוואָלט פאַרענטפערן, דער קאַפּריזנער בחור זאָל נישט אַמאָל טאָן אַ כאַפּ, אײדער זי וויסט אַפילו און ווידער פאַרשווינדן...

— זי האָט אַוודאי געמוזט פאָרן אין חיפה...

און אײנע, בייסנדיק אַ נאָגל פון פאַרדרוס, האָט ווי צו זיך אַליין געערעדט:

— זע נאָר, זע! דווקא איצט האָט זי באַדאַרפט אַוועק!

נאָך אײנער, אַ בחור, וואָס אויפן שיף האָט אים פעליקס נישט געקאָנט פאַרטראָגן פאַר זײַן צעכראַסטעטקייט, האָט איצט, שוין ביים שטעלן פיס אַוועקצוגיין געטאָן אַ זאָג:

— זי וועט מסתם באַלד צוריק קומען, סאַראַ. זי האָט געמוזט גיין מיט יצחקי ערגעץ אין חיפה.

און, אײנער נאָך אײנעם זײַנען זיי אַוועק, די גרופּע בחורים און מיידלעך. פעליקס איז געבליבן שטיין אין מיטן ברייטן שטעג אַליין, מיט די צוויי פאַרנומענע הענט — אין אײנער זײַן קליין וואַליזקעלע, אין דער צווייטער — די וואַלענע, ווייכע דעקע. יאָ, נאָך עפּעס איז מיט אים געבליבן — דעם בחורס פּלוצימדיקער זאָג:

— זי האָט געמוזט אַוועק מיט יצחקי ערגעץ אין חיפה...

ווען נישט דער זאָג וואָלט ער, קאָן זײַן, זיך אויך געווען פאַרנומען צום גלאַנציקן אַספאַלט וועג, אַהין צו דעם קעסטל אויף רעדלעך, וואָס האָט אים אַהער געבראַכט און וואָלט געווען צוריקגעפאָרן קיין חיפה.

איז ער דערווייל, הייסט עס, געוואָויר געוואָרן אַז אויך דער יצחקי, דער לאַנגער, אויסגעצויגענער, הייזעריקלעכער גאַנער, איז

אויך נאָך דאָ און זי, סאַראַ, איז דאָס מיט אים דאָרטן, ערגעץ אין חיפה...

וועט ער שוין מוזן אונטערוואַרטן ביז זי וועט קומען! נאָר דערווייל, וואָס שטייט ער מיט די צוויי פאַרנומענע הענט?

פעליקס האָט גענומען אַריינקוקן אין די אָפענעביידלעך. אומעטום זיינען געשטאַנען צו פיר בעטלעך אַרום די פיר ווענט. אונטער די בעטלעך — וואַליזקעלעך און פעקלעך. הייסט עס, מ'לאָזט דאָ אַלץ פראַנק און פריי און מען גייט אַוועק? מעג ער דאָך אויך דאָס טאָן!

ענדלעך האָט ער געפונען אַ ביידל, וואו עס זיינען נאָר געשטאַנען וואַליזקעלעך אונטער צוויי בעטלעך. די אַנדערע צוויי זיינען, הייסט עס, פריי! מעג ער דאָך דאָ אָפּליידיקן זיינע הענט? אין ערגסטן פאַל וועט ער דאָך דאָ קאָנען איבערנעכטיקן די נאַכט אויך!

ערשט איצט, מיט באַפרייטע הענט, האָט ער געקאָנט וואַנדערן צווישן די ביידלעך, אַראָפּ צו די וואַש־שטובן און צו די צוויי לאַנגע הייזער מיט די גרויסע פענסטער וואו עס זיינען געשטאַנען רייען בעטלעך ווי זעלנער אין דיסציפּלין. אויף איין בעטל, אין אַ ווינקל, האָט זיך געשוואַרצט אַן איינגעטוליעטע, מיידלשע פיגור. ווען נישט דער שוואַרצער קאָפּ האָר, וואָלט ער געקאָנט מיינען עס איז זי, סאַראַ.

דערנאָך איז ער ביסלעכווייז, פון גרויס נייגער, פאַרקראָכן אויסער דעם צוים, האַרטער צום כרמל. דאָ, אויף דער גרודיקער ערד, איבער שטויביקע גרעזלעך לויפן אַן איינציקע פּאָר שינעס. איינזאַם, פאַרלאָזן כמעט איבריק, שלענגלען זיי זיך דאָ, די רעלסן, צו פוסנס דעם כרמל און וואַרטן אויף מאָרגן ווען דאָס איינציקע באַנדל וועט נאָך אַמאָל איבער זיי זיך דורכרעדלען. דערווייל יאָגט פון זיי אַזאַ אומעט, אַן אומעט וואָס מישט זיך אויס מיט דעם געפּלאַטער פון באַרג, מיט דעם פחד פון אומגעזעענע היילן, וואָס לויערן פון ערגעץ דאָ אַרום!

ביסלעכווייז איז צוגעפאַלן דער אָוונט. די בלויקייט פון בין השמשות איז צוגאַנגען אין אַ טונקלען גרוי. אַ ביסעלע ליכט אין אַן איינזאַמען לאָמפּ האָט זיך אָנגעצונדן. אין דער אָוונטיקער שטילקייט האָט זיך אָנגעטראָגן אַ וויינענדיקער, אַזאַ נאָגנדיקער ניגון. פון אַן אָפּשניט פון באַרג, איז ער געקומען אָנצופלאַטערן דער ניגון. ערגעץ, אויף אַן איינזאַם שטעגל, שלעפּט זיך דאָרטן אַן איינזאַמער אַראַבער נאָך זיין קעמעל. אין דעמערונג פון אָוונט וואַנדערט ער דאָס אַהיים פאַר דער צופאַלנדיקער נאַכט.

אין שטילן פּחד האָט זיך פעליקס צוריקגערוקט אין דעם אינווייניק פון צוים. אין גרויס געאייל האָט ער דורכגעשפּאַנט די אויסגעלאָשענע הייזער, די דרימלענדיקע ביידלעך און גיך אַרויס אויף דעם ברייטן, אַספאַלטענעם שאָסיי. דאָ האָבן געלויכטן לאַמפּן. די רעסטאָראַנטלעך זיינען געשטאַנען מיט ליכטיקע, צעעפנטע טירן. אינווייניק, ביי געדעקטע טישלעך, זיינען געזעסן חלוצים און חלוצות ביי זייער שבת מאָלצייט.

פאַר אַ מינוט האָט ער געצעגערט, פעליקס. זאָל ער אַריין אינ־ווייניק? צוגעבן, הייסט עס, פאַר אַלע, און דער עיקר פאַר זיך אַליין, אַז ער וואַרט טאַקע אויף איר, סאַרא? אָדער אפשר דאָך כאַפּן די פאַר זאַכן און לויפן צום אויטאָבוסל?...

פונדעסטוועגן איז ער אַריין אינווייניק. לויפן צום אויטאָבוסל האָט ער דאָך נאָך צייט. ס׳לעצטע אויטאָבוסל אין שטאָט אַריין גייט אָפּ אַרום האַלבע נאַכט. איז וואָס דאָס געאייל? אַגב וויל ער דאָך זען ווי אַזוי מ׳באַהאַנדלט דאָ די חלוצים... נאָר אפשר איז עס גאָר דאָס ווערמל, אָט די אייפערזוכט אויף דעם יצחקי, וואָס האַלט אים דאָ אין קלעם?...

דאָך, ווען ער האָט טאַקע פאַרשפּעטיקט דאָס לעצטע אויטאָבוסל, האָט ער געהאַט פאַרדרוס. אַ בייזער איז ער צוריקגעגאַנגען צו דעם ביידל, וואו ער האָט אויף אַ ווילע געלאָזן די זאַכן און זיך געזעצט אין דער אָפענער שוועל. אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז בייז וואָס ער איז בכלל געקומען אַהער, וואָס ער איז אָפּגעזעסן אַן אָוונט אין אנגעשטרענגטן אויסקוק. אין דער אמתן איז דאָס געווען די אומרו, דאָס נישט וויסן: איז זי, סאַרא, געקומען און געפינט זיך דאָ ערגעץ, אָדער איז זי געבליבן מיט דעם לאַנגן אין חיפה?...

איבער דעם שטעג, אין דער טונקל, זיינען געגאַנגען פיגורן. בחורים און מיידלעך האָבן זיך געשלייכט ווי סילועטן. ער האָט אָנגעשטרענגט די אויגן, דער עיקר אויף די מיידלשע פיגורן, אָבער אוממעגלעך געווען צו דערקענען אין דער טונקל ווער דאָרטן גייט. ער האָט געהיט די גרויסע, שוואַרצע פענסטער, אפשר וועט דאָרטן אַ ליכט אַ לויכטאויף טאָן, ער זאָל קאָנען וויסן, איז זי יאָ געקומען, אָדער איז זי נישט געקומען. אָבער די סילועטן זיינען פאַרלוירנ־געגאַנגען אין די גרויסע הייזער און די פענסטער האָבן נישט אויפ־געלויכטן.

אַ בייזער, אַן אומרואיקער, האָט זיך פעליקס צוגעזעצט אין דער עפענונג פון ביידל.

אַ בחור איז צוגעקומען האַרט צו זיינע קני. ער האָט זיך געוואונדערט אויף דעם אומגעריכטן גאַסט. פעליקס האָט געדאַרפט זאָגן אַ תירוץ. און ער איז צוליב דעם געווען נאָך בייזער. עפּעס טוט ער בכלל לעצטנס זאַכן וואָס זיינען נישט לויט זיין גוסט...

ער איז אויפגעשטאַנען פון דער שוועל, פעליקס. דער בחור איז אַריין איןביידל און האָט זיך געלייגט. אויך פעליקס האָט זיך געלייגט. אַ וואָבער איז ער געלעגן און געקוקט דורך דער צענומענער עפענונג, די ביידלטיר, אַרויס צום הימל. אַ גרויסער שטערן האָט אויף אים געלויכטן. קוקט נישט אַמאָל סאַראַ, דורך איר פענצטער, אויף דעם זעלבן שטערן?

פאַרטאָג. שטילערהייט האָט ער זיך גענומען אַנטאָן, פעליקס. די צוויי בחורים אין די אַנדערע בעטלעך, זיינען געלעגן מיט אָפענע מיילער און געכראַפּעט. ער איז שטיל אַרויס. אַ פאַרטאָגיקע, קילע בלויקייט האָט געהאַנגען אין דער לופט. אין דער הויך, איבער דעם קאָפּ פון כרמל, זיינען יונגע, אויפגעגאַנגענע שטראַלן געקראָכן, געקראָכן און געוואָלט פאַרטרינקען מיט ליכט דעם גאַנצן טאָל. פון יענער זייט כרמל איז שוין די זון געווען אויפגעגאַנגען און דאָ איז נאָך געלעגן אַ דיקער שאָטן, וואָס דער זעלבער כרמל האָט געוואָרפן פון זיך אַזש ביז ווייט אין ים אַריין.

פעליקס האָט גענומען גיין איבער דער פייכטער ערד. שטיל און פּאַוואָליע האָט ער זיך צוגעשלייכט צו יענער שויב, הינטער וועלכער סאַראַ האָט באַדאַרפט שלאָפן. די בעטלעך איבוויניק, אין דעם לאַנגן זאַל, זיינען געווען צערוקט. אַ סך—לער און פאַרבעט. אויף טייל זיינען געלעגן צעשויבערטע מיידלשע קעפּ. ווייסע, נאַקעטע אַרעמס האָבן געלויכטן אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט. אויך סאַראַס בלאָנדן קאָפּ האָט ער דערזען אַ צעשויבערטן. ווילד איז דער קאָפּ געלעגן פאַרוואָרפן אויף דעם ווייסן קישעלע.

— אפילו אין שלאָף איז די מויד ווילד, האָט פעליקס אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט שוין געוואָלט אָפּטרעטן פון דער שויב. עמיץ קאָן אים נאָך חושד זיין אין קריכן הינטער ווייבערשע פענסטער... ערשט איר קאָפּ האָט זיך אַ ריר געטאָן. באַלד האָט זי זיך געטאָן אַ גלייך אויס מיט פּנים אַרויף צום סופיט. דערנאָך האָט זי אַ זשמורע געטאָן צו דער שויב. זי האָט עטלעכע פינטל געטאָן מיט די אויגן, זיי געעפנט און צוגעמאַכט, צוגעמאַכט און געעפנט, ווי זי וואָלט די איגענע אויגן נישט געגלויבט וועמען זיי זען דאָרטן. באַלד האָט זי

זיך געטאָן אַ זעץ אויף, אַ פֿאַרשאַר די צעפּלאָטערטע האָר אַ הינטער. דער אויסדעקאָלטירטער האַלדז צוזאַמען מיט די אויפֿגעפּלאָמטע באַקן האָבן אַ בלענד געטאָן אין פֿענסטער. סאַראַ האָט זיך ברייט צע־שמייכלט. עפּעס האָבן דאָרטן אירע ליפּן געפּליסטערט און די נאַקעטע, פּרעכטיק ווייסע, מיידלהאַנט האָט אים עפּעס געצייגט אַוועק, אַוועק.

פֿעליקס איז אָפּגעטרעטן פֿון דער שויב. איידער ער האָט באַוויזן זיך איבערצוגיין הין און צוריק איבער דעם שמאָלן, באַשאָטנטן סטעזשקאַלע, איז שוין סאַראַ געווען דרויסן, לעבן אים. אין איר בלוי־פֿלאַנעלענעם כאַלאַט מיט די זיידענע טראָלדן ביי דער זייט און ווייכע שטעקשיכלעך אויף די נאַקעטע פֿיס איז זי אַרויסגעקומען אין קילן פֿרימאָרגן אַריין. אַזאַ וואַנזיניקע פֿרייד האָט פֿון איר געשפּרודלט! נאָכן אָפּליגן די אַלע טעג אויף דעם בעטל, אין דער לאַנגער קאַזאַרמע, אַ צעבראָכענע, אַ רעזיגנירטע, אָן האָפֿענונג אפֿילו אים אַמאָל נאָך צו זען, האָט זיין אומגעריכט דערשיינען דאָ, צו איר, אין בית עולים, זי פּשוט אויפֿגעטרייסלט! זי האָט גאָר פֿאַר־געסן אָן אַלע חשבונות, אָן אַלע אָנשטעלן! זי איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף אים מיט אַזאַ אומגעצאַמטער פֿרייד, מיט אַזאַ שפּרודלענדער פֿרייד:

— פֿעליקס! פֿעליקס, וואו ביזטו געווען?

אויך ער האָט מיט איינמאָל פֿאַרגעסן אַז ער איז דאָך אייגנטלעך געקומען אַהער זען ווי מען באַהאַנדלט דאָ די חלוצים... איר פֿרייד האָט אים ממש איבערוועלטיקט! עס איז פֿאַר אים געווען אַזוי נאַטירלעך איר אַרומכאַפּן אים און ער — זי!

צוליב סאַראַן איז ער שוין היינט נישט געגאַנגען מיט זיין אויספֿלוג אויף דעם כרמל. סאַראַ באַדאַרף פֿעליקסן צו אירע אייגענע אויספֿלוגן.

איידער ער האָט זיך אומגעקוקט איז זי שוין געווען אָנגעטאָן. איר געבלימלט זיידן קלייד מיט דעם רויטן שאַלכל אונטער דעם חן־גריבל־דיקן גאָמבעלע, האָט איצט גאָר אַראָפּגעפּעכלט פֿון איר. זי איז איצט נישט געגאַנגען. ווי אַ קינד אַ צעלאָזנס, איז זי געלאָפֿן פֿאַר־אויס און געמאַכט אַז ער, דער געזעצטער, ער, דער ערנסטער, פֿעליקס כענטניק, זאָל אויך ווערן עפּעס אַ יינגל, אַ שטיפֿער, וואָס לויפֿט נאָך אַ לאַכנדיק מיידל...

עס איז סאַראַן אפֿילו נישט איינגעפֿאַלן צו פֿרעגן אויב ער האָט געלט. סאַראַ, ווען די פֿרייד טוט איר אַ שפּאַר אָן, פֿרעגט זי בכלל גאָרנישט, זי געדענקט נישט וועגן וויכטיקערע זאַכן. דעם ערשטן

אויטאָמאָביל, וואָס זי האָט אָנגעגעבט אויפן אספאַלטענעם וועג, האָט זי אָן עפּן געטאָן ס'טירל און פעליקסן מיט אַריינגעצויגן מיט זיך. דער שאָפער, אַ שיינער, יונגער אַראַבער, מיט אַ מויל ווייסע, בלאַנקענדיקע ציין האָט דערשטוינט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער כוואַליע פרייד, וואָס האָט זיך געטאָן אַ לאָז אַריין אין זיין מאַשין.

— הדר־הכרמל! האָט סאַרא אַ וואָרף געטאָן איר באַפעל צו דעם ברוינעם, פּרעכטיקן יונג, וואָס האָט וואַרטנדיק געגאַפט אויף איר דורך דער שויב.

דער שאָפער האָט זיך אָן חשק אויסגעדרייט צום רעדל. די מאַשין האָט גענומען פאָרן, נאָר ער, דער טרייבער, אַנשטאָט היטן דעם וועג, האָט גאָר געהאַלטן זיינע גליאיקע אויגן אין שפּיגעלע צו דער בלאָנדער מויד, וואָס פלאַטערט דאָרטן און פלאַמט, וואָס קאָן נישט איינזיצן אין ווייכן געזעס נאָר אַלעמאָל טוט זי אויפסניי אַ כאַפּ אַרום דעם בחור און קושט אים און האַלדזט אים און ער זי אַזוי פריי, אַזוי אָפן! ער איז נישט געוואוינט צו אַזאַ פרייקייט, דער אַראַבער. די היגע, די אַראַבישע פרויען זיינען נישט אַזוי. זייערע פּנימער זיינען פאַרהאָנגען מיט שוואַרצע קרעפּ. זייערע קושן זיינען פאַרבאָרגן אין דער נאַכט, נישט ווי די בלאָנדע מויד, וואָס איז דאָ געקומען אין זיין לאַנד אַריין! ער איז זיכער אַז זי איז איינע פון יענע פרויען, וואָס ציילן זייערע קושן לויט די פּיאַסטערס וואָס זיי קריגן...

ביי דעם אַראַבישן שאָפער האָבן די אויגן זיך צעבלינצלט מיט אומהיימלעכע, מיט תאווהדיקע פייערלעך. ער האָט געהאַלטן ס'רעדל, אָבער די מאַשין איז געגאַנגען אַליין, איר אייגענעם גאַנג איז זי געגאַנגען, עפּעס אַזאַ פאַררוקטן, אַ צערודערטן גאַנג! אָט איז זי געקראָכן און אָט האָט זי געטאָן אַ לויף, אַ שפּרונג, אַזש די צוויי, הינטער אים, זיינען געטאָן אַ פאַל צוריק אין זייער פּלאַץ.

נישט פעליקס און אוודאי נישט סאַרא, האָבן דאָס באַמערקט. זיי האָבן בכלל קיינעם און גאָרנישט, אויסער איינער דעם אַנדערן, נישט געזען! זיי האָבן אפילו נישט באַמערקט אַז אנשטאט אויפן הדר, האָט דער אַראַבער גאָר זיך פאַרנומען העט ווייט אַרויף אויפן אויבן פון כרמל! סאַרא, אין אירע פריידיק, ליידנשאַפטלעכע אויסברוכן, וואָס ווייסן נישט פון קיין צוים, פון קיין אָפּהאַלט, האָט אויך אים, דעם סאָלידן, זיך קאָנטראָלירנדיקן פעליקס מיטגעשלעפּט! אויך ער זאָל גאָרנישט באַמערקן?

ערשט װען די מאַשין האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט אין אַ פֿאַרװאָרפֿן אָרט, װאו דער װעג איז פֿאַרלױרן, צװישן װילדע געװיקסן, דורך װעלכע עס זען זיך טױטלעך טיפֿע טאָלן; ערשט װען דער שאָפֿער האָט זיך פּלוצים אױסגעדרײט אין דער געעפֿנטער שױב אַרײַן מיט אַ קאָנװאולסיװ פּנים, מיט אַן אױסגעשטרעקטע האַנט צו איר, צו סאַרא, מיט אַ פֿאַרדעכטיק דין שמייכעלע דורך די װײַסע צײן:

— גברת, אױך איך װיל אַ קוש!

ערשט איצט האָבן סאַרא און פֿעליקס דערזען װאוהין זײ זײַנען פֿאַרפֿאָרן...

דעם אַראַבערס פֿײַערל אין די אױגן האָט פֿעליקסן אַ ברי געטאָן. ער איז געװאָרן בלאַס. דעם אַראַבערס פֿאַרלאַנג אין פּשוטן, גוטן העבּ־רעאיש, איז געװען קלאָר. סאַרא אָבער האָט זיך נישט פֿאַרלױרן. זי האָט בלױז אַ זשמורע געטאָן מיט אירע גרױ־בלױע אױגן, פּונקט װי דער פֿאָטער אירער, ר׳ גדליה גלאַס, װען ער דאַרף באַשליסן גלײַך, אױפֿן אָרט, װי צו האַנדלען. זי האָט אַ צאַרטן שמייכל געטאָן צום אַראַבער. גאַנץ רואיק, פּונקט װי אַ מאַמע — אַ ייִנגל, האָט זי אַ צערטל געטאָן דעם אַראַבערס אױסגעשטרעקטע האַנט און זי צוריקגעלײגט אױפֿן רעדל. דערבײַ האָט זי גלײַך אַרומגענומען פֿעליקסעס קאָפּ, געשפּילט זיך מיט דער לאָק און אַזױ זיכער און רואיק געזאָגט:

— ער? ער איז דאָך מײַן מאַן, מײַן געליבטער. דו האָסט געמאַכט אַ טעות, שאָפֿער! דרײ אױס און פֿאָר צום הדר!

דאָס לעצטע איז נישט געװען בלױז אַ זאָג. דאָס איז געװען אַ באַפֿעל! װאָרעם סאַרא, נישט נאָר קאָן זי, װען זי װיל נאָר, האַמעװען אירע אײגענע געבלוטן, זי קאָן אױך האַמעװען יענעמס! אפֿילו דעם צעהיצטן טעמפּעראַמענט פֿון דעם אַראַבער!

דעם שאָפֿערס פּנים האָט אָנגעהױבן אױסזען לעקעשעװאַטע. עפּעס איז ער געװען פֿאַרלױרן, געפּלעפֿט, װי אַ ייִנגל. סאַרא האָט דאָס געזען. זי האָט גלײַך אױסגענוצט דעם מאָמענט, דערמיט װאָס זי האָט צאַרט און מיט אַ שמייכל אים גוטמוטיק אױסגעקערעװעט אױך ס׳פּנים צום רעדל.

די מאַשין האָט זיך אױסגעדרײט, געקראָכן איבער רױער ערד, ביז זי איז צוריק אַרױס אױפֿן שאָסײ. איצט האָט סאַרא זיך רואיק צוריקגע־זעצט לעבן פֿעליקסן. דער אַראַבער האָט דאָרטן צום רעדל עפּעס גע־מורמלט. זײ האָבן אױפֿגעכאַפּט דאָס געמורמל, װאָס האָט געקלונגען װי אַ געבעט:

— טו דאָס נישט מער, גברת. ביי אונדז טוט מען דאָס נישט עפנטלעך...

דעם אַראָבערס אַריינמישן זיך אין זייער פרייד האָט געהאַט אויף זיי אַ פּאַראַליזירנדיקע ווירקונג. ביידע האָבן געפילט ווי עמעץ וואָלט מיט אַ מעסער איבערגעשניטן דעם פריידיקן שטראָם.

איבער דעם גאַנצן וועג, באַרג אַראָפּ, זיינען ביידע געזעסן שטילע. סאראַ האָט געהאַלטן פעליקסעס האַנט אויף איר שויס. עס האָט זיך געדאַכט אַז זי איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיט פעליקסן, אין דער אמתן האָט גאָר איר בליק און געדאַנק גערוט אויף דעם שאָפערס פּלייצע, צו היטן אים וואו ער קערעוועט דאָרטן די מאַשין, צי ער פאַרנעמט זיך נישט ערגעץ ווידער פון וועג אַראָפּ.

דער שאָפער האָט זיך געפילט שולדיק. ער האָט געוואָלט מיט עפּעס פאַרגיטיקן זיין נאַריש האַנדלען. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, געוואָלט זיי ווייזן די וואונדערלעכע טאָלן, אָבער סיי פעליקס, סיי סאראַ האָבן אים געדאַנקט. פון יוצא וועגן האָבן זיי באַוואונדערט, אָבער געזען האָבן זיי פאַר זיך בלויז דעם באַוואוינטן הדר הכרמל, וואו זיי וואָלטן שוין געוואָלט אויסשטייגן פון דער מאַשין אַרויס.

די איבערלעבעניש אין דער מאַשין האָט צעשטערט סאראַס פרייד. דער טאָג איז איר צעריבן געוואָרן און פאַרנאַכט האָט סאראַ געזאָגט זי וויל צוריקפאָרן אין בית־עולים. געזאָגט, אָבער געהאָפט האָט זי, פעליקס וועט זאָגן: ניין! דעם טאָג האָט דער אַראַבער צעשטערט, זאָל די נאַכט זיין אונדזער, צוזאַמען... און מאָרגן זאָל זי מיט אים פאָרן צום כנרת.

אָבער פעליקס האָט געשוויגן. אין זיין שוויגן, אין זיין פאַר־לוירנקייט, האָט סאראַ געזען, און אפשר מער געפילט ווי געזען, אַז כאָטש ער שוויגט, גאַרט ער מער נאָך איר ווי זי נאָך אים. זי פילט אָבער: דאָס איז אַן אַנדער מין גאַרן. זי — אים, וויל איינגאַנצן, איינגאַנצן פאַר זיך, אויף שטענדיק פאַר זיך! ער אָבער, ער גאַרט בלויז נאָך דער פרוי אין איר און, אפשר בלויז אויף היינט, נאָר אויף היינט... זי וואָלט געוויס געדאַרפט האָבן אין זיך גענוג כח זיך צו טאָן אַ ריס און אַוועק פון אים מער אים קיינמאָל נישט צו זען! האָט זי דעם כח?

זיי האָבן שפּאַצירט איבער איינס פון די נייע געסלעך אויפן הדר־הכרמל. דער שבת האָט זיך ביסלעכוויז געזעצט. עס איז גע־וואָרן קילער. דער באַשאָטנטער טראָטואַר איז געזוען פול מיט יונגע

שפּאַצירער. אויך די טישלעך בײַ די קאַפֿיר־טעראַסן אויף בײדע זײַטן גאַס זײַנען געװען געדיכט באַזעצט. אַ שפּעט־שבתדיקע רואיקײט אױסגעמישט מיט אַ זאַרגלאָז זשומערײַ איז געהאַנגען אין דער בלויער לופֿט.

פֿעליקס איז געווען מיד פֿון דעם טומל אין גאַס. ער האָט איצט שטאַרק געוואָלט זײַן מיט סאַראַן אַלײן. עפּעס מאָדנע אומקלאָר איז דאָס געפֿיל זײַנס געווען. ער האָט געוואוסט, ער וויל נישט סאַרא זאָל איצט אַוועק אין בית־עולים. אָבער זאָגן דאָס האָט ער נישט געקאָנט. זאָגן מײנט קלאָרקײט און, אפשר, אויך פֿאַרפּליכטונג... און זײַן איצטיקער באַגער צו סאַרא איז אַזוי אומקלאָר, עפּעס אַזוי נישט ריין... אָט, פּשוט, פֿאַר אַ מאָמענט. און זי איז אַזוי ליכטיק, אַזוי אָפֿנהאַרציק. ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט אַזוי זײַן?

זײ זײַנען פֿאַרבײַ געגאַנגען אַ קלײן, נײַ, צווײשטאָקיק הויז. דאָס איז געווען אַ וואונדערלעך קלײן געבײַ פֿון ברוינלעך־רויט געעטיעסעטן שטײן. איבער דער ברײטער טיר איז געהאַנגען אַ קלײן שילדל: „מלון". פֿעליקס האָט זײַטיק אַ קוק געטאָן אויף סאַראַן...

אויך סאַרא האָט געזען דאָס האָטעל־שילדל. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, פֿעליקס. בלויז אַ צאַרטן ריר געטאָן איר אַקסל און אַרײַן אינווײניק.

ווי לאַנג פֿעליקס האָט זיך געזאָמט אינווײניק האָט דאָ סאַרא איבערגעלעבט אַ פּײַנלעכן מאָמענט. איר גאַנץ ווען האָט זיך אין איר אַ קורטשע געטאָן. עס איז געווען נישט בלויז באַליידיקונג — עס איז אויך געווען פֿאַרוואורף, אײגענער פֿאַרוואורף. דאָס בעסטע וואָלט געווען ווען זי קאָן אים טאָן אַ ווער פֿאַרלירן פֿון דער האָטעל־טיר אַוועק! אָבער זי פֿילט אַז דאָס קאָן זי נישט! עפּעס אין איר, רעדט צו איר געמיט:

— סאַרא, האָסטו דען נישט אַלײן אין אים די תאווה אָנגעצונדן? עס קאָן דאָך זײַן ער וואָלט קײנמאָל דאָס נישט געוואָגט, ווען נישט, ווען נישט יענע נאַכט אויפֿן דעק פֿון שיף... און דו אַלײן האָסט דאָך דאָס געוואָלט! אַגב צו וואָס דאָס טראַכטן וועגן מאָרגן? און אויף דעם הײַנט האָסטו זיך דען געריכט? האָסט אים ליב, סאַרא? דאָס איז גענוג!

פֿעליקס איז אַראָפּגעקומען ווי אַ פֿאַרשעמט ייִנגל, וועמען מען האָט געכאַפּט בײַם אָפּטאָן עפּעס זײער נישט קײן שײנע זאַך. ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער עס איז נישט נויטיק געווען. סאַרא האָט עס געזען אין זײַנע אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

אַ היבשע ווײלע האָט אָנגעהאַלטן די דאָזיקע פאַרלוירנקייט זײַערע. נאָר סאָראַ, ווי פריער, ווי תמיד, האָט זיך גלייך געפונען. זי האָט אַ לאַך געטאָן און לאַכנדיק אים אונטערגעהויבן מיט איר פײַן הענטל זיין אַראָפּגעלאָזטע גאָמבע, געקוקט אים אַ מאָמענט גלייך אין די אויגן אַרײַן און אַ זאָג געטאָן:

— ייִנגל!

און ער האָט זיך טאַקע געפילט ווי אַ ייִנגל!

סאָראַס אומעט, דער שרעקענדער, דער דריקנדער אומעט איז געווען פאַרטריבן, אַוועק! אַ שפּרודלענדיקע, ווי אין דער פרי, איידער דער אַראָבער האָט איר פרייד איבערגעהאַקט, האָט זי פעליקסן גע־נומען ביי דער האַנט:

— קום.

זיי זיינען אַריין אין האָטעל. דאָס צימער מיט גרויסע ווינער פענסטער, איז געווען קיל און שטיל און מיט געשמאַק איינגעשטעלט. גלייך ווי פעליקס האָט נישט־דרייסט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָט סאָראַ, אין אַלעם, זיך געטאָן אַ וואָרף אויף דעם ציכטיק קלאָרן בעט. ערשט איצט האָט זי זיך צעלאַכט, סאָראַ! איינגעגראָבן דאָס פּנים אין בעט און היסטעריש געלאַכט. דאָס איז געווען פון יענעם מין געלעכטער, זיך אַליין און אויך אים, דעם שטאָלצן אָבער נישט וואָגנדיקן פעליקסן, צו פאַרשיכורען...

פעליקס איז שטילערהייט צוגעקומען צו איר. זי, אפילו נישט אונטערהויבנדיק דעם קאָפּ, האָט אים אַ צי צו זיך געטאָן. פעליקס איז געפאַלן מיטן האַלבן קערפּער אויף איר, מיט די קני אויפן דיל. זי האָט אים אַרומגענומען, זיך איינגעגעסן מיט אירע אויגן אין זיינע:

— פעליקס, מיר זיינען אַליין, אַליין, אָן די אויגן פון אַלעמען אויף דער שיף...

פעליקס האָט זי געהאַלטן איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס, זי געדריקט צו זיך:

— בלאָנדער קאָפּ! קאָנסט אָנצינדן וועלטן — קאָנסט זיי אויך פאַרצערן!....

קאַפּיטל זעכצן

דער פאַרטאָג, נאָך אַ הפקר־נאַכט פון שיכרות, האָט סאָראַן געפונען אָן אומפאַרשעמט־נאַקעטע לעבן פעליקסן. אירע ווייסע, קוועליקע בריסט זיינען געווען אנטבלויזט, די וואונדערלעכע הענט — צעוואָרפן

— איינע אַריבער פעליקסעס קאָפּ, די צווייטע אַראָפּהענגענדיק פון בעט; איר בלאָנד־זיידענע האָר — אין די אויגן. צו דעם נאָך האָט עפּעס אַ שווערע מאַטקייט געדריקט איר גאַנץ וועזן. זי האָט גאָרנישט געוואָלט, אפילו נישט געהאַט קיין באַגער אָוועקצושאָרן די האָר פון פאַר די אויגן.

פעליקס איז געשלאָפן לעבן איר אַ רואיקער, אַן אָנגעזעטיקטער, ווי אַ קליין קינד לעבן דער מוטערס ברוסט. אַ דין, צאַרט שמייכעלע האָט זיך אים געטיקט אין זיינע פיינע מוילווינקלען. דער לאָק איז אים געווען פאַרשאַרט אַרויף צום קענדזשער האָר, גלייך אויך ער, דער לאָק, וואָלט געהאַט גענוג אַרומפלאַטערניש אין דער לעצטער נאַכט.

ביסלעכוויז איז געוואָרן העלער אין צימער. גרויסער טאָג, פון כרמל־באַרג אַראָפּ, האָט אַריינגעשיינט אין גרויסן, לויטער־געוואַשענעם פענצטער. פעליקס האָט געטאָן אַן עפן די אויגן. זיין גרויסער, ווייסער שטערן האָט זיך אַ קנייטש געטאָן. עפּעס ווי דערשראָקן האָט ער געקוקט אויף דער נאַקעטער סארא לעבן זיך. באַלד האָט ער אימפּעטדיק זיך געטאָן אַ הויב און אַ שפּרייז אַריבער איבער איר.

גיך, גיך, האָט ער זיך גענומען אָנטאָן. אַזוי גיך, גלייך ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון עפּעס בריענדיקס, עפּעס זייער נישט אנגענעמס.

סארא, איינגאַנצן באַוועגלאָז, פון צווישן אירע ווילד־צעפּלאָטערטע האָר האָט מיט די אויגן נאָכגעפאָלגט זיין יעדן טראָט, זיין אימפּעטדיק איילן זיך: וואָס וועט ער דאָ טאָן? וואָס וועט ער דאָ זאָגן?

אַן אָנגעטוענער, אַ פאַרקעמטער שוין, איז ער עפּעס אַזוי נישט דרייסט צוגעקומען צו איר בעט. אַ פיינלעך לאַנגע מינוט איז ער געשטאַנען איינגעבויגן איבער איר. איר וואונדערלעך ווייס, נאַקעט לייב, מיט וועלכן ער האָט זיך לעצטע נאַכט אַזוי פאַרשיכורט, האָט אים איצט נישט גערירט. גלייכגילטיק האָט ער געקוקט אויף אירע יונג־מיידלשע בריסט, אויף דעם בלאַנקענד־ווייסן האַלדז, אויף דעם סקווערן, חן־גריבלדיקן גאָמבעלע. דערנאָך האָט ער זיך אַזוי פויל איינגעבויגן און איר אַ קוש געטאָן אויפן שטערן, אַ קוש — אַן טעם, אַן פייער:

— אַדיע, סארא. איך מוז גיין! די אויטאָבוסן וועלן נישט וואַרטן...

סארא האָט גאָרנישט געזאָגט. פון דעם קוש האָט זי געפילט אַן עקל. זי האָט געפילט מיט איר גאַנץ וועזן אַז דעם קוש האָט ער איר געטאָן בלויז פון יוצא וועגן!

ער האָט גענומען גיין. פון דער טיר שוין, האָט ער נאָך אַ בליק צוריק געטאָן צו איר אויפן בעט. עפּעס שולדיקס איז געווען אין דעם דאָזיקן בליק זיינעם. דערנאָך איז ער אַוועק. אָן אַ וואָרט איז ער אַוועק!

זי איז געבליבן אַליין, סאָראַ. אַ הוילע און אַליין! אָן אויס־געשעפּטע, און אַליין! ערשט איצט זיינען זי באַפאַלן געדאַנקען. אין מידן, פאַרטשאַדעטן מח האָבן גענומען קריכן געדאַנקען, געדאַנקען וואָס רעגן צו גאָרנישט! וואָס ווילן גאָרנישט! פוילע, ווי ווערים, קריכן זיי דאָרטן אַרום הינטערן שטערן, טאָטשען און טאָטשען...

— און וואָס איצט, סאָראַ?

שפּעט אין טאָג איז זי אויפגעשטאַנען אַזוי פויל און אָן חשק. זי האָט געקוקט אויף די צוויי לײדיקע ווײנפלעשער, וואָס וואַלגערן זיך אין ווינקל. נעכטן זיינען זיי געווען פול, דער ווײן האָט געשוימט, איצט ליגן זיי אַוועקגעוואָרפענע... אָט פונקט אַזוי אויסגעליידיקט און אַוועקגעוואָרפן איז זי דאָך. אַך, ווי גוט וואָלט דאָס געווען ווען זי קאָן אויך ווערן אַ פלאַש און בלייבן ערגעץ רואיק אין אַ וועלכן ווינקל...

אַליין איז זי היינט צוריקגעפאָרן אַהין, וואו ערשט נעכטן האָט זי אים אַזוי פלוצים און מיט אַזוי פיל שפּרודלענדע פרייד באַגעגנט. איז איר, הייסט עס, באַשערט געווען, נאָך דעם ווי זי האָט שוין איינמאָל געהאַט צעטריבן די נאָגנדיקע כמאָרע פון איר געמיט, זאָל זי ווידער, אין לעצטן טאָג פון איר זיין אין בית עולים, אויפסניי דאַרפן זיך איינגראָבן אין איר בעטל אין דער לאַנגער קאַזאַרמע־שטוב.

אָן איר ווילן האָבן די געדאַנקען־ווערעמלעך ווידער גענומען איבער־וועבן פון דאָס ניי איר גאַנצן לעבן, וואָס שטייט איר פאָר. זי זעט איצט אין דעם אומזין פון גיין ערגעץ אין אַ קבוצה אָדער אין אַ קאָלאָניע אויף אַרבעט. מיט וואָס? מיט וועלכע כוחות? איצט, אָן אויסגעליידיקטע ביזן דנאָ! אָן אויסגעשעפּטע, אָן ווילן, אָן חשק, אָן יעדער אַמביציע עפּעס צו דערגרייכן? עס האָט דאָך קיין זין נישט! אָן אויסגעליידיקטע פלאַש, ווי זי איז איצט, קאָן זי שוין בלייבן זיך וואַלגערן אפילו פאַר מאָטלס טיר!... סיי ווי האָט זי איר ליבע, פונקט ווי איר לייב, שוין אַוועקגעגעבן דעם, וועמען זי האָט געוואָלט, וועמען זי האָט ליב. אַלעס איבריקע? נו יאָ, וואָס איז שוין געבליבן?

צומאָרגנס האָט סאָראַ גענומען דעם פונט מזומן, וואָס איר קומט אַלס חלוצה און דערמיט אַוועק קיין תל־אביב.

מיט דעם װײסן, געפלאָכטענעם קײשל אין אײן האַנט און די װאַליזע אין דער אַנדערער, איז זי אָנגעקומען אין אַ זײטיק געסל, אַ פאַרװאָרפנס, צװישן טיפע, גליאיקע זאַמדן, װאו עס זײנען געשטאַנען צעװאָרפענע, נידריקע, אַלטע הילצערנע הײזקעס. אויף אײנס, אַזאַ הײזקע, מיט אַן אײנגעפאַלן האַלצערן װעראַנדעלע פון פאָרנט, האָט מען איר אָנגעװיזן: אָט דאָ װאױנט דער יונגערמאַן.

זי האָט אָװעקגעשטעלט דאָס געפּעק אויף דעם װעראַנדעלע און אַרײן געקוקט דורך די אומגעװאַשענע שױבן אין דעם שטיבל אַרײן. אַ בעטל איז דאָרט געשטאַנען אומפאַרבעט. בערג זאַכן, צעװאָרפענע, האָבן זיך געװאַלגערט אויף שטולן. אַ צעעפנטע װאַליזע איז געשטאַנען אויף דער פאָדלאָגע אין מיטן שטוב.

„איז, אָט דאָ הײסט עס, װאױנט מאָטל!“

מאָטל האָט זיך אויף איר לחלוטין נישט געריכט! אײדער די שיף איז אָנגעקומען האָט ער געפיבערט און זיך געגרײט צו פאָרן זי באַגעגענען. אפילו די װאַליזע האָט ער גענומען פּאַקן. פּלוצים אָבער האָט ער דערהאַלטן פון איר אַ דעפּעשע: „װאָס װעט זי טאָן אין תל אביב?... זי פאָרט זיך באַזעצן אין אַ קבוצה!“ פון דעם „װאָס װעט זי טאָן אין תל אָביב?“ האָט ער שױן פאַרשטאַנען װאו ער האַלט מיט איר. זינט יענעם טאָג איז ער געבליבן אַ דערשלאָגענער. יעדן פרימאָרגן שטײט ער אויף מיט אַ פײנלעך, נאָגנדיק געפיל. זײנע הענט רירן זיך נישט צו גאָרנישט צו אין שטוב. אַ פּאַרװײטיקטער לױפט ער אַװעק צו דער אַרבעט. מיט דעם נאָגנדיקן געפיל שטײט ער אַ גאַנצן טאָג אויף די רושטאָװאַניעס פון די אָנגעהױבענע הײזער, װאו ער מאַכט די פורעמס פאַר די געגאָסענע צעמענטענע װענט. װידער און אָבער פרעגט ער זיך די זעלבע פײנלעכע קשיה:

— פאַרװאָס? פאַרװאָס קוקט זיך סאַראַ נישט אום אויף דעם טײערסטן, װאָס ער לײגט קניענדיק צו אירע פיס? פאַרװאָס?...

אויך הײנט איז מאָטל געגאַנגען אַהײם מיט דער זעלבער נאָגנדער פראַגע אויף די ליפּן. אַ פאַרטראַכטער, אַן אױסגעשמירטער אין קאַלך האָט ער געשלעפּט זײנע מידע פיס אין הײסן זאַמד.

סאַראַ, זיצנדיק אויף איר געפּעק אויפן באַלקאָנדל, האָט אים נאָך פון װײטנס דערזען. כאָטש עס איז שױן היבשע עטלעכע יאָר זינט ער איז אַװעק, כאָטש ער גײט איצט אין אַזאַ מאָדנעם הולך: אַ צעכראַסטעטע העמדל מיט אַ שטיק האָרץ אין דרױסן; אַ פּאָר קורצע הױזקעס און אַ פּאָר צעפּאָרענע שיך, האָט זי אים גלײך דאָך דערקאָנט. זי האָט אפילו ס׳פּנים זײנס נישט באַדאַרפט זען. עס איז געװען

געווען צו דערזען דעם שמאָלן, הויכן געשטעל זיינעם, די טונקעלע, דראָטענע קרייזעלעך אויפן קאָפּ, זי זאָל זען ווער עס גייט!

זי האָט אפילו נישט געפּרואווט זיך אויפשטעלן, סאראַ, אים אַנטקעגן גיין, אים רופן, גאָרנישט! לחלוטין גלייכגילטיק! וועט ער יאָ צוקומען, וועט ער נישט צוקומען!

מאָטל — זי, האָט גאָרנישט געזען. ער איז געגאַנגען מיט די אויגן אין זאַמד, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס געזוכט. עפּעס אַ טייערער, אַ פאַרלוירענע זאַך. ערשט אויף דער שוועל פון האַלב איינגעפאַלענעם וועראַנדעלע האָט ער זי דערזען. פון גרויס איבער־ראַשונג איז ער געבליבן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, דערשראָקענע אין דער לופט, ווי ער וואָלט זי געוואָלט אַרומכאַפּן נאָר איבער־געוואָלט זיך צוריקגעהאַלטן. אַ גרויסע, אַן אומגעריכטע פראַגע האָט שטום אַרויסגעגלאָצט פון זיינע ברייט צעעפנטע אויגן. אונטער דעם בליק זיינעם, האָט סאראַ געמוזט אַראָפּלאָזן אירע אויגן צום באָדן. זי האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן מאָטלס צעשראָקענעם בליק, בפרט דאָס צעקרומטע, פאַרווייטיקטע פּנים, וואו די שטיקעלעך ווייסע, פאַרטרוקנטע שוים אין די בלויע מוילווינקלען, האָבן זיך אַזש געגרינט פון איבערראַשונג און ווייטיק:

— סאראַ!

זי האָט נישט געענטפערט.

מאָטל איז צוגעגאַנגען צו איר, איר אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף דעם שטענדיק זוניקן פּנים, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט דאָ געטראָגן אין זיין זיכרון. אָט האָט ער עס, דאָס ליכטיקע פּנים אין זיינע הענט. אָבער גאָט! ווי בלאַס, ווי אויסגעזויגן דאָס פּנים איז איצט!

— סאראַ!

זי האָט אים געשענקט אַ בליק. אַ בליק, וואָס האָט געקאָנט מיינען:

— אָט, איך בין געקומען.

ערשט איצט האָט מאָטל נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן. מער צושטיין צו איר האָט נישט קיין זינען. גדליה גלאַסעס טעכטערל איז צו קאַפּריזנע מ׳זאָל פון איר געוואויר ווערן עפּעס, וואָס זי וויל נישט דערציילן. חוץ דעם, ווער האָט דען איצט גאָר דעם קאָפּ און די צייט דערצו? אויף דער ערד, אונטער די פיס, וואַלגערן זיך אַנגעוואָרפענע זאַכן. אירע זאַכן שטייען דרויסן. די טיר האָט ער נאָך אַלץ נישט אויפגעשלאָסן. ווער ווייסט פון ווען אָן זי זיצט שוין דאָ און וואָרט אויף אים. אפילו די שכנים פון הינטער־שטיבל זיינען

נישט געווען זי אַריינצונעמען דערוויַיל צו זיך. דערצו נאָך — זיין הולך!

שטיל און מיט גרויס צערטלעכקייט, ווי מען גייט זיך אום מיט אַ קראַנקן, אַזוי האָט זיך איצט מאָטל גענומען פאַרען מיט סאראן. גלייך ווי ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר האָט ער מיט אַ פוס געטאָן אַ פאַר־רוק זיין וואליזיע פון מיטן שטיבל און גלייך געמאַכט דאָס צוואָרפן בעטל. דערנאָך האָט ער זי ממש אויף די הענט, אַריינגעטראָגן און זי פאַמעלעך אַוועקגעלייגט. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט זי מער נישט צו פרעגן. ער קאָן שוין סאראן גוט. אַז זי וועט וועלן וועט זי אַליין אַלץ דערציילן. טאָמער אָבער וויל זי נישט, וועט גאָרנישט העלפן און אַז עפּעס איז מיט איר פאַרגעקומען, דאָס זעט ער באַשיינ־פּערלעך. ווען נישט וואָלט סארא נישט געקומען אַזאַ שלאַבעריקע, אַזאַ רעזיגנירטע!

אין אַ ווײַלע אַרום איז מאָטל אַרויספאַרלוירן געוואָרן. סארא איז געבליבן אַליין אין שטיבל. זי איז געלעגן מיט שטאַרע אויגן צום סופיטל, וואו, אין די ווינקלען, האָט געבליט דער שפּינוועבס און שוואַרצע פליגעלעך, טויטע, אויסגעזויגענע, ווי זי, האָבן זיך גע־וואלגערט בינטנווייז. דערנאָך האָט זי צוגענומען די אויגן און מיט זיי געוואַנדערט איבער דעם שטיבל. פּונקט אַנטקעגן איר איז געשטאַנען אַ טישל מיט אַנגעוואָרפענע זאַכן. אין אַן אומריינעם טעלער איז דאָרטן געלעגן אַ היטל. אויפן זייטל פון אַ שטול איז געהאַנגען אַ ברודיק העמד. שניפּסן האָבן זיך געוואלגערט אונטער די פיס. „אָט אַזוי, הייסט עס, וואוינט ער דאָ, מאָטל, אַזוי לעבט ער דאָ אַליין ,אין אָט דעם אָ, און טרוימט וועגן מיר"...

מאָטל איז צוריק אַריינגעקומען דורך אַ הינטער טיר פון הויפל. ער איז געווען אָפּגעוואַשן און איבערגעטאָן. ער איז צוגעקומען צו איר און זיך צוגעזעצט אויפן ברעג בעטל. דערנאָך האָט ער געוואַגט און גענומען איר ווייס, שיין הענטל אין זיינע ברוינע, האַרט אויסגע־אַרבעטע הענט. שוויַיגנדיק האָט ער איר געקוקט אין די אויגן, געפאַרשט יעדן פינטל זייערן, יעדן קער מיט אירע גרויסע, טונקל בלויע אַפּלען.

סארא האָט אפילו נישט געפּרואווט איצט אַוועקנעמען איר בליק. פאַרקערט, זי, אַליין אַ שטאַר־רואיקע, האָט געפאַרשט זיין געזיכט, זיין קער מיט די קליינע, פייכטלעכע, ביר־אויגן. אינגאַנצן גלייכ־גילטיק זיינען איר איצט געווען זיינע פאַרטרוקנטע שטיקלעך שוים אין די מוילווינקלען. אַמאָל האָט דאָס זי געערגערט! איצט, עס זאָל

זי גאָר אָנהויבן אָרן! אפילו נישט ער זאָל אָפּלאָזן איר האַנט. און אפשר ווייסט זי גאָרנישט אַז ער האַלט איר האַנט?

צומאָרגנס איז מאָטל נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. אים האָט נישט געאַרט וואָס איצט, אין ברען פון הייזער־בוי, דאַרף מען אים דאָרטן האָבן. אים האָט אויך נישט געאַרט וואָס פאַר אים פאַרלירן איצט אַ טאָג אַרבעט, מיינט היזק האָבן אַ גאַנצן פונט! מאָטל האָט אפילו וועגן דעם נישט געטראַכט. ער איז געבליבן אין דער היים מיט סאַראַן. ער זעט דאָך אַז סאַרא דאַרף אים! סאַרא איז קראַנק! וואָרעם נאָר אַ קראַנקער מענטש קאָן ליגן אַזוי שטונדן לאַנג, גאַפּיען מיט די אויגן און גאָרנישט וועלן, אפילו נישט אַ ביסל מילך אויף די ליפּן.

ווי מיט אַ קראַנק, צעפּיעשטשעט קינד איז ער זיך מיט איר אומ־געגאַנגען דעם גאַנצן טאָג, מאָטל. אַלעמאָל איז ער פאַרלוירן געוואָרן און באַלד צוריקגעקומען מיט עפּעס אַנדערש אין די הענט. לעבן איר בעטל, אויפן טישל, איז שוין געשטאַנען אַנגעשטעלט אַ האַלבע אַפּטייק און אַ סך גוטע זאַכן. צאַרט, מיט געבעט אין קול, האָט ער זי אַלע ווילע דערמאַנט:

—סאַרא, באַנעץ די ליפּן.

פאַרנאַכט איז סאַרא אויפגעשטאַנען. שטיל, אַן אַ וואָרט איז ער מיט איר אַרויס אויף דער גאַס. מאָטל האָט זיך געפילט שולדיק וואָס ער וואוינט אין אַ געסל אין אַזעלכע טיפע זאַמדן, וואו סאַרא דאַרף איצט שלעפּן אירע מידע פיס.

ער האָט זיך מיט איר געקערעוועט איבער זייטיקע, שטילע געסלעך, מיט גערטלעך אַרום די הייזקעס. דערנאָך איז ער מיט איר אַרויס אויף דער ברייטער, טומלדיקער אלענבי גאַס.

סאַרא האָט ווייזט אויס נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם טומל. „קום אַוועק פון דאַנען", האָט זי שטילערהייט געזאָגט צו אים. דאָס זיינען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס מאָטל האָט פון איר געהערט זינט זי איז געקומען, דורך דעם גאַנצן מעת־לעת.

ער האָט זיך ווידער פאַרקערעוועט מיט איר אין אַ זייטיק געסל, פון דאָרט האָט ער גענומען זיך שניידן אַלץ נענטער צום ים. אָט באַלד, אין בלויען דעמער פון צווישן טאָג און נאַכט, וועט זיין אַ נחת צו זיצן ביים ים; צו הערן דאָס שטילע פליסטערן פון די כוואַליעס. דאָרט וועט זיך סאַרא געוויס באַרואיקן.

גייענדיק לעבן סאַרא אין פאַרטראַכטן שוויגן, האָט דערווייל זיין מח נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן. עס האָט זיך דאָרטן ממש גע־

ראַיעט. אין דער אמתן, וואָס קאָן דאָס אַלץ מיינען? פון פוילן נאָך האָט זי אים געשריבן אַז זי קומט גלייך קיין תל אביב, ס׳הייסט צו אים, נאָר פון אים וועט זי מער נישט פאַרלאַנגען ווי זיך צו קאָנען באַנוצן מיט זיין צימער ביז זי וועט זיך איינאָרדענען.. נו, דאָס האָט ער פאַרשטאַנען. נאָך אַלעמען האָט דאָך גדליה גלאַסעס טאָכטער נישט געקאָנט טאָן אַ שרייב אָפּן און קלאָר: „מאָטל, איך קום צו דיר״! אָבער די דעפּעשע פון שיף, גראָד ווען ער האָט זיך גענומען גרייטן זי פאָרן באַגעגענען, אָט די ידיעה אַז זי פאָרט אין אַ קבוצה אויף אַרבעט, האָט אים גאָר צעמישט! דאָס האָט גאָר איבער־געקערט אַלץ אין זיין מח. אַלע זיינע חלומות זיינען מיט איינמאָל צעשטערט געוואָרן. האָט ער געמיינט: שוין, אַוועק סאַראַ! נישטאָ, נישטאָ מער! דאָ, גאָר פּלוצים, אָט איז זי! אָט האָט זי זיך אַריינגע־שטעלט! אָבער וואָס פאַר אַ שווייגנדיקע, וואָסער פאַרשלאָסענע, און ווי צעבראָכן! אַ הוילער שאַרבן! עפּעס יאָ סאַראַ און נישט סאַראַ! וואָסזשע איז געשען? וואָסזשע האָט געטראָפן?

מאָטל פילט דער קאָפּ ווערט אים צעזעצט. ער האָט אָבער מורא זי צו פרעגן. ער האָט אין צווייען מורא. ערשטנס זעט ער אַז סאַראַ איז קראַנק. יעדער פראַגע, דאָס צושטיין צו איר, ווירקט אויף איר ווי ער וואָלט איר מיט עפּעס וויי געטאָן. צווייטנס האָט ער מורא פאַר אַן אויסברוך. סאַראַ, אַז זי פאַרלירט אַמאָל איר גלייכגע־וויכט, קאָן מען זי נישט באַרואיקן און דאָס וועט פאַרערגערן איר מעמד!

וואָסזשע זאָל ער טאָן? צו דער אַרבעט גיין קאָן ער נישט. ער האָט זי פּשוט מורא איבערצולאָזן מיט זיך אַליין אין אַזאַ צושטאַנד, אין אַזאַ צעטראָגנקייט! וואָס אַנדערש טאָן ווייסט ער אויך נישט. וואָס וועט דאָ זיין? ער פילט ער גייט אונטער! וואָס וועט דאָ זיין?...

## קאַפּיטל זיבעצן

נאָך די ערשטע עטלעכע טעג, נאָך דעם ווי די באַטויבונג, אָט די גלייכגילטיקייט, די רעזיגנירטע טעמפּקייט, סאַראַס, האָט אָנגעהויבן צעגיין, ווי עס צעגייט אַ שוואַרצע כמאַרע, האָט סאַראַ קלאָר איינגעזען אַז ליב האָט זי דאָך בלויז איין מענטשן, אַ מענטש וועמען זי האָט שוין געהאַט, צוויי מאָל געהאַט; אַז בלויז צוליב דער גרויסער ליבע צו יענעם, קאָן זי פאַרטראָגן מאָטלס צערטלעכקייט, אפילו

זיינע לאסקעס, וואָס זי האָט בלויז נישט קיין האַרץ זיי צוריק־צואוואַרפן. זי האָט אָבער אויך איינגעזען די געמיינקייט פון איר זייט אויסצובאַהאַלטן פון מאָטלען, אים צו האַלטן אין אַזאַ אומדער־טרעגלעכן דערוואַרטונג־צושטאַנד. אָט איז זי געקומען זיך שיצן אונטער זיין דאַך, עסן זיין ברויט און ער ווייסט אפילו נישט אַז איר האַרץ וואַנדערט גאַר איבער די וועגן פון ארץ ישראל. אַ צעווייטיקטס, אַ פאַרוואונדיקטס וואַנדערט עס אַרום און זוכט יענעם מענטשן, כאָטש דעם שאָטן פון יענעם מענטשן, וועמען זי האָט געהאַט און ער איז אַזוי שפורלאָז אַוועק!

— וואו איז ער? וואו איז ער איצט?

זאָל זי דאָס מאָטלען דערציילן? אָט דאָס אַלץ, וואָס מיט איר איז פאַרגעקומען? וואָס וועט ער זאָגן? אויב ער וועט זי נישט אַרויסשליידערן פון זיין שטוב, ווי מען שליידערט אַרויס אַ מיאוס, געפּאַלן שטיק, איז ער נישט קיין מענטש, מאָטל, איז ער נישט קיין מאַן! געוויס וועט ער, נאָכן דערוויסן זיך דאָס אַלץ, נישט וועלן זי אַנקוקן! דערפאַר אָבער וועט זי אַליין קאָנען אויף זיך קוקן. וואָרעם, ווי עס איז איצט, איז עס העסלעך! אויסבאַהאַלטן, און, אפשר שפּעטער, נאָך מוזן זאָגן ליגן אויך! דאָס מיינט זיין געפאַלן!

עס זיינען ווידער אַוועק עטלעכע טעג. מאָטל האָט אויפסניי גענומען גיין צו דער אַרבעט. ער האָט געזען אַז דער וואָלקן, אָט די פינסטערע כמאַרע, וואָס סאַרא האָט מיט זיך געבראַכט, צערינט, גייט ביסלעכווייז אויס. איר פּנים, פּונקט ווי איר געמיט, לייטערט זיך אויס. ער האָט באַמערקט אַז סאַראן האָט אָנגעהויבן אַרן די אָפּגעלאָזנקייט אין שטיבל, אַז זי האָט אָנגעהויבן גלייכשטעלן, אַוועק־ראַמען, נישט נאָר אירע, נאָר אויך זיינע זאַכן. הייסט עס, דאָס שטיבל הייבט איר אָן ווערן אייגן. אים האָט זיך אויך געדאַכט אַז זי הייבט אים אָן באַהאַנדלען מיט אַ געוויסער צערטלעכקייט. אַז זי האָט נישט די אַמאָליקע קאַפּריזן, דאָס זעט ער אויף געוויס!

מאָטלס האַרץ האָט פון דעם אַלעם אָנגעהויבן אויפהייטערן, פריידיק ווערן. ער האָט געוואַגט! ער האָט גענומען זיך דערנענ־טערן צו איר. ער האָט אפילו געוואַגט אַ פּרואוו צו טאָן דאָס שלאָס אויף איר מויל. עס האָט אים אָבער באַלד באַנג געטאָן דערויף.

סאַרא, נאָך אַלץ אַ פאַרשלאָסענע, האָט אָבער דורך די אַלע טעג אַליין געזוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט אים אַלץ צו דערציילן. זי האָט געוואוסט אַז דער מאָמענט דאַרף זיין אַזאַ, נאָך וועלכן זי זאָל נישט נאָר האָבן דעם נויטיקן כח צו פאַרנעמען אַלץ וואָס מאָטל וועט

איר זאָגן, נאָר אויך ער, מאָטל, זאָל אַזאַ מאָמענט קאָנען אויסהאַלטן און נישט צוזאַמענברעכן! מאָטל איז פֿון שטענדיק אָן נישט קיין ריז. זי געדענקט נאָך גוט זיין טבע פֿון חלשן. דעריבער מוז זי זיין גאָר פּאָרזיכטיק ביים באַשליסן ווען דער פּאַסיקער מאָמענט זאָל זיין. עס וואָלט אפשר בעסער געווען אונטערצוּוואַרטן, געווינען נאָך צייט. קאָן זי דאָס אָבער נישט. מאָטל הייבט אָן ווערן צודרינג־לעך... אין די נעכט, ווען ער שלאָפט אויף זיין געלעגערל, אַנטקעגן איר בעטל, הערט זי און פֿילט זיין אומרו... זי פֿילט מיט וויפֿל כּח, מיט וויפֿיל אָנשטרענגונג ער באַקעמפֿט אין זיך דעם דראַנג, זיין הייסן באַגער צוצוקומען צו איר בעט. ביז היינט האָט ער עס אויס־געהאַלטן. איצט אָבער, נאָך דעם ווי איר אויפֿפֿירן זיך אין שטוב איז געוואָרן אייגענער, היימישער, וועט ער דאָס מער נישט קאָנען גובר זיין! ער וועט סוף כּל סוף צוקומען צו איר! וואָס וועט זי דאַן טאָן? מיט וואָסער רעכט וועט זי דאַן אָוועקשטופּן זיין ליבע? וואָס וועט ער טראַכטן? ער וועט דאָך גאָרנישט וויסן פֿאַרוואָס?

סאַראַן האָט אָנגעהויבן ווערן ענגער און ענגער דאָס זיין דאָ מיט מאָטלען. זיך איבערגעבן און אָנהייבן לעבן מיט אים קאָן זי נישט! זיכער נישט איידער ער ווייסט אַלץ! עס קאָן זיין אַז נאָכדעם ווי ער וועט זיך אַלץ דערוויסן און דאָך זי ליב האָבן, דאָך זי באַגערן, וועט זי אפשר דאָס יאָ קאָנען, אָבער נישט איצט, ניין! פֿאַר קיין פֿאַל נישט! ווידער אָוועקגיין אָן איין וואָרט, דאָס קאָן זי שוין איצט, נאָך דעם אָפּזיין דאָ, אויך נישט. דעריבער האָט זי געמוזט, אין איין שיינעם טאָג, גיכער אין אַ פֿינסטערן אָוונט, אים אַלץ דערציילן, אַלץ, מיט די ווייטיקדיקסטע איינצלהייטן.

עס איז געווען אַזוי:

נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט אונטער דער גליאיקער ארץ ישׂראל זון, איז מאָטל געקומען אַהיים. ער האָט גיך פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן דעם קאַלך און שטויב מיט די קורצע הייזקעס. ער איז אַרויס הינטער דער וואַנט, אין הויפֿל אַריין און געלאָזט איבער זיך אַ שטראָם דערקוויקנדיק וואַסער. אַן אָפּגעפֿרישטער, אַ זינגענדיקער איז ער צוריק אַריינגעקומען, פֿאַרוואָרפֿן די בעט־דעקע איבערן שטריקל, אין מיטן שטיבל, ווי אַ וואַנט, וואָס טיילט אים אָפּ פֿון סאַראַן און זיך געצומען אָנטאָן. דערנאָך זיינען ביידע אָוועק אין קליינעם רעסטאָראַנטל עסן זייער אָוונטמאָל.

סאַראַ איז היינט געווען זייער אויפֿמערקזאַם צו אים. זי האָט געפֿילט אַז מאָרגן, אפשר איבערמאָרגן, וועט זי שוין דאַרפֿן אָוועק

פון דאַנען. טאָ זאָל זי אים כאַטש היינט אָפּצאָלן מיט אַביסל וואַרעמקייט פאַר אַלץ וואָס ער האָט פאַר איר געטאָן. און געטאָן האָט ער דאָך פאַר איר אַזוי פיל! ווען זי איז געקומען, מיט איבער אַ וואָך צוריק, איז זי געווען דערשעפּט, אויסגענאַגט, אָן כח, אָן ווילן מיט אַ האַנט אַ ריר צו טאָן. מאַטל האָט געוואַכט איבער איר, ער האָט זי באַדינט, זי געהיילט מיט זיין וואַרעמקייט, איז זי אים איצט זייער דאַנקבאַר! איצט, נאָך דעם ווי זי וועט אים אַלץ דער־ציילן, וועט זי קאָנען אויסהערן און פאַרנעמען יעדן פאַרוואורף זיינעם! זי וועט אפילו האָבן כח צו וואַכן איבער אים ער זאָל בישט חלילה זיך אַ מעשה אָנטאָן. דערנאָך וועט זי, ווי אַ גוטער פריינט, קאָנען רואיק אַוועק פון אים, זיך פאַרקלייבן ערגעץ, אין אַ שטיל אָרט, אַרבעטן און לעבן, לעבן און אַרבעטן, אָט אַ שטייגער ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין אַלץ אין לעבן דערגרייכט, וואָס האָט שוין אַלץ הינטער זיך!

פון רעסטאָראַנטל זיינען זיי ביידע אוועק צום ים־ברעג. עס איז דאָרטן קיל אין די אָוונטן. אויפן ווייסן זאַמד שטייען אויפלייג־שטולן. מענטשן, מידע נאָך אַ טאָג אַרבעט, נאָך אַ טאָג האָווען אין דער גרויסער היץ, רוען דאָרט אָפּ געמיטלעך, פאַרגעסן אויף אַ ווייל דעם הו־הא און לאָזן זיך אין דער שטיל איינהילן פון דער בלויער אָנקומענדער נאַכט.

מאַטל האָט גענומען צוויי שטולן, זיי צעגויפגערוקט לעבן אַנאַנ־דער. ער האָט געהאָלפן סאַראַן זיך איינזעצן, מאַכן איר אַנלען־ווענטל באַקוועם. דערנאָך האָט ער זיך אַליין איינגעזעצט אין דער צווייטער שטול. ביידע האָבן געשוויגן, געשוויגן און געקוקט צום אָפענעם ים, דאָרט, וואו, אין בלויען האָריזאָנט, האָט זיך נאָך גערויטלט אַ פאַס הימל. די לעצטע אָפּשטראַלן פון דער זון שעמערירן נאָך דאָרט, טוקן זיך, טוקן זיך און גייען אויס, ווערן פאַרלאָשן. אַ בלויער בין השמשות שטייט אָן. אין דער ווייטער בלויקייט צייכענען זיך קאָנטורן פון אַ זעגל שיפל. פּאַוואָליע רוקט עס זיך דאָרטן, דאָס שיפל, רוקט זיך ערגעץ אין דער הוילער נאַכט אַריין. און דאָ, ביים ברעג, לויפן אָן כוואַליעס מיט אַ שוים, רייסן זיך אויפן זאַמד אַרויף, אָט־אָט זיינען זיי שוין ביי די פיס און ווילן געוויס אַ לעק טאָן די טריט, ווי אַ מחנה ליבע, שפּילעוודיקע הינטלעך. אָבער ניין, אַזוי ווייט גייט נישט זייער כח! זיי לויפן צוריק, די כוואַליעס, כדי באַלד ווידער צו קומען מיט אַ שוימיקן שטורעם.

עס האָט געגומען טונקלען. ביסלעכווייז זיינען די פיגורן אין די נאַסע באַד־קאָסטיומען אַרויספּאַרלוירנגעוואָרן פון וואַסער אַרויס. איי־נער נאָך איינעם זיינען זיי פאַרשוואונדן. אויך פון די שטולן זיינען אַלעמאָל אַנדערע אויפגעשטאַנען און אַוועק. אַ שטילקייט און אַ פוסטקייט איז דאָ אַנגעשטאַנען. פון הינטן, לענגאויס די קאַפּייען האָבן זיך לאָמפּן אָנגעצונדן.

— עס איז קיל, — האָט סאַרא געזאָגט.

מאָטל האָט אויסגעטאָן זיין רעקל און זי אַרומגענומען דערמיט. סאַרא האָט נישט געזאָגט ניין. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר, אויף איר שטול. אויך אויף דעם האָט זי נישט געזאָגט — ניין. מאָטל האָט געפּרואווט זי אַרומנעמען, אפשר זי און אפשר טאַקע זיך אַליין אַנוואַרעמען אונטער דעם זעלבן רעקל. דאָ האָט שוין סאַרא זייער צאַרט אַראָפּגעלייגט זיין האַנט פון זיך. מאָטלען האָט דאָס אַ ברי געטאָן אין האַלדז אַזש ביז דער קעל, גלייך טרערן וואָלטן אים געגומען שטיקן. ער האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי ליגט מיטן בלאָנדן קאָפּ אין ווייכן שטולוועגטל, איר תמיד פלאַמענדיק פּנים איז איצט געווען אַזוי בלאַס, די אויגן פאַרמאַכט, אָט־אָט און זי צעוויינט זיך:

— סאַרא!

סאַרא האָט אים געשאָנקען אַ שטילן בליק:

— ניין מאָטל, איך בעט דיך, ריר מיך נישט אָן...

— אָבער סאַרא, פאַרוואָס?

— ניין, נישט ביז...

— ביז וואָס, רעד, סאַרא! די גאַנצע צייט ביזטו שטום! דו שווייגסט און מיט דיין שווייגן פּייניקסטו זיך און מיך. רעד, רעד זיך אַראָפּ, עס וועט לייכטער זיין פאַרביידן.

סאַרא האָט נאָך אַ ווייל געשוויגן. זי האָט זיך צוגעהערט צו די לייכטע כוואַליעס, ווי זיי מורמלען דאָרטן, פליסטערן אַזוי שטיל, דער־ציילן עפּעס, עפּעס סודותדיקס. אויך זי האָט גענומען דערציילן. שטיל און רואיק און אָפנהערציק האָט זי אים דערציילט פון איר באַ־געגענען זיך מיט יענעם מענטשן, יענער, וואָס האָט איבערגעקערט איר לעבן ווי מען קערט איבער אַ טאָפּ מיטן מויל אַראָפּ, צו דער ערד. זי האָט אים דערציילט פון יענער נאַכט אויפן שיף־דעק, ווי זי האָט אין וואַנזין זיך געבעטן:

— פעליקס, נעם מיך, נעם מיך, פעליקס...

זי האָט אים אויך דערציילט פון דער נאַכט אין חיפה, נאָכדעם ווי פעליקס האָט זיך פּלוצים צוריק באַוויזן און זי האָט זיך אים

אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן פלאַם פון איר יונג־מיידלשער אומשולד. זי האָט אויך מאָטלען מודה געווען אַז זי האָט שטילערהייט, מיטן גאַנצן האַרץ, געהאַפּט פעליקס זאָל זי, נאָך דער נאַכט... מיטנעמען מיט זיך אויף דעם „טיול" איבערן לאַנד. פּשוט, מיט קינדישער תמימות האָט זי צוגעגעבן אַז ווען יענער וואָלט נישט אַזוי אַן רחמנות איבער־געהאַקט דעם שטראָם פון פרייד, ווען די פרייד וואָלט לענגער געווען אָנגעהאַלטן, וואָלט זי זיכער נישט געווען געקומען צו אים, צו מאָטלען. זי וואָלט געווען געהאַט כח צוריק צו שטעלן זיך אויף אירע פיס. אַזוי אָבער האָט זי קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט! זי האָט אפילו נישט געטראַכט פון קיין אויסוועגן. עס איז בלויז געווען אַן אינ־סטינקטיווע האַנדלונג, דאָס קומען צו אים. פּשוט, דאָס געפיל פון זעלבסטדערהאַלטונג האָט זי אָנגענומען און געבראַכט אַהער צו אים. ווי צו אַ פריינט איז זי געקומען און עס טוט איר געוויס וויי, וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט אַזויפיל לייד און פּיין. וואָס זאָל זי אָבער טאָן אַז מער ווי צו אַ פריינט פילט זי גאָרנישט צו אים...

— איצט, מאָטל, אַז דו ווייסט שוין אַלץ, קאָנסטו מיר זאָגן אַז איך בין אַן אויסוואורף, אַז איך בין אַ... קאָנסט מיך אפילו לאָזן איינע אַליין, דאָ, אויף דער שטול, ביים פינסטערן ים, ווי פעליקס האָט מיך געלאָזט אין האָטעל, אין חיפה און אויך אַוועק אָן איין וואָרט. איך בין עס ווערט, קאָנסט, מאָטל, אויב דו ווילסט!

אין היץ פון דערציילן, אין דער הינגעריסנקייט פון נאָכאַמאָל איבערלעבן איר גאַנצע פרייד און פּיין מיט פעליקסן, האָט סאַראַ דערוויילע גאָרנישט באַמערקט ווי מאָטל האָט זיך אַראָפּגערוקט פון איר שטול אין זיינער אַריין און געבליבן דאָרטן מיט אַ פאַרוואָרפע־נעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געקראָגן איינעם פון זיינע חלשות־אַנפאַלן. זי האָט דאָס נישט געקאָנט באַמערקן, סאַראַ, ווייל אויך זי איז די גאַנצע צייט געלעגן מיט דעם קאָפּ אַהינטער, די אויגן אין דער וויטער נאַכט אַריין, אַן אויסגעשעפּטע, אַ פאַרטראַגענע פון דאַנען.

אָבער דאָס מאָל האָט מאָטל נישט געחלשט. ווען אַ מענטש ווערט צעריסן פון צוויי קעגנגעזעצטע געפילן, געפילן וואָס פייניקן פון צוויי באַזונדערע זייטן, קאָן מען, אין אַזאַ מאָמענט, נישט חלשן! און מאָטל איז איצט, בעת איר דערציילן, צעריסן געוואָרן פון אָט אַזעלכע צוויי באַזונדערע פּיינען.

פון איין זייט האָט אים געפרעסן דער געלער, גיפטיקער וואָרים פון איפערזיכט. יאָרן נאָך יאָרן, פון זינט ער איז אַ קליין ייִנגל געווען, ווי נאָר דאָס ייִנגל אין אים האָט זיך גענומען וועקן, האָט

ער שוין געטראָגן אין זיך יעדן ריר אירן, יעדן בליק, איר יעדן וואָרף מיטן קאָפּ זיידענע האָר, איר קלינגנדיק לאַכן, אַלץ, אַלץ האָט ער אויסבאַהאַלטן אין זיין האַרץ, אין זיין געמיט, פּונקט ווי מען באַהאַלט אַ ליכטיקע וויזיע, ווי מען באַהאַלט אויס אַ וואונדערלעכן חלום. ער האָט זיך געגרייט, ער האָט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דער וואונדערלעכער חלום וועט ווערן וואָר! מיט זעלטענעם געדולד האָט ער געוואַרעמט אין זיך, געכאַוועט יעדער צערטלעכקייט פאַר איר, פאַר איר, אַלץ פאַר איר! שטענדיק האָט ער מיט ליבשאַפט און פאַרגעבונג צוגענומען אַלע אירע קאַפּריזן. מיט זיין פאַרגעבונג, מיט זיין אומגעהערטער אויפמערקזאַמקייט, האָט ער גע־האָפט, וועט ער דאָך ברענגען דערצו זי זאָל אים קאָנען פאַרטראָגן, זי זאָל קומען צו אים, קומען! איז אָט, נאַדיר!

מאָטל פילט איצט, ער וואָלט באַדאַרפט שרייען, רעווען ווי אַ פאַרוואונדיקטע חיה. בייסן זיך, די וועלט די גאַנצע, וואָלט ער באַ־דאַרפט בייסן, און אויך זי, וואָס זיצט נאָך לעבן אים... זי איז געקומען! געקומען אַן אויסגעליידיקטע, אַ באַרויבטע, ניין! אַ פריידוויליק־זיך אַוועקגעשאָנקענע איז זי געקומען און זיצט לעבן אים, לעבן אים!...

פון דער אַנדערער זייט אָבער פילט ער ווי עס פייניקט אים אַ שטים, אַ שטים, וואָס רעדט צו אים אַזוי שטיל, אָבער אַזוי וווייטיקדיק שאַרף: „זע, מאָטל, ווי גרויס זי איז, סאַרא, ווי ערלעך זי איז! ווי זי קאָן גאָרנישט אויסבאַהאַלטן. ווי וואונדערלעך זי קאָן ליב האָבן, ליב האָבן אָן אויסרעכענונג, אָן יעדער פּניה, אָן שום פלעק! ווען זי האָט ליב יענעם קאָן זי אפילו נישט פאַרטראָגן דיין האַנט אַרום זיך. איז, וואָס איז זי שולדיק אַז זי קאָן דיך, מאָטל, נישט ליב האָבן? און וואָס איז יענער מענטש דאָ שולדיק אין דעם? אפשר האָט דער ביטערער גורל געוואָלט יענער זאָל זיין דער אויס־דערוויילטער?"

— ער וועט נאָך קומען צו דיר, דער פעליקס?

פאַר סאַראַן איז מאָטלס פראַגע געקומען פּלוצים און אומדער־וואַרט. זי האָט אַפּגעקערט אירע אויגן פון וויטן חלל איבער דעם נאַכטיקן ים און אַ קוק געטאָן צו מאָטלען. אין דער טונקל האָט זי געזען די ווייטיקדיקע גרימאַסע אויף זיין פּנים.

— ניין, ער וועט נישט קומען! ער איז אַוועק אָן אַ וואָרט. נאָר וואָר ווייסט? אפשר? ער האָט דיין אַדרעס. איך האָב אים געגעבן...

אַ לאַנגע ווייל זיינען זיי נאָך געלעגן אויף די אויסלייג־שטולן. עס איז געווען שטיל און אויך שוין שפּעט אין אָונט. פון וויטנס, הינטער זיי, האָבן זיך געהערט אָפּקלאַנגען פון אַ לעבן אין קאַפּייען, פון גאַס־שפּאַצירער, פון מאַשינען. אַ גרויסע שטאָט האָט דאָרטן אָפּגעאָטעמט נאָך אַ הייסן טאָג אַרבעט. דאָ אָבער, ביים „שפת הים", האָט זיך זעלטן געזען אַ מענטש און ווען יאָ, האָט ער זיך דורכגע־שלייכט ווי אַ שאָטן מיט ווייכע טריט און פאַרשוואונדן אין דער פינצטער.

„עס איז צייט צו גיין" האָט סאַרא געטראַכט. איצט, נאָכן אַראָפּ־וואַרפן פון זיך די שווערע, דריקנדע משא, האָט זי זיך דערפילט לייכט. זי האָט געוואָלט שוין עפּעס טאָן. די פּאַראַליזירטקייט איז געווען אָוועק. זי האָט איצט גאָר שאַרף געפילט די ליידן, וואָס זי פאַרשאַפט מאָטלען, דעם מאָטלען, וואָס איז אַלעמאָל אַזוי גוט צו איר. אפילו איצט, אנשטאט זידלען זי, זיצט ער לעבן איר מיט אַזוי פיל פאַרגעבונג אין זיינע אויגן.

זי איז אויפגעשטאַנען, סאַרא. פּאַוואָליע האָט זי זיך איבערגע־זעצט אויף מאָטלס שטול. ער האָט געציטערט. זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך זיין רעקל און אים דערמיט צוגעדעקט. זי האָט אויך געוואָלט אים אַרומנעמען, נאָר מאָטל האָט פּאַוואָליע און לייכט אַראָפּגענומען איר האַנט:

— ריר מיך נישט אָן, סאַרא, דו טאָרסט מיך נישט אָנרירן!

זי האָט זיך צוריק אָפּגערוקט. קוקנדיק אויף דעם צעקנאָדערטן מענטש אונטער דעם רעקל, האָט זי, ס'ערשטע מאָל זינט זי קען אים, געהאַט אַ געפיל זיך אַנצובייגן און געבן אים אַ קוש. איז עס געווען מיטלייד? ניין! אויס מיטלייד קושט נישט סאַרא גלאַט! עס איז גיכער געווען דערפאַר וואָס ער האָט אַזוי שטאָלץ אַראָפּגע־נומען איר האַנט פון זיך, אָט, פאַר דעם נישט לאָזן זיך אָנרירן...

אָט אַזוי באַדאַרף זיין אַ מאַן! אַזאַ האָט זי ליב! אַ מאַן מיט ווירדע. אַ מאַן מיט שטאָלץ!

## קאַפּיטל אַכצן

בלויז עטלעכע טעג זיינען אַוועק און דער אויפברויז אין מאָטלס האַרץ האָט זיך גענומען איינשטילן. די טיפע ליבע, די פון יאָרן געכאַוועטע ליבע צו סאַרא, האָט דאָך גובר געווען אַלע זיינע ווילדע,

אַלע אויפגעברויזטע אינסטינקטן. אַגב, וואָסער זין האָט דאָס האָבן טענות? צו וועמען? צו איר? זי האָט אים דען עפּעס צוגעזאָגט? זי האָט אים דען ליב געהאַט? וויזשע קאָן דאָ זיין אַ רייד וועגן פאַרראַט? דאָס האָט ער דאָך זי ליב, בלויז ער אַליין! איז וואָס פאַר אַ ליבע איז דאָס אַז ער איז גרייט די גאַנצע ליבע אַרויסצוואַרפן צוליב אַ בלויזן פגם, צוליב אַ קליינעם פלעק. און דערצו נאָך איצט, איצט, ווען זי איז ענדלעך יאָ צו אים געקומען? און עס קאָן דאָך זיין אַז עס איז אים באַשערט געווען סאַראַ זאָל צו אים קומען ערשט נאָך די אַלע קלעפּ, נאָך דעם טיפן ליידן. אַ פאַרשטומטע זאָל זי קומען, אַ דערשלאָגענע. און אפשר איז עס אויך באַשערט ער זאָל דאָס זיין דער, וואָס זאָל צוריק אויפוועקן אין סאַראַ איר זוניקייט, איר זינגעדיקייט, איר קלינגנדיק לאַכן, דאָס לאַכן וואָס קאָן מיטרייסן יעדן איינעם, ווי אַ צעשטורמטע כוואַליע רייסט מיט מיט זיך אַלץ, וואָס קומט איר אין וועג.

מאָטל האָט נאָך די עטלעכע טעג פון שטילן, צוריקגעצויגענעם טראַכטן זיך ווידער גענומען אין די הענט אַריין. ער האָט צוריקגעוואונען זיין וואונדערלעך געדולד, זיין אומבאַגרענעצטע אויפמערקזאַמקייט צו יעדן שאַרך, וואָס איז געקומען פון סאַראַ. ער איז געווען וואָך צו פאַרנעמען די אומזעבאַרע אויסלייטערונג, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין סאַראַס געמיט. ער האָט געזען ווי זי טשוכעט זיך אויס פון דעם קאָשמאַר, וואָס איז מיטגעקומען מיט איר, ווי זי זוניקט אויף ממש פאַר זיינע אויגן.

און באמת, סאַראַ האָט טאַקע געפילט ווי אַן אויסלייטערונג גייט אויף אין איר. איר האָט זיך געדאַכט אַז דו איז דאָך געקומען, די רו נאָך אַ גרויסן שטורעם. אַז יענע פלאַמען וואָס צוקן איר האַרץ זיינען אויסגעלאָשן, אויף שטענדיק אויסגעלאָשן! אויב זי האָט אפילו נישט ליב מאָטלען, איז אָבער צוליב זיין וואַרעמער צערטלעכקייט, צוליב דער איבערמענטשלעכער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער שענקט איר, אָוועק דער גאַנצער ווידערווילן, וואָס זי פלעגט צו אים האָבן. און נאָך מער איז זי אים דאַנקבאַר פאַר זיין נישט צורירן זיך צו איר... פאַר דעם געבן איר אַ מעגלעכקייט זיך אַליין צו עפענען פאַר אים, ווי עס עפנט זיך אַ רויז פאַר דער מאָרגן־זון.

מאָטל האָט צוריק אָנגעהויבן גיין צו דער אַרבעט אַ רואיקער. סאַראַ איז געבליבן אין שטיבל אויפן גאַנצן טאָג. אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין האָט זי דאָ אָנגעהויבן אַריינוואַקסן, זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים. זי האָט אָנגעהויבן זיך אומקוקן אויף זיין בחורישער

ווירטשאַפט. זי האָט אַרויסגענומען איר געשטרייפטע, קאָלירטע דעקע, וואָס גיטעלע גלאָס, די מאַמע, האָט איר מיטגעגעבן, אַן אָנדענק פון דער אַמאָליק־רייכער שניט־קראָם און דערמיט פאַרבעט מאָטלס בעטל. זי האָט אַוועקגערוימט דעם הוט זיינעם מיט די שניפּסן פון טישל אַראָפּ. די טעלער האָט זי אומגעקערט אין דער שכנהס קיכל אַריין, דאָרט וואו זיי געהערן. די פאַרהאַנגען פון פענצטער האָט זי אויסגעוואַשן. ווען מאָטל איז געקומען פאַרנאַכט פון דער אַרבעט האָט ער זיין שטיבל נישט דערקאַנט! אין יעדען ווינקל האָט זיך איצט געפילט די צאַרטע האַנט פון סאַראַ.

אָט די אויפגעגאַנגענע רו אין דעם שטיבל האָט אָנגעהאַלטן אַ קורצע ווײַלע, בלויז עטלעכע טעג ביז איינמאָל, אַ פאַרנאַכט!

מאָטל איז גראָד נאַרוואָס געווען געקומען פון דער אַרבעט. ווי זיין שטייגער האָט ער גיך געטאָן אַ וואָרף אַראָפּ פון זיך די פאַר־צעמענטעוועטע הויזקעס מיט דעם העמדל, געכאַפּט אויף זיך דעם כאַלאַט און אַרויס הינטער דער וואַנט, צום טוש, אַראָפּשווענקען פון זיך דעם ברוד פון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט. סאַראַ האָט פונקט אַזוי גיך צוגענומען די זאַכן פון אונטער די פיס און זיך געשטעלט זיי אויסשאָקלען אין דער אָפענער טיר, אין וועראַנדעלע, וואָס גייט אַרויס צום פוסטן, זאַמדיקן געסל. זי איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין אויסטרייס־לען מאָטלס הויזקעס, סאַראַ, און דערווייל גאָרנישט באַמערקט פון וואַנען פעליקס האָט זיך פלוצים דערנומען אויפן באַלקאָן אַרויף. זיין איצטיק באַווייזן זיך איז געווען פונקט אַזוי אומגעריכט, אַזוי פלוצים, ווי יענעם אינדערפרי, אין חיפה, הינטער דער שויב פון בית־עולים. פונקט ווי דאַן האָט זי אויך איצט אינסטינקטיוו געטאָן אַ שטעק אויס די אָרעמס צו אים און געטאָן אַ געשריי:

— פעליקס!

פעליקסעס בלויז באַווייזן זיך, זיין בלויז אָנגעזיכט איז גענוג געווען דאָס גאַנצע קאָרטן שטיבל, וואָס סאַרא האָט אויפגעשטעלט פאַר זיך און מאָטלען אין די לעצטע צוויי וואָכן, זאָל מיט איינמאָל טאָן אַ פאַל איין! מיט איינמאָל איז דער גאַנצער מאָטל פאַררוקט און פאַרשטעלט געוואָרן אַז זי האָט אים שוין נישט געזען! און אויך איז מיט איינמאָל אַראָפּ פון איר די גרויע, געצאַמטע רואיקייט. מיט איינמאָל האָט אין איר געטאָן אַ וואַך אויף יענער פלאַקער, דער פלאַקער, וואָס איז געלעגן אין איר פאַרדושעט ווי אַ גליאיקע קויל אונטער אַרויפ־געשאַרטן אַש. עס האָט ווידער אין איר אַ שפּרודל געטאָן די פרייד,

סאַראַ גלאָסעס פֿרײד, וואָס רײסט מיט, וואָס שטעקט אָן מיט הילכיק, זוניק לאַכן יעדן אײנעם, אַפֿילו אַזאַ קאַרעקטן, געצאַמטן פֿעליקס!

סאַראַס אױסגעשרײ „פֿעליקס" האָט מאָטל נישט געהערט. דער שטאַרקער שטראָם וואַסער פֿון טוש האָט פֿאַר אים פֿאַרטױבט דעם אױסרוף אירן. אָבער איר פֿלוצימדיק אױפֿלאַכן האָט זיך צו אים דורכגעריסן דורך דעם געקלאַפּ פֿון די שאַרפֿע וואַסער־שפּיזן. פֿון אונטערן טוש האָט ער אַוועקגעשטרעקט דעם נאַסן קאָפּ, אױפֿגעשטעלט בײדע אױערן כּדי בעסער צו הערן דאָס פֿלוצימדיק געלעכטער, סאַראַס.

אין ערשטן אױגנבליק האָט זיך דאָס פֿרײדיקע לאַכן אירס אים איבערגעגעבן װי אַ פֿלוצימדיקער צוויטשער פֿון אַ קראַנקן, לאַנג־פֿאַר־שטומטן פֿױגל. דאָס פֿרײדיקע קול אירס האָט אים אַ וואַרעם געטאָן דורכן קאַלטן שטראָם וואַסער אַדורך! ער האָט גיך צוגעדרײט דעם קראַן און זיך אײנגעהערט. איז אָבער דאָרטן אױך שטיל געוואָרן. דער־נאָך האָט ער עפּעס געהערט רעדן. סאַראַ רעדט עפּעס צו נאָך װעמען. אַ מאָן דאַכט זיך!

מאָטל האָט גיך געכאַפּט ס'האַנטוך. אַן אומרואיקער, מיט אָנגעשפּיצטע אױערן איז ער געשטאַנען און געריבן דאָס נאַסע לײב גיך, גיך. אינמיטן דערינען האָט ער שאַרף דערהערט סאַראַס זאָג: „פֿעליקס, וואו ביזטו געוועזן!" מאָטל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, דאָך האָט ער גיך געכאַפּט דעם כאַלאַט און שטיל זיך אַרײנגעשטעלט דורך דער הינטער טיר צוריק אין שטיבל אַרײן.

נישט סאַראַ, און אױך נישט פֿעליקס האָבן אים געזען. בײדע זײנען געװען צופֿיל פֿאַרנומען מיט זיך. סאַראַ האָט אַלע װײלע אױפֿסנײ געטאָן אַ װיקל אַרום אירע הענט אַרום פֿעליקסעס האַלדז:

— וואו ביזטו געוועזן, פֿעליקס?

אױך פֿעליקס איז גאַרנישט געװען דער זעלבער אײנגעהאַלטענער. ער האָט גערעדט גיך און דערצײלט אַפּגעריסן. נאָר סאַראַ, װי דאָס גאַנצע דערצײלן וואָלט איר נישט אָנגעגאַנגען, װי נישט דאָס וואָלט איר איצט געאַרט, האָט װידער װײטיקדיק געפֿרעגט:

— אָבער וואו ביזטו געוועזן?...

מאָטל איז דערווײל צוגעגאַנגען צו דער אָפֿענער טיר, צום באַלקאָנדל צו, וואו סאַראַ און פֿעליקס זײנען געשטאַנען אַזױ פֿאַרטאָן מיט זיך. סאַראַ האָט זיך אומגעדרײט, זי האָט געזען מאָטלען אין לאַנגן שלאָף־כאַלאַט מיט די שטעק שיכלעך אױף די באָרפֿיסע פֿיס. אױף זײן פּנים האָט זי אַפֿילו קײן קוק נישט געטאָן. זי האָט גאַרנישט געטראַכט אַז דאָ

איז עפּעס קרום. ווי אַ קליין מײדעלע, אַ נאַאיווס, אַ קינד נאָך, האָט זי געטאָן אַ שטרעק אויס איר האַנט צו מאָטלען, ווי זי וואָלט אים געוואָלט צושלעפּן צו זיך:

— מאָטל, אָט איז דאָך פעליקס!

אויך פעליקס האָט אויפן מאָמענט נישט געזען קיין קרומקייט. ער איז איצט געווען טאָפּלט אויפגעלייגט. ער איז בלויז געגאַנגען זיך דערוויסן אויב סאַרא איז דאָ דאָ, איז אָט האָט ער זי געטראָפן, ווייזט אויס אַ באַרואיקטע, אַן אויסגעהיילטע. אונטער אַ מענטשנס דאָך האָט ער זי געפונען, וואו זי וועט שוין נישט פאַרפאַלן גיין... און דער מענטש, דער מאָטל, ווייס דאָך זיכער נישט פון זיינע פאַר־העלטענישן מיט סאַרא, נישט אויפן דעק פון שיף, נישט אין האָטעל אין חיפה...

פעליקס האָט, ווייזט אויס, נאָך אַלץ נישט געקאָנט סאַרא גלאָס! ער האָט נישט געוואוסט אַז סאַרא גלאָס קאָן נישט אויסבאַהאַלטן אַזאַ געשעעניש פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט זי ליב און וויל זיך צו איר דערנענטערן. ער האָט נישט געוואוסט אַז סאַרא איז אַ פרוי, וואָס גלויבט אַז זי האָט רעכט אויף זיך און וועט נישט האָבן קיין באַריר מיט אַ מאַן וועמען זי זאָל דאַרפן נאַרן.

גאַנץ דרייסט איז פעליקס צוגעגאַנגען צו דער אָפענער טיר און געגעבן מאָטלען די האַנט. סאַרא האָט פריידיק, מיט אַ לויכטנדיק פנים זיי פאַרגעשטעלט:

— פעליקס.

— מאָטל.

ערשט איצט, נאָכן פאַרשטעלן די צוויי איינער פאַר דעם אַנדערן, האָט סאַרא דערזען ווי בלוי מאָטל איז, ווי די ליפּן ציטערן אים. סאַרא איז געווען זיכער אַז אים איז קאַלט:

— גיי, טו זיך אָן. זעסט אויס ווי אַ טויטער שלייען... און שוין האָט זי אַליין געכאַפּט זיין אָנטון און דערמיט אים צוריק אַרויסגע־שטופּט אין הויפל אַריין.

פעליקס האָט אויפגעאָטעמט. שוין אין מאָטלס בליק, ביים לאָזן אים אַליין מיט סאַרא, האָט פעליקס עפּעס געזאָגט, עפּעס האָט אויף אים אַ ווייע געטאָן. ער האָט זיך דערפילט ענג. שטילערהייט האָט ער אַ מורמל געטאָן צו סאַרא:

— איך האָב דאָ מורא אַ וואָרט אויסצורעדן. ער איז אַזוי בלוי, דיין מאָטל...

אויך פון סאַראַ איז געווען אַוועק די נאַאיווע אָפנקייט. זי האָט דערפילט דעם ביס פון מורא־ווערעמל. זי האָט פונקט אַזוי שטיל צוריקגעמורמלט:

— איך וועל זאָגן מאָטלען אַז מיר גייען אַביסל שפּאַצירן.

מאָטל איז צוריק אַריינגעקומען אַן אַנגעשטוענער אָבער זייער קאָרעקט און זייער שטייף. זיין גאַנצע פריערדיקע ווייכקייט איז עפּעס מיט איינמאָל איינגעדאַרט געוואָרן. ער האָט זיך געהאַלטן ווירדיק. זיין דאַר, ביינערדיק פּנים מיט די ווייסע שטיקעלעך שוים אין די בלויע מוילווינקלען, האָט זייער גאַלאַנט געשמייכלט אין פעליקסעס זייט אַריין ווען סאַראַ האָט אים געזאָגט אַז זי וויל אַביסל גיין שפּאַצירן מיט פעליקסן. מאָטל האָט איצט געמאַכט דעם אָנשטעל פון מאָדערנעם מאַן, וואָס, ווען אפילו ער קרעפּירט, פאָדערט דאָך די מאָדערנע עטיקעטע ער זאָל נישט אַרויפצווינגען זיין ווילן אויף דער פרוי. אדרבה, מען דאַרף קאָנען גיין מיטן קאָפּ אויף דער שטיינערנער וואַנט! ער האָט גאָרנישט געזאָגט, מאָטל. ער האָט בלויז זייער שטיל און זייער איינגעהאַלטן געפרעגט, פעליקסן, מער ווי סאַראַן:

— וואו וועט איר גיין?

סאַראַ, אין איר צעטראָגנקייט, האָט גאָרנישט באַמערקט די דעליקאַטע לאַגע. זי האָט אויף גיך אַ זאָג געטאָן:

— מיר וועלן באַלד צוריק קומען, בלויז אין האַלבע שעה וואָרט צו.

זאָגנדיק דאָס האָט זי שוין אַ צי געטאָן פעליקסן נאָך זיך פון ווערענדעלע אין ווייכן זאַמד אַריין.

גלייך ווי זי האָט זיך פאַרקערעוועט פון מאָטלס געסל אַרויס האָט זיך צוריק אַ ריס געטאָן אין איר דער שטראָם פרייד, וואָס איז פריער איבערגעריסן געוואָרן אַזוי פּלוצים דורך מאָטלס בלויקייט. זי האָט ווידער געוואָלט פעליקסן אַרומכאַפּן, אים האַלדזן, קושן, לויפן מיט אים, נאָר פעליקס איז שוין צוריק געווען געצאַמט:

— סאַראַ, ווילדע מויד, מענטשן קוקן דאָך אויף אונדז!

— טאָ לאָמיר אַרויספאָרן הינטער דער שטאָט, האָט סאַראַ מיט רוגזה אים אַ ריס געטאָן פאַר אַ האַנט.

— דיין פריינט וואַרט דאָך דאָרטן, סאַראַ!

— זאָל ער וואַרטן, איך בעט אים דען? סיי ווי האָב איך אים פיינט!

פונקט ווי אין חיפה אין אויטאָמאָביל אַריין, אַזוי האָט זי דאָ, גלייך ווי זי איז אַרויס מיט אים אויף דער אַלענבי גאַס, געטאָן אים אַ

שלעפּ נאָך זיך אין אַ דראָזשקע אַריין וואָס איז געשטאַנען מיט צוויי פערד אין מיטן גאַס. די דראָזשקע האָט זיך אַזש אַ וויג געטאָן פון איר ווילדן שפּרונג. דעם אַראָבער אויף דער קעלניע האָט זי אַ באַפעל געטאָן:

— פאָר!

דער גלאָק, אויפן שפּיץ דישל, האָט זיך צעקלונגען. די פערד האָבן זיך צעלאָזט אין געלויף. אין ביידע זייטן, פאַרביי דער דראָזשקע, אויף די טראָטוארן, האָט געשטראָמט מיט פאַרנאַכטיקע מענטשן. אַפּגעוואַשענע, רואיקע האָבן זיי שפּאַצירט אין קילן פאַרנאַכט. טייל האָבן זיך אומגעקוקט צו דער לויפנדער דראָזשקע, אין וועלכער עס זיצט אַ בחור לעבן אַ בלאָנד מיידל, אַ פלאַטערדיקע, וואָס האָט גאָר פאַרלוירן איר מיידלש־גלייכגעוויכט. פריי, פאַר אַלעם אין די אויגן, טוליעט זי זיך צום בחור, נעמט אים אַרום, קושט אים און ער, דער בחור, זוכט זי איינצונעמען, איינצוצאַמען איר אויפברויז.

פעליקס האָט אויף זיך געפילט די מענטשנס בליקן ווי אָנגעגליטע שפּיזלעך. ער האָט געוואָלט איינשרומפּן. נאָר סאראַן אַרט דאָס נישט!

— יינגל, וואָס גייען מיך אָן מענטשן? אָט באַלד וועסטו אוודאי מיר ווידער פאַרלוירנווערן!...

פעליקס איז געבליבן שטיל, פאַרשולדיקט. סאראַס אויפריכ־טיקער זאָג האָט אין אים אָנגערירט אַ צעוויטיקט אָרט. אין דער אמתן, ווייסט ער דאָך אַליין נישט צו וואָס ער האָט זי באַדאַרפט ווידער אויפזוכן. אָט וועט ער ווידער אויפראַיען עפּעס, וואָס ער האָט אַזוי געוואָלט איינשטילן. ער ווייסט אָבער אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן. ער איז זיכער אַז דאָס איז נישט חלילה ווייל ער קאָן זיך נישט באַגיין אָן סאראַ... ניין! ער האָט בלויז געוואָלט וויסן צי זי איז באַזאָרגט. ער האָט, הייסט עס, בלויז געוואָלט באַ־רואיקן ס׳געוויסן זיינס. דעריבער איז ער זי געקומען זען. בלויז ווי אַ פריינט איז ער געקומען זי זען! איז אָט, ראַיעט זי שוין ווידער אויף אַלץ פון דאָס ניי!

די פערד זיינען נאָך אַלץ געלאָפן. דער גלאָק האָט איצט גע־קלונגען שאַרפער. דער טומל פון שטאָט איז שוין געווען פון הינטן. אין ביידע זייטן זענען זיך שוין אַ סך בלויזן. שיטערער זיינען שוין דאָ די תל אביבער הייזער. עס ווייזן זיך לערע פּלעצער. אַ בית עולם קומט אַנטקעגן. אַלץ ווייניקער מענטשן שפּאַצירן דאָ. אויך דער אוונט שטייט נישט. די לופט ווערט בלויער, טונקעלער. סאראַ טוליעט זיך. זי קוקט ווידער פעליקסן אין די אויגן אַריין. איר איז

איצט פרעמד זיין טראַכטן. וואָס טראַכט ער? זי, סארא, טראַכט איצט נישט. זי וויל נישט וויסן פון שפּעטער. זי ווייס נאָר אַז איצט פאָרט זי מיט פעליקסן אַליין אין אַ גלעקלדיקער דראָזשקע, דורך פרייע, ליידיקע פלעצער פאָרט זי. דער אָוונט איז מילד און בלוי. זי פאָרט צום טייך ירקון, דאָרטן, איינגעהילט פון שטילן אָוונט, וועט זי ווידער, פאַר אַ וויל כאַטש, איבערלעבן אַ שטיק חלום אירן...

— איז אַט ביזטו אין תל אביב.

פעליקס האָט דאָס געזאָגט אַזוי זיך, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. ער האָט גאָרנישט דערוואַרט קיין ענטפער. נאָר סארא, אויך ווי פאַר זיך אַליין, האָט אַ זאָג געטאָן:

— יאָ.

אין אַ מינוט אַרום האָט זי צוגעגעבן:

— און ער ווייסט אַלץ, מאָטל. איך האָב אים אַלץ דערציילט...

פעליקס האָט אונטערגעהויבן איר חן־גריבלדיקע גאָמבע און געקוקט שאַרף אין אירע אויגן אַריין. עס איז געווען נישט נאָר איבערראַשונג, נאָר טיפע מורא, ממש טעראָר אין זיין בליק:

— סארא!

— יאָ, פעליקס, אַלץ ווייסט ער!

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן?

סארא האָט נישט געענטפערט. זי איז געזעסן שטיל, איר קאָפּ אָנגעלענט אָן פעליקסעס ברוסט. זי האָט געקוקט פאָראויס, אין דעם ווייטן אָוונט אַריין. עס האָט איר שוין איצט באַנג געטאָן אויף דעם אַלעם. צו וואָס האָט זי זיך דאָס אַרויסגעכאַפּט? אַליין זיך צעשטערט אַ פריידיקע מינוט.

די פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער גלאָק האָט איינגעשטילט. פון ווייטנס, אפשר אַ צוויי הונדערט טריט, האָט זיך געזען דער ירקון: אַ שמאָל טייכל, ווי אַ העלבלויע סטענגע האָט עס זיך דאָרטן געשלענגלט צווישן טונקלע, נאַקעטע פעלדער.

סארא איז אויפגעשטאַנען. מיט איין שפּרונג איז זי אַראָפּ און געבליבן שטיין לעבן דער דראָזשקע. פעליקס האָט גאָר קיין חשק נישט געהאַט אַראָפּצוגיין. דאָס וואָס מאָטל ווייס פון זיין פאַרהעלטניש מיט סאראן, האָט אים מיט איינמאָל אַריינגעוואָרפן אין אַ פיבער צושטאַנד. ווען ער וויס דאָס פריער וואָלט ער מיט סארא נישט געווען געגאַנגען. אפילו איין טריט אַוועק פון מאָטלען וואָלט ער נישט געשטעלט מיט איר.

— מיר מוזן צוריקפאָרן, סאַראַ! דיין פריינט וועט איבערקלערן גאָט ווייס וואָס...

— זאָל ער! וואָס גייט ער מיר אָן?

איר ענטפער האָט פעליקסן אַ ברי געטאָן. ווי ברוטאַל דאָס צאַרטע מיידל קאָן זיין, ווען זי האָט נישט ליב! און ער, פעליקס, וויל גראָד נישט ווי טאָן דעם מענטש. שוין צוליב דעם אַליין, וואָס יענער ווייס זיינע פאַרהעלטענישן מיט איר, איז זי אים איצט פרעמד געוואָרן. נישט נאָר קיין באַגער זי אָנצורירן, נאָר אפילו אַ געוויסן האָס פילט ער צו איר. עס קאָן געמאָלט זיין, ווען מאָטל וואָלט גאָר נישט געוואוסט און גאָרנישט פאַרדעכטיקט, וואָלט ער זיך יאָ געוואָלט זען מיט איר הינטער יענעמס פּלייצע. אַזוי אָבער?...

— סאַראַ, מיר מוזן שוין צוריקפאָרן! דער מענטש פיבערט דאָרט אָודאי!

מיט צוואַנג האָט ער זי אַריינגענומען אין דער דראָזשקע. דער גלאָק האָט זיך ווידער צעקלונגען. די פערד זיינען געלאָפן גיך. נאָר דער וועג צוריק איז פאַר פעליקסן איצט געווען לאַנג, אַזוי לאַנג! אָן אָן אויפהער האָט ער זיך געצויגן דער אַספאַלטענער וועג אונטער די פערדס פיס. דער אָוונט איז געהאַנגען איבער זייערע קעפּ אַ בלויער. סאַראַ איז ווידער געזעסן אַ שטילע, אַן איינגעטוליעטע אין אים. זי איז געווען בייז אויף זיך, אויף פעליקסן און נאָך מער האָט זי געטראָגן אַ האַס אויף מאָטלען, וואָס האָט מיט זיין בלויקייט צעשטערט איר פריידיקע מינוט. עפּעס האָט זי דאָרטן געמורמלט פעליקסן אין האַרץ אַריין. שטיל האָט זי געמורמלט:

— און איך וועל דאָך אָוועק ערגעץ אין אַ קאָלאָניע!

תל אביב איז זיי אַנטקעגן געקומען אַן אַנגעצונדענע, אַ צעליכ־טיקטע. אויף די באַלויכטענע טראָטואַרן האָט געשווינבלט מיט זאָרגלאָזע, פריידיקע יונגוואַרג. פאַר די בלענדנדע סאָדע קרעמלעך זיינען זיי געשטאַנען אין קורצע הייזקעס מיט נאַקעטע קני. אויך פרויען, אין לייכטע העלע קליידלעך, האָבן געגאָסן אין זיך דאָס קאַלירטע וואַסער, דעם קאַלטן „גזוז“.

אויף דעם זעלבן אָרט, אויף אלענבי־גאַס, האָבן זיך די פערד אָפּגעשטעלט. צום ערשט סאַראַ דערנאָך פעליקס זיינען אַרויס פון דער דראָזשקע. פעליקס האָט געהאַט אַ פּיינלעך געפיל. אים האָט זיך נאָך געדאַכט אַז צווישן די גרופּן יונגוואַרג שטייט מאָטל און זעט אים אויסשטייגן מיט סאַראַ, ביידע געקומענע פון ערגעץ אַ וויטן, אַ פאַרהוילענעם וועג...

אויף גיך האָט ער זיך פאַרקערעוועט מיט סאַרא אין אַ זייטיק געסל. דאָרטן בלענדן נישט אַזוי די גאַסלאָמפּן אויך נישט די פענצטער פון די קראָמען.

זיי זיינען געגאַנגען שטילע, שווייגנדיקע. פעליקס האָט איר גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן. אויך סאַרא האָט עפּעס ווי פאַרלוירן דעם פאָדעם, וואָס האָט זיך פריער געצויגן ווידער וועגן פון איר צו פעליקסן. זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט אין מאָטלס געסעלע. דאָס ליכטיקע זאַמד האָט דאָ געלויכטן אין דער טונקל. פון וויטנס נאָך, גלייך ווי זיי האָבן זיך אַריינגעדרייט אַהער, האָבן זיי דערזען מאָטלס כאַטקע מיט אַן אָנ־געצונדענעם לאָמפּ אין פענסטער. דאָס ווערענדעלע איז געווען טונקל. די טיר פון שטיבל איז געווען פאַרמאַכט. נאָר אין דער טונקלקייט פון באַלקאָן האָבן זיי געזען אַ לאַנגן שאָטן ווי ער גייט דאָרטן הין און צוריק. אויך דער שאָטן האָט זיי דערזען. ווייל גלייך ווי זיי האָבן זיך אַריינבאַוויזן האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס שפּאַנען און גע־בליבן שטיין אומבאַוועגלעך מיטן פּנים צו זייער אָנקומען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען איז מאָטל געשטאַנען אין אַריינגאַנג פון דער וועראַנדע. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז אין דער טונקל אַ שמייכל געטאָן צו פעליקסן. אין דער פינצטער האָט ער געזען, פעליקס, ווי מאָטלס ציין האָבן אַ בליאַסק געטאָן. צו סאַרא האָט מאָטל אפילו נישט געקוקט. ער האָט זיך גלייך אויסגעדרייט, געעפנט די טיר אין ליכטיקן שטיבל אַריין, פון דאָרט, דורך דער הינטער טיר, דורך די שכנימס צימער — אַרויס אין הויפל אַריין.

סאַרא, נאָך מאָטלס אַרויספאַרלוירנווערן, האָט אַ דערשראָקענעם קוק געטאָן צו פעליקסן, ווי זי וואָלט מיטן בליק געזאָגט: „עפּעס וועט דאָ זיין" . . .

פעליקס האָט זיך גראָד נישט געשראָקן אָבער עס איז אים געווען ענג. ער האָט נישט געוואוסט וואָס ער זאָל דאָ טאָן. נישט בלויז שולדיק האָט ער זיך געפילט, ער האָט געפילט ווי זיך אַליין אויסצו־פּאַטשן! נישט גענוג געווען פאַר אים יענע נאַכט אויף דער שיף־דעק, די נאַכט אין חיפהער האָטעל, איז ער נאָך געקומען אַהער! צו וואָס? וואָס אייגנטלעך וויל ער מיט זיין פאַרדאַמטן געוויסן! רק ער וויל בעסער מאַכן! נאָר ער וויל זי פאַרזאָרגן! ער וואָלט שוין איצט באַדאַרפט זיך אויפהייבן און אַוועק פון דאַנען, אפילו אַן אַ גוטע נאַכט וואָלט ער באַדאַרפט אַוועק! אָבער ווי קאָן מען דאָס? וואָס וועט דער מאָטל טראַכטן?

אין מיטן פעליקסעס צוטומלטן טראַכטן און צעגערן, „יאָ אַוועק־גיין, צי נישט אַוועקגיין?״ — בעת סאַרא איז געשטאַנען אַ פּאַר־לוירענע אַנגעשפּאַרט אָן די געשניצטע, האַלצערנע שטאַכעטן פון דעם באַלקאָנדל מיט די אויגן צו דער הינטער טיר, דורך וועלכער מאַטל איז נאָר וואָס אַרויס, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ דומפּער קלאַפּ אָן דער וואַנט, ווי עפּעס וואָלט דאָרטן געפאַלן...

דאָס פּאָר פאַלק, די שכנים פון הינטער צימערל, האָבן גענומען לויפן. אין מיטן עסן, מיט די ביסנס אין מויל זיינען זיי געלאָפן. אויך סאַרא האָט נאָך אַ קורצע ווײַלע גענומען לויפן. מיט צענומענע הענט ווי צום פליען האָט זי זיך געטאָן אַ ריס. נאָר איידער זי האָט געגרייכט יענע טיר, האָבן שוין די שכנים, דער יונגערמאַן מיטן ווײַבל, אַרײַנ־געבראַכט מאַטלען אונטער די הענט, האַלב שלעפּנדיק אים, האַלב טראַגנדיק אונטער די אָרעמס.

סאַרא האָט אָנגעכאַפּט מאַטלען ביי אַ האַנט. די שכנה, דאָס יונגע ווײַבל, וואָס האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף סאַרא פון דער ערשטער מינוט וואָס זי האָט זי דערזען, האָט אויף איר אַ בייזן בליק געטאָן און געלאָפן נאָך וואַסער.

מאַטלס פּנים איז געווען בלוי. די אויגן פאַרמאַכט. די שטיקע־לעך שוים האָבן זיך געבלעזלט פון מויל אַרויס. אַלע האָבן אים געמינטערט. סאַרא איז געווען היסטעריש. זי האָט אים געשאָקלט דעם קאָפּ.

— מאַטל, מאַטל!

פעליקס, אויפן פינצטערן באַלקאָנדל, מיט די אויגן אין דער געעפנטער, ליכטיקער שטוב אַריין, האָט זיך פון דער סצענע דער־פילט ווי מ׳וואָלט אים אַרויפגעטריבן אויף אַן אַנגעגליטער פּליטע. איינשטיין אויף אַן אָרט, קאָן ער נישט! אַוועקגיין קאָן ער איצט אויך נישט. צוגיין העלפן מינטערן — אַוודאי נישט! ווי אַזוי קאָן ער זיך נאָך דערנענטערן צו דעם מענטשן, אַז פאַקטיש איז ער דאָך דער שולדיקער! אַז בלויז מיט זיין זיין דאָ איז ער שוין גורם יענעמס פּיין...

פעליקס איז ווייטער ווי אויף דער שוועל פון דעם באַלויכטענעם שטיבל נישט געגאַנגען. די יונגע פרוי, די שכנה, איז אים אַנטקעגן געקומען. אַז סאַרא האָט ביי איר איבערגענומען דאָס מינטערן מאַטלען האָט זי שוין נישט געהאַט וואָס צו טאָן. חוץ דעם, זי ווייס דאָך נעבעך נישט, דאָס יונגע ווײַבל, אַז דער צעשראָקענער יונגערמאַן, פעליקס, האָט עפּעס אַ שייכות מיט מאַטלס חלשן. זי ווייס נאָר אַז

זינט דאָס בלאָנדע מײדל, די סאַרא, איז דאָ געקומען איז פֿון דעם בחור אַ תּל! איז ער אױס מענטש! שטילערהײט האָט זי פֿעליקסן מיט גיפֿט אײנגערוימט:

— זי איז דאָך אַ שד, אָט די בלאָנדע!...

מאָטל האָט ענדלעך געעפֿנט די אױגן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט וואו ער איז דאָ אין דער וועלט. עס איז פֿאַר אים געװען אַ דער־שטוינונג דאָס געפֿינען זיך אויף אַ שטול אין מיטן באַלויכטענעם שטיבל מיט אַלע אַרום אים. אויף וויפֿל ער געדענקט איז ער בכיון אַרויס אין הויף, גלײך ווי ער האָט דערפֿילט אַז ער וועט נישט איבערהאַלטן דעם פּײן און וועט געוויס פֿאַלן אין זײַן חלשות. מיט אַלע כּוחות האָט ער געוואָלט אויסמײַדן די בושה, פֿרעמדע מענטשן זאָלן אים זען אין אַזאַ צושטאַנד... דער עיקר דער מענטש דאָרטן, בײַ דער טיר, וואָס...

ער האָט אַ קוק געטאָן צו פֿעליקסן, מאָטל. פֿעליקס האָט אין דעם בליק דערפֿילט אַזאַ שטאָך, אַז ווען ער זאָל אויף אים האַלטן אָט דעם בליק אַ לענגערע ווײַלע לעבערט ער אים ס׳האַרץ. דערנאָך האָט ער אַ בליק געטאָן, מאָטל, לעבן זיך, צו סאַראַ. ערשט איצט ווײַזט אויס האָט ער זי דערזען! מיט אײמפּעט האָט ער אַ ריס געטאָן זײַנע הענט, אײנע פֿון איר און די צווייטע פֿון דעם שכן, גלײַך ער וואָלט זיך מיט די באַפֿרײטע הענט געוואָלט וואַרפֿן אויף איר, סאַראַן. נאָר כּדי די ווילדע הענט צו האַלטן אין צאַם האָט ער זיך גענומען רײַסן די האַרטע, אָפּגעבליאַקירטע קרײַזעלעך פֿון זײַן קאָפּ. פֿון די בלויע ליפּן האָט אַ פֿרישע שוים גענומען זעצן. ער האָט גערעוועט אין זיך אַרײַן, דערנאָך צו סאַראַ:

— לכי! לכי! בינינו הכול נגמר!...

ער האָט גערעוועט מיט אַזויפֿיל כּח אַז עס האָט אים אַזש פֿאַרפֿעלט אָטעם און ער איז ווידער געפֿאַלן אין חלשות.

די שכנה איז ווידער צוגעלאָפֿן. אַלע האָבן זיך ווידער געפּאָרעט אַרום אים. דער אײנציקער, וואָס האָט נישט געוואַגט אַ טריט שטעלן, איז געווען פֿעליקס. עס האָט אים געהויבן, געטריבן ער זאָל צוגײן, העלפֿן ראַטעווען, נאָר כּדי נישט ערגער צו מאַכן, טאָמער עפֿנט מאָטל די אויגן און דערזעט אים לעבן זיך, קאָן ער זיך נאָך וואַרפֿן שלאָגן און ער וועט געצוואונגען זײַן צוריק צו שלאָגן דעם מענטש, וואָס לײַדט אַזויפֿיל צוליב אים, איז ער בעסער, שטילערהייט, אָן אַ וואָרט, אָן אַפֿילו פֿון עמיצן באַמערקט צו ווערן, אַראָפּפֿאַרלוירנגעוואָרן

פון באַלקאָן און גענומען זיך שלייכן אין געל־לויכטנדיקן זאַמד ווי אַ שאָטן, מיט ווייכע טריט, אַוועק, אַוועק אַזוי אומבאַמערקט ווי ער איז דאָ געקומען.

פונוויטנס, טרעטנדיק אין ווייכן זאַמד, אונטער אַ בלויען, אויס־געשטערנטן הימל, האָט ער נאָך געהערט ווי דער מאָטל האָט זיך ווידער צערעוועט, ווי ער האָט ווידער געשריגן צו סאַראַ:

— לכי, לכי!

ער האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט, פעליקס. קיינעם איז נישט געווען צו זען אין גאַנצן זאַמדיקן אַרום. דאָס הייזעלע איז דאָרטן געשטאַנען אין זאַמד אַליין, עלנד. אַן עלנדער, רויטלעך באַלויכטענער פיר־עק איז געפאַלן פון דער אָפענער טיר אין טונקלען באַלקאָן אַריין. אויך פון פענצטער איז דאָרטן געפאַלן אַן אָרעם ביסל ליכט אויפן זאַמד אַרויף. עפּעס האָט ער דאַכט זיך געהערט נאָך אַ קול שרייען. דאָס איז געווען אַוודאי סאַראַס קול. זי האָט געשריגן:

— באַרואיק זיך מאָטל, איך וועל גיין. איך גיי שוין!

שפּאַנענדיק אין זאַמד האָט ער געהאַט אַ פּאַסקודנע געפיל, פעליקס, אַ געפיל פון חרפה, פון געפאַלנקייט, געפאַלן ביי זיך אַליין, און אַ ביטערער פאַרוואורף האָט אים גענאָגט: „אפילו נישט געהאַט קיין מוט צו שטיין ביי סאַראַס זייט אין אַזאַ געפערלעכער מינוט! זיך אַוועקגעגנבעט! ווי אַ געמיינער טרוס, האָט ער זיך אַוועקגע־גנבעט"...

## קאַפּיטל ניינצן

דאָס פּאַרפאַלק, מאָטלס שכנים, זיינען צוריק אַריין אין זייער חדרל ענדיקן די געשטערטע וועטשערע. זיי האָבן שוין איצט גע־מעגט לאָזן מאָטלען מיט סאַראַ אַליין. מאָטל האָט איצט אויסגעזען צו זיין רואיק. ער איז געזעסן אויפן ברעג בעטל, דעם קאָפּ אין די הענט, די עלנבויגנס — אויף די האַרטע, שפּיציקע קני. סאַראַ איז געזעסן אַנטקעגן, אויף דער שטול. איר פּנים איז געווען פאַרגראָבן אין אירע ווייכע, ווייסע אָרעמס, וואָס זי האָט געהאַלטן אָנגעשפּאַרט אַן טישל.

דער לאָמפּ, אויפן פענצטער, האָט געברענט פאַר זיך אַליין. זיין שוואַך ביסל ליכט איז איצט קיינעם נישט בויטיק געווען. ווען עמעץ לעשט אים אפילו אויס, וואָלטן זיי אויך נישט געווען באַמערקט.

אַט די שטילע צוריקגעפאַלנקייט, נאָך מאָטלס שטורמישן אויפ־ברויז, האָט אָנגעהאַלטן אַ היבשע ווײַלע. שפּעטער האָט זיך סאַרא אויפגעשטעלט אַ פאַרשטייפטע, אַ מידע. זי האָט פאַרשאַרט די צעפאַלענע האָר אַהינטער. איין באַק, אַ רויטע, אַן אָפּגעלעגענע, האָט אַ בליאַסק געטאָן צום לאָמפּ, דערנאָך צו מאָטלען, וועמענס פּנים איז געווען איינגעגראָבן אין זיינע הענט פלאַכן אַזוי, אַז בלויז די צען פינגער האָבן זיך געזען ווי זיי קראַמפּפּן זיך און רייסן דעם בינט קרייזעלעך פון אייגענעם קאָפּ. דערנאָך האָט סאַרא אַן איבער־ראַשטן קוק געטאָן אַרויס, אין דער טונקלער, אָפענער וועראַנדע אַריין:

— וואו איז פעליקס?

איר איבערגעשראָקענער פרעג האָט געמאַכט מאָטל זאָל אונטער־הייבן זיין קאָפּ און עטלעכע בלינצל טאָן מיט די אויגן צו איר, סאַרא, דערנאָך צו דעם אומהיימלעכן אַרום, וואָס האָט געווייעט פון אַלע ווינקעלעך. באַלד האָט ער זיך געטאָן אַ הייב פון אָרט און אַרויס נאָך סאַרא אויפן באַלקאָן.

דער באַלקאָן איז געווען טונקל. בלויז דער פיר־עקיקער ליכט־פלעק פון דער אָפענער טיר איז געלעגן אויפן דיל, אַביסל אַ צעקרומ־טער. אַרום און אַרום איבער דעם גאַנצן דרויסן, איז קיינער נישט געווען צו זען. דאָס געלע זאַמד האָט געבלאַנקט אין דער טונקל. קיין שאָטן האָט זיך נישט געזען. אַ שטילער אָוונט האָט געאָטעמט איבער אַט די זייטיקע, תל אביבער זאַמדגעסלעך.

סאַרא איז אַראָפּ דאָס ווערענדע טרעפּל. זי איז געלאָפן אַהינטער, צום הויפל צו. באַלד איז זי צוריקגעקומען. אירע האָר זיינען געווען צעפּלאָשעט. זי האָט געקוקט אויף מאָטלען אָן לשון. בלויז דער גיפט, וואָס האָט אויפגעפלאַמט אין אירע אויגן, האָט גערעדט דורך דער נאַכטיקער טונקלקייט:

— צוליב זיינע סצענעס! נאָר וואָס איז ער דאָ געווען, פעליקס!

סאַרא איז אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק. זי האָט איצט פאַרלוירן איבער זיך יעדן קאָנטראָל! פריער האָט זי געדולדיק פאַרנומען פון מאָטלען זיין טרייבן זי. ער איז געווען גערעכט! איצט אָבער איז ער איר שולדיק וואָס פעליקס איז פאַרשוואונדן, אַוועק. דעריבער האָט זי איצט געוואָרפן מאָטלען אין פּנים אַריין רייד, וואָס זי וואָלט אים געוועגלעך, קיינמאָל נישט געוואָגט צו זאָגן!

מאָטל האָט אויף דעם אַלעם נישט רעאַגירט. ער איז איצט געווען אַן אויסגעשעפּטער! דער פריערדיקער אויסברוך האָט פאַרצערט זיין יעדן טראָפּן ענערגיע. נישט נאָר האָט ער נישט געוואָלט, ער וואָלט

אויך נישט געקאָנט איר אָפּענטפערן מיט כעס. דער כעס איז ביי אים איצט געווען אויסגעלאָשן, אַוועק, פּונקט ווי דער פעליקס איז אַוועק. אַ מאַטער האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעלע, זיך צוגעהערט צו סאראס ספּאַזם־אויסברוכן, וואָס זיינען געקומען איינער נאָך דעם אַנדערן. זי האָט אים איצט אויסגעוויזן, סארא, ווי אַ גרויס קינד ביי וועמען מען האָט צוגענומען עפּעס אַ טייערע זאַך און זי קאָן זיך דעריבער נישט בארואיקן.

ער האָט זיך דערפילט שולדיק, מאָטל, נישט נאָר קעגן סארא, נאָר אויך אַנטקעגן דעם פעליקסן. פאַרוואָס איז יענעם מענטשן געקומען אַזאַ ברוך־הבא? וואָס איז ער דען דאָ שולדיק? אלאַ אויף דער שיף און אין חיפה?... איז דאָך דאָס אַלץ געווען איידער זי איז געקומען אַהער! אַגב האָט זי דאָך גאָרנישט געזאָלט קומען צו אים, מאָטלען!

מאָטל האָט זיך אויפגעשטעלט. אַ נישט דרייסטער איז ער צוגעגאַנגען צום בעטל, וואו סארא איז געלעגן אַן איינגעקנוילטע, מיטן פּנים צו דער וואַנט. ער האָט לייכט באַרירט איר אַקסל:

— סארא, איך וועל אים דיר אויפזוכן, איך וועל אים דיר ברענגען, דיין פעליקסן!

סארא האָט גאָרנישט געענטפערט. ס'קאָן זיין אַז זי האָט אפילו נישט געהערט וואָס ער זאָגט איר. זי איז געלעגן אַ פאַרשטומטע, אַ צוריקאויסגעלאָשענע, ווי דאַן, די ערשטע טעג פון איר קומען.

מאָטל איז געבליבן זיצן לעבן איר. דער שווערער קאָפּ איז אים צוריק אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט אַריין. ער האָט איצט קלאָר באַנומען דעם קלעם אין וועלכן ער געפינט זיך. ער ווייסט: ס'בעסטע וואָלט געווען ווען ער קאָן זיך אויפהייבן און אַוועק! אָדער כאָטש זען זי זאָל אַוועק! קאָן ער אָבער דאָס נישט! נאָך דעם גאַנצן שרייען: „לכי!" נאָך דעם גאַנצן רעווען: „ביניכו הכול נגמר!" זעט ער דאָך איין אַז אַן סארא האָט דאָס לעבן פאַר אים קיין זין נישט. נאָך דערצו איצט, נאָך דעם ווי זי איז שוין דאָ מיט אים אַ שטיקל צייט! וואָס קומט אָבער דערויס, אַז אַן יענעם איז זי געבליבן ווי אַן אויס־געלאָשענער לאָמפּ, אַ טויטע לאַמטערן! עס איז, דאַכט זיך, דאָ אַלץ אין דער לאַמטערן. די שויבן זיינען דאָ, די רער און די שטאַנג אויך, אפילו דאָס לעמפּל איז דאָ, עס פעלט בלויז דער פונק, אָט דער קליינער באַריר, וואָס זאָל זי אָנצינדן! פון זיין, מאָטלס, באַריר צינדט זיך דער לאָמפּ נישט אָן! ווי זי, האָט דאָס אויפגעלויכטן ווען דער פעליקס האָט זיך דאָ באַוויזן! אָן אַנדער סארא איז זי

געווען. איצט? אַט ליגט זי לעבן אים אַ פּאַרלאַשענע, אַן אויס־געגאַנגענע. און עס קאָן דאָך זיין, ווען נישט די סצענע פריער, ווען נישט ער, וואָס האָט פעליקסן פאַרטריבן, וואָלט זי זיך געווען אויסגעלעבט ריין, אומשולדיק זיך געווען אויסגעפּלאַטערט און דער־נאָך? דערנאָך וואָלט זי אפשר שוין אויך מיט אים געווען פאַרבליבן אַ לויכטנדיקע. וואָרעם ווען עס וואָלט נישט געווען סאַרא, די ריינע, די ערלעך־גלויבנדע, וואָלט זי דאָך אים גאַרנישט געווען דער־ציילט. און ער וואָלט דאָך גאַרנישט געווען געוואוסט אפילו ווען דער פעליקס וואָלט געווען געקומען. זי וואָלט דאָך געקאָנט געפינען טויזנט וועגן אים צו גענאַרן. וואָלט עס געווען בעסער? ריינער? אַט אַזוי ווי עס איז איצט, טויג עס דאָך געוויס נישט! וואָס טויג צו האַלטן אַ פויגל אין אַ שטייג ווען ער זינגט נישט, דער פויגל, ווען ער איז פאַרשטומט?...

לאַנג איז מאָטל אַזוי געזעסן לעבן דער איינגעקנוילטער סאַרא אַ פאַרטראַכטער. די שכנים פון צווייטן שטיבל האָבן עטלעכע מאָל אַריינגעשניפּט מיט זייערע נעז. צום ערשט האָבן זיי דאָס געטאָן צוליב מאָטלס צוויי מאָל פאַרחלשן, אַ זאַך, וואָס זיי האָבן נאָך פון אים נישט געהאַט פריער געזען. דערנאָך האָבן זיי אַריינגעשניפּט מיט די נעז צוליב סימפּאַטיע. דער עיקר איז דעם ווייבל געגאַנגען אין לעבן מאָטל זאָל וויסן אַז זי פילט מיט אים מיט, אַז זי איז אויף זיין זייט! דעריבער האָט זי ביי יעדן מאָל אַריינשניפּן געטאָן אַזאַ הויכן זיפץ אַז מאָטל האָט געמוזט אויפהייבן דעם קאָפּ צו איר. דאַן האָט זי מיט די אויגן געטאָן אַ שפּיז אַהין צו סאַראס שטומער, איינגעקנוילטער פּלייצע, ווי איינער רעדט: „די מויד איז דיין שוחט!"

מאָטל האָט דאָס זיפצן אירס מער נישט געקאָנט איבערטראָגן. ער איז אויפגעשטאַנען און אַריין צו די שכנים אין צימער. שטילער־הייט האָט ער עפּעס דאָרטן אַריינגעסיקעט אין דעם ווייבל. דערנאָך, אין אַ היבשער ווײַלע אַרום, איז ער צוריק אַריינגעקומען. סאַרא איז שוין געלעגן אין בעטל אַן אויסגעטועטע פאַר דער נאַכט. ער האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ. אין דער פינצטער האָט ער זיך נאָך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה: „זיך יאָ לייגן מיט איר, זיך נישט לייגן?" דערנאָך, ווען ער האָט זיך דאָך יאָ געלייגט לעבן איר האָט זי גאַרנישט געהאַט פאַר אים, אפילו נישט דאָס קאַרגע ביסל צערטלעכקייט, וואָס האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן אויפטויכן אין

איר, די לעצטע טעג. אַלץ איז איצט געווען אויסגערונען, אויסגע־וועפּט!

אין דער פרי איז מאָטל ווידער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. ווען ער וואָלט אפילו געוואָלט, וואָלט זי אים אויך נישט געוואָלט געלאָזט. נעכטן, ווען ער האָט איר געזאָגט: „איך וועל אים דיר ברענגען, איך וועל אים דיר אויפזוכן" האָט ער געמיינט דאָס אויף איר אַרויפצו־צווינגען, אפילו זי זאָל עס נישט וועלן. דורך דער נאַכט אָבער, נאָכדעם ווי דער שטורעם איז אַריבער, האָט ער אָנגעהויבן צו האָפן אַז זי וועט שוין אַזוי אויפשטיין, אויב נישט באַרואיקט, איז וויניקסטנס צופרידן, וואָס ער איז אַוועק, פעליקס. צום סוף איז זי גאָר אויפגעשטאַנען פונקט ווי אַ קינד מיט דעם זעלבן באַגער, מיט וועלכן זי איז געגאַנגען שלאָפן:

— פעליקס! ער מוז איר העלפן געפינען פעליקסן!

אַ מין שיכרות, אַ מין וואַנזיניקייט איז געווען אין אירע אויגן און אין איר שטאַמלען: פעליקס, איך מוז אים געפינען...

אַ גאַנצן טאָג האָט מאָטל געמוזט מיט איר זיך שלעפּן איבער די תל אביבער גאַסן און געסלעך, איבער דעם זאַמדיקן ים־ברעג, אַריינקוקן אין די קאַפייען, טאָמער וועט זי דאָך אָנגעגנען פעליקסן! עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. פעליקס איז געווען ווי אין ים אַריין!

שטיל און געדולדיק האָט זיך מאָטל געבעטן ביי איר:

— סאַרא קום אַהיים. תל אביב איז אַ קליינע שטאָט, מ'וועט אים טרעפן. ארץ ישראל איז אַ קליין לאַנד, אויב נישט דאָ איז אין חיפה, איז אין ירושלים, מ'וועט אים טרעפן.

סאַרא האָט נישט נאָכגעגעבן. דאָס אַרומזוכעניש האָט אָנגע־האַלטן עטלעכע טעג, אָבער אומזיסט. מאָטל האָט סוף כל סוף געמוזט אָנהויבן גיין צו דער אַרבעט. ער האָט געלאָזט סאַראן אַליין, אַ שטילע, אַן איינגעשלאָסענע אין זיך ווען ער איז אַוועק און אַזאַ איז זי געווען ווען ער איז פאַרנאַכט געקומען. מאָטל האָט געמיינט אַזוי וועט עס שוין זיין. ביסלעכווייז וועט זי זיך באַרואיקן, פאַרגעסן.

פעליקס אָבער האָט פון דעם אַלעם נישט געוואוסט. אַוועק־גייענדיק יענעם אָוונט, בעת מ'האָט אין שטיבל געמינטערט מאָטלען, האָט ער טאַקע געהאַט באַשלאָסן מער זיך נישט צו ווייזן. צוליב דעם טאַקע האָט ער אויסגעמידן די עטלעכע טעג זיך צו ווייזן אין גאַס. ער איז געזעסן אין זיין האָטעל־צימערל ווי אַן אַרעסטאַנט. ער האָט געוואַרט עס זאָלן אַריבער אַ פּאָר טעג וועט ער אַוועק פון תל

אביב, אויף גוט שוין, מער זיך דאָ נישט אומצוקערן. אָבער זיצנדיק אַליין מיט זיך, האָט ער יענע לעצטע סצענע און די גאַנצע געשעעניש מיט סאַראַן איבערגעלעבט אָבער און ווידער אויף אַ שאַרפן, פּיינלעכן אופן. ער האָט זיך ממש קיין אָרט נישט געפונען. „ווער ווייסט וואָס דאָרטן איז געשען! מיט איר, מיט אים! וואָרעם ער האָט דאָך געהאַנדלט נישט נאָר ווי אַ טרוס נאָר טאַקע ווי אַ געמיינער מענטש! אין אַזאַ מאָמענט האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַוועק אָן אַ וואָרט. נאָכאַלעמען, ווער איז ער? עפּעס אַ הפקר־יונג, וואָס טוט אָפּ מיאוסע מעשים און קאָן אפילו נישט ביישטיין די אייגענע טואונגען? ניין! אַזוי טאָר מען נישט! אפילו ער זאָל דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון, אפילו ער זאָל דאַרפן ליידן פאַר זיינע מעשים, דאַרף ער אויך זיין גרייט, דאַרף ער אויך גיין אַהין! עס איז מיאוס און אומווירדיק זיך אַזוי אַרויסצושלייכן און פאַרשווינדן"...

דעם זעלבן פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי ער איז געווען זיכער אַז מאָטל איז שוין צוריק פון דער אַרבעט, איז פעליקס אַוועק אַהין. פונקט ווי ער איז דאָן פלוצים פאַרשוואונדן פון וועראַנדעלע אַראָפּ, אַזוי האָט ער זיך איצט אומגעריכט אַהין צוריק אַריינגעשטעלט.

ווען סאַראַ האָט אים דערזען איז זי געבליבן שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן, פאַרשעמטן קאָפּ. זי האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— פעליקס.

מאָטל, פון שטיבל אַרויס, האָט ראַפּטום געטאָן אַ לויף. עס איז געווען אין זיין לויף ביידע, אי אַן אומזעבאַרער, אַן אינסטינקטי־ווער באַגער פעליקסן צו באַפאַלן, אים צו דורסן, אי אים אַרומצו־כאַפּן, אים צוהאַלטן, טאָמער וויל ער ווידער פאַרלוירנווערן און איבער־לאָזן דאָ סאַראַן אויפסניי אַ דערשלאָגענע, אַזאַ אויסגעלאָשענע.

— וואו זענט איר געווען? מיר זוכן דאָך אייך אין יעדן ווינקל. ווי נעמט מען און מען ווערט אַזוי פאַרלוירן? אין אַזאַ צייט!

עפּעס איז געווען אין מאָטלס קול אַזויפיל! עס איז אין דעם געווען אי געבעט, אי פאַרוואורף, אויך חרטה, חרטה אויף די אַלע ליידן, וואָס ער, מאָטל, האָט אַלעמען פאַרשאַפט. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָבער אויך אין זיין קול געפילט קנאה, קנאה צו דעם פעליקסן, וואָס האָט די זכיה סאַראַ זאָל אים אַזוי ליב האָבן...

מאָטלס געפאַלנקייט, דאָס געבעט אין זיין קול, האָט פעליקסן טיף גערירט. ער איז דאָך אַהער געקומען דער שולדיקער, גרייט אויף אַלץ, אפילו באַשפּיגן און אַרויסגעוואָרפן צו ווערן! צום סוף פילט זיך גאָר מאָטל אַזוי געפאַלן און ער האָט גאָר חרטה! עס

וואָלט פעליקסן זיכער לייכטער געווען ווען יענער באַגעגנט אים מיט צוויי פּעטש איידער מיט דער אַ געפּאַלנקייט! צוויי פּעטש — אָדער ער וואָלט זיי צוגענומען און אַוועק, ס'הייסט: דערמיט איז דער גאַנצער אינצידענט דערליידיקט, אָדער ער וואָלט צוריקגעשלאָגן! ווי אַ מאַן מיט אַ מאַן וואָלט ער זיך געשלאָגן און דערנאָך וואָלט ער אַוועק אַ באַרואיקטער. איצטער אָבער? איצטער פילט ער ווי ער שרומפּפּט איין, ווי ער ווערט אַזוי נישטיק קליין אין פאַרגלייך מיט מאָטלען, דעם מאָטלען, וואָס קאָן אַזוי טיף ליידן, וואָס קאָן אַזויפיל פאַרגעבן, נישט נאָר סאַראַן, ווּעמען ער האָט אַזוי אומבאַ־גרעניצט ליב, נאָר אפילו אים, וואָס האָנדלט די גאַנצע צייט אַזוי געמיין!

אָבער מאָטל האָט נישט געלאָזט פעליקסן לאַנג אין דער דאָזיקער פאַרלעגנהייט. אים אַליין איז אויך געגנוג ענג געווען אין האַלדז. ער פילט ווי עפּעס ווערגט אים. ניין, נישט קיין טרערן! עס דריקט אים עפּעס אַ שטראָם פון ווערטער, פון רייד, פון טענות. ער וואָלט באַדאַרפט אַליין זיך דורכרעדן מיט פעליקסן: אַליין, אויף פיר אויגן. נאָך אַלעמען זיינען דאָ גענוג פעדים וואָס בינדן מאַן מיט מאַן, וואָס מאַכן איינער זאָל דעם אַנדערן פילן און פאַרשטיין. זיכער דאַרף צווישן אים און פעליקסן די פויסט נישט דעצידירן!

פון מאָטלס בלויזן בליק האָט פעליקס פאַרשטאַנען וואָס ער וויל. ער האָט אַ וואַרעמען קוק געטאָן צו סאַראַן, וואָס איז געבליבן אויפן ווערענדעלע מיט אַ גרויסן פראַגע־צייכן אין אירע דערשראָקענע אויגן און גענומען נאָכגיין מאָטלען אין ווייכן, געלן זאַמד.

דער פאַרנאַכט איז דערווייל גיך צוגעפאַלן. די זון איז שוין געווען אַריבער פון יענער זייט תל אביב. אַ פולע, אַ פייערדיקע האָט זי דאָרטן געהאָנגען איבער דעם מיטלענדישן ים. דאָ, אין די זאַמדיקע געסלעך איז שוין געווען גוט שאָטנדיק. פונקט אַזוי שאָטנדיק איז איצט געווען פעליקסעס האַרץ. ער איז געגאַנגען לעבן מאָטלען און נישט געוואוסט מיט וואָס דאָס גיין וועט זיך ענדיקן און וואו אייגנטלעך ער פירט אים. כאָטש ער האָט זיך מאָטלען־צוליב, נישט אומגעקוקט, האָט ער דאָך געפילט ווי סאַראַס בליק, פון דער ווערענדע אַראָפּ, הענגט אים כסדר אויף די פלייצעס.

אויך מאָטל האָט געשוויגן. ער האָט געקוקט אַראָפּ, אין זאַמד אַריין און געטראַכט וועגן דעם וואָס ער וויל דאָ איבערשמועסן מיט דעם פעליקסן. ווי אַזוי זאָל ער דאָס מאַכן? פון וואָס זאָל ער דאָ אָנהייבן?

ענדלעך, נאָך אַ היבש שטיק אָפּגעגאַנגענעם װעג, שױן פֿאַר־קערעװעט הינטער צװאָרפּענע הײזלעך, װען ער איז שױן זיכער געװען אַז סאַראַ, נישט זי זעט זײ, נישט זי קאָן עפּעס הערן, האָט זיך מאַטל אָפּגעשטעלט. אָט אַזױ, אין מיטן זאַמד, איז ער געבליבן שטײן. אױך פֿעליקס איז געבליבן שטײן.

צום ערשט האָט פֿעליקס נישט געקאָנט אױפֿהײבן די אױגן. ער האָט זיך פּײנלעך געשעמט צו טרעפֿן מיט מאַטלס בליק. עס איז אָבער געװען אַזױפֿיל גוטסקײט, אַזױפֿיל געבעט אין מאַטלס אָפּגעבּרענט, דאַר־קנאַכיק פּנים, אַזאַ װײכער אומעט אין זײנע ברױן־גרינלעכע אױגן, אַז פֿעליקס האָט נישט געקאָנט בײשטײן אים צו פּײניקן אײן מינוט לענגער מיט זײן קוקן אַװעק.

— איך װיל אײך עפּעס בעטן — האָט מאַטל אַזױ פֿאַרלױרן, אַזױ שטאַמלדיק אָנגעהױבן. פֿעליקס איז געװען זיכער אַז ער גײט אים בעטן ער זאָל אַװעק און מער אַהער נישט קומען, מער זיך נישט װײזן. צום סוף גאָר:

— זאָגט מיר, איך בעט אײך, האָט איר ליב סאַראַן?...

פֿעליקס האָט געשװיגן. דאָס איז געװען פֿאַר אים אַ פּײנלעכע פֿראַגע. װאָרעם עס איז זײער פּײנלעך צו זאָגן אַ מענטשן אַז מען האָט ליב די פֿרױ װאָס ער פֿאַרגעטערט אַזױ, בפֿרט נאָך װען די פֿרױ קאָן יענעם נישט פֿאַרטראָגן... עס איז אָבער נאָך פּײנלעכער אים צו זאָגן אַז מען האָט פֿײַנט די פֿרױ װעלכע ער האָט אַזױ ליב... נאָך דערצו װען דער מענטש װײסט װאָסערע באַציאונגען דו האָסט געהאַט מיט אָט דער פֿרױ. און אַן ליבע זײנען דאָך אַזעלכע באַציאונגען געװיס מיאוס... אַפֿילו געמײן! עס מײנט דאָך אײנפֿאַך: לעסטערונג, שענדונג פֿון דעם פֿרױען קערפּער! װאָסער טיפֿע באַלײדיקונג דאָס דאַרף זײן פֿאַר דעם מאַן, װאָס האָט די דאָזיקע פֿרױ ליב... נאָר האָט ער סאַראַ'ן טאַקע נישט ליב?... װידער זאָגן אַז ער האָט זי יאָ ליב, זעט ער אין מאַטלס געזיכט אַז דאָס װעט פֿאַר אים זײן דער גרעסטער קלאַפּ:

פֿעליקס האָט דרײסט אַרױפֿגעלײגט בײדע הענט אױף מאַטלס אַקסלען. עס איז געװען אַ סך האַרציקײט אין זײן אַרומנעמען דעם צעבראָכענעם מענטשן. מיט דער גאַנצער אױפֿריכטיקײט זײַנער האָט ער געזאָגט:

— הערט, מאַטל, עס טוט מיר באמת לײד דאָס אַלץ װאָס איז פֿאָרגעקומען... איר זענט דאָך אַ מאַן, איר װײסט װי אַזױ עס פֿאַר־װיקלען זיך אַמאָל געשעענישן צװישן אַ בחור מיט אַ מײדל. איך

בין איך אַ פּריינט! איך האָב געוואָלט און שטאַרק צוגערעדט סאַראַן זי זאָל קומען צו איך. אָבער מיינט נישט אַז איך בין דאָ עפּעס געקומען פּלאָנטערן הינטער אייערע פּלייצעס. איך בין בלויז געקומען זען וואו סאַראַ איז. איר גורל האָט מיך שטאַרק באַאומרואיקט. עס טוט מיר זייער לייד וואָס מיין קומען האָט אייך אַזויפיל פּיין געגעבן. אויב איר ווילט קאָן איך גלייך אַוועק און מער זאָלט איר אפילו מיין שאָטן נישט זען, מער זאָל איך אייער שוועל נישט איבערטרעטן!

מאָטלען זיינען אַזש געקומען טרערן אין זיינע אויגן אַריין. ער האָט געקוקט אויף פעליקסן אַזוי ריין, אַזוי אומשולדיק, ווי אַן אומשולדיקער לאָם. ער האָט באמת איצט איבערגעלעבט אַ טיף חרטה געפיל, וואָס ער האָט יענעם אַוונט פעליקסן פאַרשאַפט אַזויפיל לײדן. נאָך אַלעמען איז דאָך אויף אַ שיף מעגלעך אַזאַ געשעעניש... און פאַרוואָס איז נישט מעגלעך אַזאַ געשעעניש זאָל ביי די צוויי מענטשן בלייבן אַ ריין געפיל פון פשוטער, מענטשלעכער פריינטשאַפט? פאַרוואָס זאָל ער דעם פעליקסן פאַרווערן צו קומען צו זיי? ער זעט דאָך ווי אויפריכטיק פעליקס איז אין זיין ווילן צו בלייבן אַ פשוטער, אַ האַרציקער פריינט. און אַז ער האָט נישט קיין שום כוונות, וועט דאָך סאַראַ זיך מוזן אויסטשוכן פון איר ליבע און זי וועט במילא ווערן אַנדערש צו אים, מאָטלען. חוץ דעם זעט ער דאָך ווי סאַראַ לויכט אויף אין זיין אַנוועזנהייט, פאַרוואָסזשע זאָל ער זיין אַזוי ווי דער אזיאַט, דער אַראַבער, וואָס האָט מורא עמעץ זאָל אַ קוק טאָן אויף זיין פרוי?

אויס טיפער דאַנקבאַרקייט וואָס פעליקס איז נישט געקומען עפּעס פּלאָנטערן הינטער זיין פּלייצע האָט ער געפילט ווי אים אַרומצונעמען, אָט אַזוי ווי מען נעמט אַרום אַ האַרציקן מענטשן, אַ נאָענטן פריינט, פון וועמען זיין לעבן איז אַזויפיל אָפּהענגיק! דאָס קאָן אָבער שלעכט ווירקן אויף דעם נעטן, פיין געקליידעטן פעליקס. אָבער דער האַרציקער מאָטל קאָן דאָך נישט בלייבן אַזוי קאַרעקט. ער קאָן נישט בלייבן פאַרקנעפּלט, ווען אין האַלדז שטיקט די פרייד! ער קאָן נישט אַוועקגיין נאָך אַזאַ אָפנהערציק געשפּרעך און — גאָרנישט!

נישט דרייסט האָט ער דאָך גענומען פעליקסעס פּנים איןביידע הענט אַריין, געשמייכלט פאַרלוירן און מיט געבעט געזאָגט:

— פעליקס, ענטשולדיקט, איך בין אַ מאָדנער מענטש. איר זענט מיר איצט אַזוי נאָענט געוואָרן! דערלויבט מיר די נאָענטקייט

צו פאַרקנופּן מיט אַ קוש אין אַ טיפער פריינטשאַפט צווישן אונדזביידן.

פעליקס איז געווען גערירט. אַט אַזאַ האַרציק־רירנדיקן מענטש האָט ער נאָך נישט באַגעגנט!

צוריקגעגאַנגען צו סאַרא זיינען איצט צוויי גאַנץ אַנדערע מענטשן. און סאַרא האָט דאָס גלייך דערפילט. עפּעס ריינס איז אַנגעשטאַנען אין דער גאַנצער לופט אַרום. וואָס קאָן דען נאָך זיין ריינער, הייליקער, ווי די טיפע, אויפריכטיקע פריינטשאַפט און אויך טיפע ליבע, וואָס שטראַלט אין איין צייט פון דריי באַזונדערע ווינקלען, פון דריי מענטשן! אפילו צו מאַטלען האָט איצט פון סאַראן געשטראַלט אַ געוויסע ליבע, אַ ליבע פון דאַנקבאַרקייט פאַר זיין קאָנען אַזוי איינזען און נאָך מער פאַרגעבן...

## קאַפּיטל צוואַנציק

צווישן מאַטלען און פעליקסן איז ווירקלעך אַנגעשטאַנען אַ טיפע און אויפריכטיקע פריינטשאַפט. נאָך יענעם האַרציקן צעקושן זיך אין מיטן אַ זאַמדיקער וויסטעניש, האָבןביידע דערפילט ווי אַ גרויסע משא וואָלט פון זיי אַראָפּגענומען געוואָרן. פעליקס האָט, אַ דאַנק דעם, גאָר אויפגעלעבט. דאָס געוויסן האָט אים אויפגעהערט צו פּלאָגן. ער דאַרף מער נישט לויפן, אַנטלויפן פון זיך אַליין! ער מוז נישט דווקא זיך באַזעצן אין חיפה ווייל סאַרא איז אין תל אביב. גראָד אומגעקערט. חיפה איז אים איצט אַזוי ווייט! אַלע פּלענער זיינע, וועגן זוכן אַ געשעפט פאַרן פאָטער דווקא אין חיפה, זיינען אים איצט פאַררוקט געוואָרן אין אַ זייט.

פעליקס האָט זיך גאַנץ לייכט געלאָזט איבעררעדן סיי פון מאַטלען, סיין פון סאַראן, צו בלייבן דאָ, אַרום תל אביב. צוליב דעם איז ער טאַקע אַוועק אויפסניי צו זיין קרובֿל אין שרון. אמת, אַנהייבן פאַרדינען דאָרט אַ פּיאַסטער אויף ברויט מוז ער נאָך נישט. דערווייל קלעקן נאָך די מיטגענומענע פונטן זיינע, אָבער אַנהייבן טראַכטן פון אַ תכלית דאַרף מען שוין געוויס.

זיין איצטיקער פּלאַן איז געווען זיך איינצושפּאַנען ערגעץ ביי אַ פּרדס. וויפיל ער זאָל דאָ נישט פאַרדינען וועט עס אים גענוגן. דער עיקר גייט אים איצט נישט אין פאַרדינען, נאָר אין אויסלערנען זיך, אין איינגעוואוינען זיך אומצוגיין אַרום אַ ביימל, נישט כדי עס בעסער

אויסצוהאָקן אויף האַלץ, ווי אין דער היים, אין וואַלד, נאָר ווי עס בעסער צו פּלאַנצן, ווי בעסער עס אָפּצוהיטן, ווען צו באַמיסטיקן, ווען צו באַוואַסערן עס! דערנאָך ערשט וועט ער קאָנען טראַכטן וועגן פּלאַנצן אַן אייגענעם פּרדס פאַר דעם פאָטער, טאַקע דאָ, אין שרון, נישט ווייט פון מאָטלען מיט סאַראַן אין תל אביב.

ביים קרובל האָט אָבער פעליקס לחלוטין נישט געהאַט וואָס צו אַרבעטן. דאָס גאַנצע פּרדסל, דעם קרובס, איז גרויס ווי אַ דראָזש־קאַרסקער געגעניץ אויפן ניכטערן פרימאָרגן. שטייסט מיט דער פּלייצע ביי איין פּאַרקאַן, (דאַרפסט אפילו נישט אָנשטרענגען ס׳אויג דורך די ביימלעך,) זעסטו קלאָר די אַנדערע זייט פון פּאַרקאַן. דאָס גאַנצע ביסל אַרבעט, וואָס דאָ איז דאָ, טוט דאָס קרובל אַפּ באַגין, פאַר זון אויפגאַנג, און שפּעט פאַרנאַכט, נאָך זון אונטערגאַנג, נאָך דעם ווי ער ווערט פאַרטיק מיט דער באַשטימטער צאָל צעמענטענע בלאָקן, וואָס ער מאַכט אַלע טאָג אין שותפות מיט דעם הויכן, דאַרן, שוואַרץ פאַר־ברענטן תימנער. חוץ דעם, עס הימלט נעבעך, דאָס פּרדסל. פון אַלע זייטן לויערן דערויף געפאַרן! דאָס וואָס עס איז אַזוי נאָענט צו דער קאָלאָניע איז איצט ממש אַן אומגליק. מיט יעדן טאָג רוקן זיך די הייזקעס, טאַקע אויפגעשטעלט פון די בלאָקן, וואָס ער אַליין האָט געמאַכט, אַלץ נענטער אַרויף אויף דעם פּרדסל. און וואָס נענטער די הייזער רוקן זיך, אַלץ אָפטער קומען צו אים די פּרדס־שוחטים. יעדן טאָג קומען זיי, די דאָזיקע יידן, שטעלן זיך אַרום אים בעת ער מישט דעם צעמענט מיטן זאַמד און נעמען אין אים אַריינטענהן:

— וואָס וואַרט ער, וואָס? וואָס מישטיינס געזאָגט וועלן אים די בידנע מאַראַנצלעך ברענגען? אַ מער וואָלט ער צעשניטן דאָס פּרדסל אויף „מיגרשלעך”! מ׳וואָלט זיי דאָך, די פּלעצלעך, צעכאַפּט מיטן קוק! ער וואָלט דאָך איבער נאַכט נתעשר געוואָרן!

דאָס אויסגעדאַרטע, פאַרהאָרעוועטע קרובל, איבערגעבויגן איבער זיין עבודת־פּרך, ווערט זיך נעבעך קעגן די זלידנע יידלעך, ווי קעגן בלוט־פּליגן! ער טרייבט זיי פון זיך, פון זיין שוועל:

— אַוועק! אַז ער וויל נישט רייך ווערן! ער איז נישט געקומען קיין ארץ ישראל רייך ווערן. ער וויל בלויז רואיק און ערלעך לעבן. ער האָט זיך געפּלאַנצט אַ פּרדס לויט זיינע כוחות. מיט זיין מיה פון די ציגל־בלאָקן האָדעוועט ער די יונגע ביימלעך. נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר, וועלן זיי שוין אים קאָנען שפּייזן בכבוד. אַז ער וויל נישט תל אביב מיט די מיגרשים, מיט די הייזער! גייט פון דאַנען, שפּעקולאַנטן!

מילא, זיי, די זלידנע יידן, די פּרדס־שוחטים, קאָן ער נאָך אַרויסטרייבן. אָבער ס׳אייגענע ווייב? און זי איז דווקא די, וואָס גייט אים נאָך ווי אַ שאָטן, מיטן קינד אויף דער האַנט גייט זי אים נאָך און יאָדעט אים:

— מ׳דאַרף פאַרקויפן, מרדכי! איך זאָג אַז מ׳דאַרף פאַרקויפן!...

פעליקס, קומענדיק אַהער, דאָס מאָל העלפן פלאַנצן פּרדסים, האָט גראָד אָנגעטראָפן אויף אַזאַ קריג־סצענע צווישן קרובל מיטן ווייב. פעליקס האָט אפילו נישט אַ טראַכט געטאָן אַז אייגנטלעך טאָר ער זיך דאָ נישט אַריינמישן. וואָרעם מיט וועמען ער וועט דאָ נישט האַלטן, וועט דער צווייטער האָבן פאַריבל. אָן שום שהיות האָט ער זיך אָנגערופן:

— גוט אַזוי, מרדכי! ברענג נישט אום דעם פּרדס צוליב הייזער־שפּעקולאַציע! בויען דאַרף מען דאָ, נישט שפּעקולירן!...

מער האָט ער נישט געדאַרפט, פעליקס. נאָך די עטלעכע ווער־טער האָט ער שוין דעם קרובלס שוועל נישט געקאָנט איבערטרעטן. זי, דעם קרובלס ווייב, איז אים געוואָרן ממש אַ שונא אויפן לעבן.

דערלעבן, אַביסל העכער אַרויף אויפן בערגל, דאָרט וואו די הייזער גרייכן נאָך דערוויַיל נישט, האָט ער זיך אויסגעזוכט אַרבעט אין אַ גרויסן פּרדס. ווי אַ געהאַרכזאַם יינגל האָט ער זיך צוגעקוקט צו די אַנדערע אַרבעטער, וואָס האָבן אים געוויזן ווי אַזוי צו עפענען די נידריק־אָנגעשאָטענע ערד־ווענטלעך אַרום די פּירעקיקע גריבער אונטער יעדן בוים, כדי דאָס וואַסער, וואָס שטראָמט פון די ר׳ערן, זאָל אָנפילן גרוב נאָך גרוב. דערנאָך, ווען די גריבער זיינען פול פאַרטרונקען, ווי אַזוי דאָס וועגטל־עפענונג גיך צוריק צו פאַרמאַכן אַז דאָס וואַסער זאָל בלייבן און איינגעזאַפּט ווערן אין דער ערד אַזוי ווייט און אַזוי טיף, ווי די וואָרצלען פון בוים קאָנען נאָר גרייכן!

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געטאָן די אַרבעט פון אונטערקאָפּען, באַ־מיסטיקן, אַרומקלייבן, און פאַרנאַכט, גלייך ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער אַרבעט, איז ער גיך, מיט דעם דורכלויפנדיקן באָסל, געפאָרן קיין תל אביב.

ווען מען פרעגט פעליקסן וועגן זיין לויפן יעדן אָוונט קיין תל אביב, וואָלט ער זיכער געזאָגט אַז דאָס איז צוליב מאַטלען, צו וועמען ער איז איצט אַזוי שטאַרק צוגעבונדן. וואָרעם זינט יענעם האַרציקן צעקושן זיך מיט מאַטלען האָט ער אויף אַן אמת אפילו מורא געהאַט צו טראַכטן פון זיין אַליין מיט סאַראַן.

מאָטל, פון זיין זייט, האָט אויך אויסגעקוקט אויף די פאַרנאַכטן, ווען פעליקס דאַרף אָנקומען. אויך ער האָט געפילט אַ טיפע, אויפ־ריכטיקע צוגעבונדנקייט צו פעליקסן. יעדער חשד אויף פעליקסן, אין שייכות צו סאַרא, איז ביי אים איצט געווען אַוועק, אויסגערונען. אמת, פאַר אים איז נאָך סאַרא אַלץ פאַרשלאָסן! אָבער דאָס איז דאָך זיכער נישט פעליקסעס שולד! אדרבה, ער זעט גאַנץ גוט ווי פעליקס באַמיט זיך צו זיין ווייטלעך פון איר, צו זיין קאַלט צו איר, אפילו בכיוון זי פאַרזען! דעריבער טאַקע איז איצט מאָטל געווען דער, וואָס האָט יעדן אָונט געוואַרט מיטן גיין אין רעסטאָראַנטל ביז פעליקס איז געקומען.

סאַרא האָט אפילו סאַרקאַסטיש גענומען אויסלאַכן אָט די פּלוצים־דיקע „ליבע" זייערע:

— מיט איין מאָל אַזאַ ליבעניש... איר קאָנט גאָרנישט עסן איינער אָן אַנדערן?

סאַרא האָט איצט גוט באַנומען די ענדערונג, וואָס איז אָנגעשטאַנען אין פעליקסן. זי האָט גוט געזען אַז זיין איצטיק קומען איז נישט צוליב איר. אַז דאָס איז פשוט אויס דאַנקבאַרקייט צו מאָטלען, וואָס האָט אים געקאָנט פאַרגעבן, וואָס האָט זיך געקאָנט אויפהייבן איבער דעם אַלעם וואָס איז געווען... אין איר האָט דערוואַכט די פרוי! די פרוי, וואָס איז דאָ פאַרשטופּט געוואָרן אַן אַ זייט און במילא טיף פאַרוויטיקט. די פינסטערע כמאַרע האָט זיך צוריק באַזעצט אויף איר פּנים. פאַרנאַכט, אַז זי האָט געזען ווי מאָטל שטייט אויפן ווע־ראַנדעלע און קוקט אויס פעליקסן האָט עס זי געקרענקט. מאָטל האָט, הייסט עס, פאַרנומען איר אָרט ביי פעליקסן. אירע סאַרקאַסטישע באַמערקונגען זיינען געוואָרן אָפטער און שאַרפער, ממש אַן אַרויסרוף! נישט ווילנדיק און אפשר אויך נישט וויסנדיק, האָט זי געזוכט עפּעס אַ וועג, עפּעס אַ ווינקל פאַר אַן אויפרייס! איצט האָט זי גראַד מאָטלען נישט געקאָנט פאַרטראָגן פאַר זיין גוטסקייט, פאַר זיין קאָנען אַלץ פאַרגעבן. וואָרעם ווען ער וואָלט דאַן פעליקסן נישט אַזוי געווען געריירט מיט זיין צעקראָכענער גוטסקייט, מיט זיין פאַרגעבן, וואָלט עס זיכער געווען געקומען צו אַ קאַמף צווישן זייביידע. פעליקס וואָלט געווען אַוועק. ער וואָלט אָבער אפשר געקומען צו איר ווען מאָטל איז נישטאָ. און, ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וואָלט זיך דאָך געענדיקט? איצט אָבער?...

מאָטל ווידער, האָט אויף זיין שטייגער, שטילערהייט, צוגעזען די ענדערונג וואָס איז ווידער אָנגעשטאַנען אין סאַראן. ער האָט

געזוכט סאַראַן אַרויסצונעמען פון איר טראַציקייט. אין די אָוונטן, אַראָפּגייענדיק מיט פעליקסן און סאַראַן פון רעסטאָראַנטל, האָט ער די צווי „גרינע״ גענומען אין פאַרשידענע פלעצער. אַמאָל אין טעאַטער, טיילמאָל צום ים, אָפטער אָבער, אין גרויסע קאַפעען, צו אַ גלאָז ווייַן.

ביים טישל אין קאַפע, ביי אַ גלעזל ווייַן, ווערט סאַרא גאָר אַן אַנדערע, ממש אַ פאַרענדערטע. אַזוי גייען אַוועק טעג און מאָטל הערט נישט פון איר קיין וואָרט, קיין קלאַנג. קומט זי אָבער אין קאַפע, צום מאַרמאָרענעם טישל, וואו פעליקס זיצט פון איין זייט און ער פון דער צווייטער, און זי נעמט אַ גלעזל ווייַן, פאַרשווינדט פון איר די כמאַרע. ס׳פּנים אירס לויכט אויף, די אויגן צעשייַנען זיך און זי נעמט זינגען. און ווען סאַרא זינגט, פילט מאָטל, אַז ער צעגייט פון מתיקות. וואָרעם סאַרא זינגט נישט גלאַט אַזוי ווי עס זינגט אַ מענטש, וואָס קאָן זינגען. עפּעס איז איר געזאַנג דורכגעדרונגען מיט אַזאַ געלייטערטן ווייַ, אַזאַ צאַרטער, סומנער ווייַ, וואָס קוועלט פון איר האַרץ אַרויס. יעדער פּשוטער ניגון, יעדער פּשוטע מעלאָדיע הערט אין איר מויל אויף פּשוט צו זיין. עס ווערט אַ געבעט, אַ תפילה פון אומגעזעענע, פאַרפּייַניקטע נשמות, וואָס פלאַטערן, דאַכט זיך, פאַר די אויגן. און אַז סאַרא גייט אַריין אין איר געזאַנג־עקסטאַז, פאַרגעסט זי וואו זי איז, פאַרגעסט זי אַז זי געפינט זיך אין אַ קאַפע, אַז אַלע, ביי די אַרומיקע טישלעך, דרייען אויס די קעפּ, פאַרגעסן אַן זייערע געשפּרעכן, שטעלן אָפּ דעם געקלאַנג פון פלאַש און גלאָז און האָרכן, האָרכן אפילו מיט די האָר־שפּיצן פון זייערע קעפּ, צו דעם בלאָנדן מיידל מיט דעם צעפלאָטערטן קאָפּ זייַדענע האָר, וואָס זיצט צווישן צווי בחורים אַן אַהינגעריסענע, מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ און פאַרמאַכטע אויגן און קלאָגט עפּעס אַזוי טיף מיט איר ווייטיקדיק געזאַנג. וואָס קלאָגט זי דאָרטן אַזוי, דאָס בלאָנדע מיידל?...

אַזעלכע אָוונטן אין קאַפע האָט מאָטל אינספּירירט אָפט. דאָס איז געווען ס׳איינציקע אָרט וואו ער האָט געקאָנט זען סאַראַן אַ צעפּ־שטראַלטע. איז געקומען איינמאָל, אַן אָוונט! דאָס איז געווען נאָכדעם ווי סאַרא האָט קלאָר איינגעזען אַז פעליקס האָט איצט מער שייכות מיט מאָטלען ווי מיט איר, אַז דאָס ביסל, וואָס איז נאָך אפשר אין אים פאַראַן צו איר, זוכט ער אויך, מאָטלען צוליב, עס צו דער־טרונקען, עס אונטערצודריקן. אָט, אין אַזאַ אָוונט, האָט סאַרא גאָר ליידנשאַפטלעך געטרונקען דעם ווייַן.

און ווייַן איז גראָד געווען געגנוג. ביידע, סיי מאָטל, סיי פעליקס, זיינען געווען אויפגעלייגט. ביידע האָבן אָוועקגעלייגט די טייסטערלעך

געלט אויפן מאַרמאָר טישל, אויף הפקר. ביידע האָבן זיך געריסן ביים באַשטעלן די פלאַש וויין. יעדער האָט געוואָלט דאָס זאָל גיין אויף זיין חשבון. דער קעלנער, זעענדיק אַז ביידע אַמפּערן זיך, האָט געמאַכט אַ פּשרה... ער האָט געבראַכט צוויי פלעשער. אין זייער פאַרטאָן זיין מיט זיך האָבן ביידע קאַוואַליערן דערוויילן נישט באַמערקט ווי סאַרא פילט אָן איר גלעזל איינס נאָך איינס.

סאַרא האָט זיך גוט צעוואַרעמט. און ווי איר שטייגער האָט זי אָנגעהויבן ברומען. פון דעם ברומען איז אויפגעגאַנגען אַ ליד, צום ערשט שטיל, דערנאָך העכער, דערנאָך נאָך העכער, ביז אַלע אין קאַפע האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ און געבליבן שטיל, מיט איינ־געהאַלטענע אָטעמס און געהאָרכט ווי סאַרא, מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ אַהינטער און מיט פאַרמאַכטע אויגן, בעט זיך ביי עמעצן:

שם שועלים יש, בחור טוב שלי...

שם שועלים יש, חביבי שלי...

אויך מאָטל און פעליקס האָבן איבערגעריסן דאָס אַמפּערן זיך און דאָס בגלופינדיק דערקלערן זיך איינער דעם אַנדערן אין ליבע. פעליקס איז געבליבן זיצן מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אָן טישל, דעם קאָפּ אין ביידע הענט. פון צווישן די פינגער האָט ער געקוקט אויף סאַראס ווייס, געטאָקט הענטל, וואָס איז געלעגן אויפן שוואַרצן מאַרמאָר־טישל אַ פאַרחלשטס, ווי עפּעס אַ באַזונדער, צאַרט, לעבעדיק וועזן. ער האָט געזען ווי די צאַרטע פינגער פון דעם הענטל קראַמפּפן זיך ביי יעדן פאַרגיין זיך אין ניגון. ער האָט אויך געזען דעם פיינלעכן שפּיל, וואָס איז אָנגעשטאַנען צווישן מאָטלס פאַרברוינטער, האַרט־אויסגעהאַרעוועטער האַנט און אָט דעם קליינעם הענטל... צומאָל האָט ער געהאַט דאָס געפיל פון בייזיין אַ געיעג־שפּיל צווישן אַ גרויסן, ברוינעם קאָטער און אַ הילפלאָז, שוואַך, ווייס קעצל. יעדערס־מאָל וואָס מאָטלס האַנט האָט זיך דערנענטערט צו סאַראס אַ פינגער, עס אַ ריר געטאָן, האָט דאָס הענטל זיך געטאָן אַ דריגע און אַ צי צוריק... דערביי האָט ער גוט געזען דורך דעם פינגער־געפלעכט ווי מאָטלס אויגן לויכטן, ווי זיי פייכטלען זיך קוקנדיק אויף סאַראַ, יעדערס מאָל וואָס איר הענטל טוט זיך אַ קורטשע איין און אַ צי צוריק פון זיין באַריר, ציט אים דורך אַ ווייטיקדיקע קאַנוואולסיע דורך זיין גאַנץ געזיכט אַזש ער פאַרבייסט מיט די ליפּן...

פעליקסן איז דאָס שפּיל געוואָרן פיינלעך. עס האָט אים ווי געטאָן פאַר מאָטלען. מאָטל אָבער איז געוואָרן הינגעריסן. אין ניכטערן צושטאַנד האָט ער נאָך דעם כח צו האַמעווען זיינע באַגערן, וואָס

פּרעסן אים ממש אויף! איצט אָבער, אונטער דער ווירקונג פון ווײַן, אונטער דער היפּנאָז פון איר זינגנדיק געבעט, און נאָך דאָס רייצן זיך וואָס איר קלײַן, ווײַס העגטל רייצט זיך מיט אים און אַנטלויפט כסדר אין אַן אַנדער זײַט פון טישל, איצט האָט ער מער דעם באַגער נישט געקאָנט האַמעווען. אונטער אַלעמענס בליקן האָט ער זיך גענומען בייגן צו איר, בייגן אַלץ נענטער צו איר זינגנדיק, פאַרוואַר־פענעם קאָפּ ביז... סאַראַ האָט דערפילט זײַן אָטעם לעבן זיך. זי האָט אַן עפן געטאָן אירע אויגן אויף אים, ווי זי וואָלט פּלוצים דער־פילט עפּעס שווידערלעכס זיך רוקן אויף איר... דערנאָך האָט זי זיך געטאָן אַ ריס מיט אימפּעט פון טישל, פון זײַן דערנענטערט פּנים אַוועק און אַרויס פון קאַפּע אַ צעפּלאָטערטע אונטער אַלעמענס דער־שטוינטע בליקן, ווי פון אַ פײַער!

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

פאַר היבשע עטלעכע טעג האָט זיך פעליקס נישט געוויזן אין תל אביב. עס איז אים געווען פּײַנלעך ביז גאָר צו קומען אין מאָטלס ד׳ אמות נאָך אָט דער חרפּה, וואָס סאַראַ האָט אים אָנגעטאָן יענעם אָוונט מיט איר אַרויסאַנטלויפן פון קאַפּע. דעריבער איז ער אין די פאַרנאַכטן, נאָך דער אַרבעט, ליבערשט געבליבן אויפן בערגל, לעבן פּרדס.

איינער אַליין פלעגט ער בלייבן זיצן אָנגעשפּאַרט אָן צעצווייפּגע־לאָטעטןביידל, דאָס „צריפל״, פון וועלכן דער וועכטער מיט דער געלאָדענער ביקס האָלט וואַך דורך די נעכט איבער דעם גאַנצן גרויסן פּרדס.

ער האָט זיך געפילט איינזאַם, פעליקס. צום קרובל קאָן ער מער, צוליב דעם ווײַבל, נישט אַרײַנקומען. מיט די עטלעכע אַרבעטער איז ער נאָך פרעמדלעך. פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, גייען זיי אַוועק צו זייערע געצעלטן. מיט אים דאָ, בלײַבט נאָר אַ טיף־שטילער אָוונט, קליינע, אַנדרימלטע ביימעלעך, אַ שיטערער פּאַרקאַן, דורך וועלכן עס זען זיך צעוואָרפענע הײַזלעך פון דער קאָלאָניע, אָוונטיק־גלימערדיקע מיט זייערע שוואַכע ביסלעך ליכט און אַ גלאָטער, אַספאַלטענער שאָסיי, וואָס לויפט קיין תל אביב...

טיילמאָל, זיצנדיק מיט זיך אַליין, ווען אָוונט־שאָטנס קומען אָן צו קריכן פון אַלע זײַטן, דערטראָגט זיך צו אים דאָס זשומען פון אַ

דורכלויפנדיקן אויטאָ, טײלמאָל אויך — דאָס דראָבנע, טרוקענע געטריטל פון אַן אײזעלע. דערנאָך, מיטן צופאַל פון דער נאַכט, ווען דאָס לעצטע פּאַסיקל רויט אין בלויען האָריזאָנט גײט אויס, דערהערט זיך דאָס שטילע, נאָגנדע, דאָס האַרץ פאַרקלעמענדע געהײלערײ פון נאָענט־לויערנדע שאַקאַלן.

לכתחילה האָט פעליקסן די צעטרײסלענדיקע שטילקייט נישט געאַרט. אדרבה! נאָך דער לאַנגער נסיעה, נאָך דעם גאַנצן טומל: סאַרא, מאָטל, חיפה, תל אביב, נאָך דעם אַלעם האָט די רואיקייט אויף אים גוט געווירקט. ער האָט זיך ערשט אַרומגעזען וואו ער איז. ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן אַז ער טאָר בשום אופן מער צו מאָטלען און סאַראַן נישט קומען. אָבער נאָך עטלעכע אָוונטן אײנזאַם גלאָצן צום אַספּאַלטענעם שאָסיי, האָט עס אים געצומען ציען. דער שאָסיי האָט גענומען לאָקן און רופן. אײנגאַנצן וואָסערע דרײפערטל שעה מיטן באָסל ליגט תל אביב. די אָוונטן שוימען דאָרטן ווי אויפגעיערטער ווײן. חוץ דעם, מאָטל מוז געוויס פאַראיבל האָבן וואָס ער איז פאַרשוואונדן און ווײזט זיך מערנישט...

פעליקסן איז גאָרנישט אײנגעפאַלן אַז דאָס מאָל איז מאָטל דווקא צופרידן געווען וואָס ער, פעליקס, ווײזט זיך נישט. דער לעצטער קאַפּריז סאַראַס, אין קאַפע, האָט מאָטלען געעפנט די אויגן. ער האָט אײנגעזען אַז דאָס טאָפּל־שפּיל, וואָס ער וויל דאָ שפּילן, וועט אים אין ערגעץ נישט פירן.

אין אָנהויב, ווען ער האָט זיך איבערצײגט אַז פעליקס האָט נישט קײן שום הינטער כוונה, איז ער געווען צופרידן וואָס ער קומט. אדרבה! וואָס מער סאַרא וועט זיך איבערצײגן אין פעליקסעס גלײכגילטיקייט, אין זײן קאַלטקייט צו איר, אַלץ בעסער וועט עס זײן. אויב זי וועט אים נישט אָנהײבן האָסן, פעליקסן, וועט זי אָבער זיכער ווערן אָפּגעקילט פון אים. און צוליב פעליקסעס גלײכגילטיקייט וועט זי קאָנען בעסער אָפּשאַצן זײן, מאָטלס, גוטסקייט, זײן איבערגעבנקייט צו איר. דער סוף וועט זײן אַז זי וועט זיך אויסלײטערן, זי וועט אויפזוניקן און זײן צוזאַמענלעבן מיט איר וועט נאָך זײן אַ ליכטיקס, אַ פרײדיקס.

אַזוי האָט ער געמײנט, מאָטל. איצט אָבער זעט ער אײן אַז מיט פעליקסעס קומען ווערט עס גאָר מיט יעדן טאָג ערגער. וואָס גלײכגילטיקער פעליקס ווערט צו איר, וואָס מער ער באַמיט זיך איר נישט צו שענקען קײן אויפמערקזאַמקייט, אַלץ אומרואיקער ווערט זי! און מיט דעם אומרו איז נאָך בײ איר אָנגעשטאַנען אַ געוואַלטיקע

רוגזה צו אים, מאַטלען. אפילו די פריערדיקע כמאַרע אויף איר פּנים איז ווידער צוריקגעקומען. איז, וואו וועט דאָס פירן?

דעריבער איז דאָס מאָטל געווען צופרידן וואָס פעליקס ווייזט זיך נישט מער. כדי עפּעס נישט אויפצוראָיען האָט ער בכלל נישט דערמאָנט דעם נאָמען פעליקס. אויך סארא האָט אים נישט דערמאנט. די לעצטע טעג איז בכלל צווישן זיי אַנגעשטאַנען יענע פיינלעכע שוויי־געניש. אין דער פרי גייט ער אַוועק צו דער אַרבעט, מאָטל. סארא בלייבט אַליין אין שטיבל. ער קומט צוריק פאַרנאַכט. ס׳שטיבל איז אויפגערוימט. ער טוט זיך איבער. זי רוימט אַוועק זיינע אַרבעט־זאַכן. אָט, דאָס איז אַלץ! דערנאָך גייט מען אָן אַ וואָרט אין רעסטאָ־ראַנטל. פון דאָרט — צום ים. אַמאָל — אין אַ קאַפע. אָבער זינגען, זינגט זי נישט מער, סארא. צוריק שטום. זי זיצט בלויז אַנטקעגן אים, ס׳ווייסע הענטל אויפן גלעזל און — גלאָצט. פון איר גלאָצן קאָן ער בשום אופן נישט דערגיין וואָס זי טראַכט, וואָס זי וויל טאָן.

עטלעכע מאָל האָט מאָטל אפילו געוואָלט איבעררייסן די שוויי־גניש, אָבער ער וואָגט עפּעס נישט. אפילו נאָענט זיין וואָגט ער מער נישט. נאָך יענעם אָוונט האָט ער זיך צוריק אָנגעהויבן אויסבעטן זיין געלעגערל אויף די פּאָר שטולן... גאַנצע נעכט ליגט ער אַ וואַכער, הערט זיך צו צו יעדן שאָרך, וואָס קומט דורך דער פינצטער פון אַנטקעגנדיקן בעטל. מיט אַלע כוחות זיינע באַצווינגט ער דעם טיפן באַגער צו סאראן, אָט דעם באַגער, וואָס פרעסט אים ממש אויף. און דאָס צאַמען זיך איז בלויז ווייל ער האָט מורא פאַר אָוועקגעטריבן ווערן, ער זאָל נאָכדעם נישט דאַרפן ליגן אַ פאַרוואונדיקטער, אַ באַליידיקטער און וואָיען אין זיך אַריין די פּיין און חרפּה.

אָבער מיט וואָס קאָן ער זי איינגעמען? און איינגעמען זי וועט ער דאָך מוזן! סארא איז אַ קאַפּריזנע קינד, אַ צעבאַלעוועטס, נישט נאָר ביי אירע עלטערן, די גלאַסעס, נאָר אויך ביי אים. ער קען דאָך זי! איצט ווען פעליקס ווייזט זיך נישט מער וועט זי זיך אפשר באַרואיקן, אָבער מיט וואָס קאָן ער זי איינגעמען?

איינמאָל, נאָך אָט אַזאַ פּיינלעך, שלאָפלאָזע נאַכט, ווען מאָטל איז געשטאַנען אויף דער רושטאָוואַניע, אַרומגערינגלט מיט בערג ציגל, קאַלכס און צעמענט, בעת ער האָט געמאָנדרעוועט אַרום דעם ברעטערנעם פּורעם, אין וועלכן עס ווערן געגאָסן די צעמענטענע ווענט, האָט אַ יונג אויף גיך, פּונקט אַנטקעגן אים, אויפגעקלעפּט אַ פרישן, גרויסן פּלאַקאַט פון טונקל רויטן קאָליר.

דער גרויסער קאַפּ „טיול״ האָט אַראָפּגעשריגן פון פלאַקאַט דורך דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס, גלייך אַהער צו אים.

מאָטל האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, געטאָן אַ ווייש דעם שווייס פון שטערן און געבליבן מיט אַן אָפן מויל, מיט אַן אַנגעשטעלטן בליק אַהין, צו דעם רויטן אפיש:

— הע, גאָרנישט איינגעפאַלן! אַזאַ „טיול״ מיט סאראַן?...

מאָטל האָט זיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט. ער איז געווען זיכער אַז דאָס איז אַ וואונדערלעכער איינפאַל! ערשטענס וועט ער שוין, מיט דער בשורה אַליין, האָבן אַ געלעגנהייט אַנצוהייבן רעדן צו איר. זאָל נאָר קודם איבערגעריסן ווערן דאָס שווייגעניש! צווייטנס? יאָ, וואָס איז דען דאָ צו טראַכטן? עס איז אַ גליקלעכער איינפאַל! צו זיין צוזאַמען פרייטיק, שבת, זונטיק און די נעכט אונטערוועגנס! סארא וועט גאָר זיין באַגייסטערט! דערנאָך, געוויס! וואָס איז דאָ צו טראַכטן?...

פאַרנאַכט איז ער אַרויף אויף זיין ווערלאַנדעלע גאָר אַן אַנדער מענטש. דאָס פאַרברוינטע פנים זיינס, אַן איינגעשפריצטס אין קאַלך, האָט גאָר געקוואַלן. די קורצע, דראָטענע קרייזעלעך האָבן אים, דאַכט זיך, גאָר געטאַנצט פון קאָפּ אַראָפּ.

סארא האָט די שינוי אין מאָטלען דערזען נאָך ווען ער האָט געשפאַנט אין טיפן זאַמד, איידער ער איז נאָך אַרויפגעקומען אויף דעם ווערלאַנדעלע. פונדעסטוועגן האָט זי גאָרנישט געפרעגט און גאָרנישט געזאָגט. זי האָט אים באַגעגנט ווי געוועגלעך, אַ גרייטע, אַן אַנגעטוענע. איר פליכט אין שטיבל האָט זי געהאַט אָפּגעטאָן. אַלץ איז אויפן אָרט. אַלץ איז צוגערוימט. אָט איז זי גרייט אַוועק־צורוימען זיינע אַרבעט־הויזקעס.

גראַד איצט האָט זיך מאָטל נישט געמאַכט פון איר שטייפקייט. נישקשה, אָט באַלד, זי וועט נאָר געוואויר ווערן וואָס ער האָט פאַר איר אָנגעגרייט, וועט זי שוין אַנדערש ווערן. זי וועט דאָס באַלד אויפטאַנצן פאַר פרייד! ער קען זי, סאראַן, פון זינט זיי זיינען ביידע קינדער געווען קען ער זי, ווי זי באַגייסטערט זיך פאַר יעדער זאַך, בפרט פאַר אַזאַ „טיול״, פאַר אַזאַ אויספלוג צום ים המלח!

גראַד איצט איילט ער זיך נישט, מאָטל. ער האָט צייט! בנעימות שטייט ער זיך אונטער דעם שפריצער און האָט געוואַלטיק הנאה פון דעם שטראָם פרישן וואַסער, וואָס נאָדלט איבער זיין אָנגעהיצט לייב. דערנאָך קומט ער ווי אַ זיגער צוריק אַריין אַנגעטאָן אין זיין ווייכן, ברוינעם כאַלאַט. דאָס נאַסלעכע פנים, אונטער די רינענדיקע טראָפּנס

פון די האָר־קרייזעלעך, שטראַלט ביי אים גאָר. דעם גרויסן סוד זיינעם האַלט ער נאָך אַלץ צווישן די ווייסע, שמייכלענדיקע ציין. אין מיטן שטיבל שטייט ער זיך פאַרגעניגנדיק און רייבט מיטן האַנטוך דעם נאַסן קאָפּ. נאָר אַז ער זעט אַז סאַרא באַמערקט נאָך אַלץ נישט זיין פרייד, אַז זי פרעגט אים אַלץ גאָרנישט, פאַרקערט, זי איז גאָר פון דעם אַלעם אַרויס אויפן ווערענדעלע און שטייט דאָרטן מיטן פנים אַרויס צו די זאַמדן און מיט דער פּלייצע אַריין צו אים, מוז ער שוין צוגיין צו איר! עס איז אפילו געווען אַ מין זייטיק צוגיין. אָבער דאָס מאָל איז עס נישט געווען צוליב נישט וואָגן! אדרבה. דאָס איז געווען אַ זייטיק צוגיין צוליב זיכערקייט, צוליב חנדלען זיך מיט איר איבער דער בשורה, וואָס ער האָט איר געבראַכט:

— סאַרא, מיר פאָרן...

סאַרא האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ. זיין פּלוצימדיקער „מיר פאָרן" איז געווען פאַר איר אַ מאָדנע איבעררעאַשונג. אָן לשון, בלויז מיטן שטומען בליק האָט זי געקוקט צו אים, ווי זי וואָלט געפרעגט:

— וואָס? ווען?

נאָר מאַטל, האָט ער שוין געוואגט, דאַרף ער שוין נישט זי זאָל אים פרעגן. אבי זי הערט אים נאָר, רעדט ער שוין אַליין!

נאָך אַלץ מיט דעם האַנטוך אין די הענט, האָט ער זיך דאָס אַביסל פאַר איר צעפאַנטאַזירט איבער די לאַנדשאַפטן אויף יענער זייט ירושלים! כאָטש ער איז דאָרטן קיינמאָל נישט געווען האָט ער דאָך זיך צעמאָלן וועגן דעם ים המלח, וועגן סדום, וואָס ליגט דאָרטן ערגעץ, אויף די הויכע פעלזן, וועגן דעם באַרימטן נחל ארנון, דאָס טייכל, וואָס קומט אַנצופליסן פון צווישן די מעכטיקע פעלזן און גיסט זיך אַריין אין טויטן ים.

סאַרא האָט דערוויל, אונטער דער ווירקונג פון זיין פריידיקן מאָלן און שילדערן, אַלץ ברייטער געעפנט אירע אויגן. עפּעס האָבן די לעצטנס פאַרכמורעטע אויגן אירע צוריק באַקומען זייער גרוילעך בלויען גלאַנץ. פונקט ווי אַ קינד, וואָס מען זאָגט עס צו מיט צו נעמען ערגעץ, אין פאַנטאַסטישע, אין אויסגעחלומטע היילן און שלעסער, איז זי פאַרגאַפט געוואָרן. די אימפולסיווע סאַרא, דאָס גרויסע, קאַפּריזנע קינד, האָט מיט איינמאָל אַראָפּפאַרלוירן די דריקנדע כמאַרע, וואָס האָט זי די לעצטע טעג ווידער געהאַלטן איינגעקלאַמערט און דערדריקט. זי האָט גאָר פאַרגעסן אַז אייגנטלעך איז דאָך דאָס מאַטל, וואָס מאָלט פאַר איר די אַלע שיינקייטן און וואונדער. אַז

דאָס איז דאָך נישט פעליקס, וואָס וויל זי דאָרט מיט זיך נעמען...
די אימפּולסיווע סאַראַ! נאָך איידער זי האָט אַהין געגרייכט, האָבן
שוין יענע אויסגעחלומטע ווייטקייטן פאַרשטעלט איר איצטיקע ווירק־
לעכקייט.

דעם גאַנצן אָוונט און דעם גאַנצן טאָג צומאָרגנס האָט שוין
סאַראַ אַרומגעפלאַטערט ווי אַ זוניק פלאַטערל. אבי מאָטל רירט זיך
נאָר צו איר נישט צו, ווי אַ מאַן צו אַ ווייב, קאָן זי געוויס פלאַטערן.
טאָמער איז די דאָזיקע פרייד ווייניק געווען פאַר איר, האָט זיך נאָך,
פאַרנאַכט, גאָר אומגעריכט, אַריינגעשטעלט פעליקס! נאָך איידער
מאָטל האָט אים אפילו געזען, האָט זי געטאָן אַ שטראַל אַרויס, גלייך
ווי ער האָט זיך באַוויזן אויפן וועראַנדעלע:

— פעליקס, מיר פאָרן אויף אַ „טיול”! צום ים המלח פאָרן מיר!
קומט אויך!

סאַראַן איז גאָרנישט איינגעפאַלן וואָס זי האָט דאָ אָפּגעטאָן! ווי
סאַראַס שטייגער, איז דאָס ביי איר געקומען גאַנץ אומגעריכט, אָן יעדן
איבערטראַכטן. ערשט דערנאָך, דערזעענדיק די קאָלירן אין מאָטלס
פּנים, ווען ער האָט אינווייניק, אין שטיבל דערהערט איר זאָג און
דערזען פעליקסן, ערשט איצט האָט זי זיך געכאַפּט. אָבער מערקווירדיק,
איצט, ווען זי האָט שוין געטראַכט וועגן דעם, וואָס איז דאָ אומגעריכט
אָנגעשטאַנען, איז זי גאָר געווען צופרידן דערמיט.

פעליקסעס באַוויזן זיך האָט מאָטלען נישט געגעבן אַזאַ זעץ
אין האַרץ ווי איר זאָג: „קומט אויך מיט, פעליקס”. זיינע פּלענער
זיינען דאָך געווען אַנדערע!... און דאָ, פּלוצים!

מאָטל האָט זיך איצט געפונען אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט.
זאָגן: „ניין, פעליקס, איך וויל נישט איר זאָלט מיטפאָרן”? ווי קאָן
ער דאָס? וואָס וועט פעליקס טראַכטן? חוץ דעם! ער שעמט זיך
זייער, טאָמער פאַלט פעליקסן איין אַז ער פאַרדעכטיקט אים! נאָך מער
שעמט ער זיך פעליקס זאָל גאָר אָנען אַז זיין מערכה ביי סאַראַ איז
אַזאַ נעבעכדיקע אַז ער האָט מורא... פון גרויס פאַרלוירנקייט האָט ער
אפילו פאַרגעסן צו פרעגן פעליקסן פאַרוואָס ער איז דאַן אַוועק און
זיך מער נישט געוויזן און פאַרוואָס עפּעס פּלוצים, איצט?

פעליקס, מיט עטלעכע בליקן דאָ אויף סאַראַן און דאָ אויף מאָטלען,
האָט גלייך דערפילט די אָנגעשטאַנענע לופט אַרום. אָן צווייִמאָל איבער־
טראַכטן האָט ער אַ זאָג געטאָן, מער אין שטוב אַריין צו מאָטלען
איידער דאָ צו סאַראַן, לעבען זיך:

— צו באַדויערן וועט מיר זיין אוממעגלעך מיטצופאָרן.

פעליקס האָט אַליין נישט געגלייבט וואָס ער זאָגט. וואָרעם אין דער אמתן, אי ער וואָלט געוואָלט, אי ער וואָלט געקאָנט מיטפאָרן! די עטלעכע טעג, דער עיקר די עטלעכע נעכט, איינזאַמע דאָרטן אין דער קאָלאָניע, לעבן דרימלענדיקן פּרדס, וואו ער אַרבעט, האָבן אין אים גאָר צעטרייסלט דאָס איינרעדעניש אַז ער קומט אַהער בלויז צו מאַטלען! אַז סאַרא מיינט טאַקע פאַר אים גאַרנישט...

— ניין, איך וועל נישט קאָנען מיטפאָרן.

סאַרא, די זעלבע סאַרא, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע מינוט פריער געווען פּונקט ווי אַ נאַאיווע, אַ שפּילעווודיק קינד, איז אין דער קורצער ווײַלע, וואָס פעליקס איז דאָ אָנגעשטאַנען, צוריק געוואָרן די פרוי, די פרוי, וואָס האָט מיט איר שאַרפן, ווייבלעך־וואַכן אינסטינקט דערפילט נישט נאָר די פאַרלוירנקייט, וואָס איז דאָ אָנגעשטאַנען צווישן די צוויי בחורים, נאָר אויך דעם גינסטיקן מאָמענט פאַר איר! אין פעליקסעס צוויי מאָל איבערחזרן: „ניין, ער קאָן נישט מיטפאָרן", האָט זי דערפילט אַז עס ווענדט זיך איצט אין איר עס זאָל זיך נאָך אַמאָל נישט איבערחזרן דאָס, וואָס האָט שוין איינמאָל מיט איר געטראָפן אין חיפה, יענעם פרימאָרגן, אין האָטעל. ווען זי וואָלט דאַן נישט געווען אַזוי נאַריש, ווען זי וואָלט געווען צוגעשטאַנען מיט אַ באַפעלענד וואָרט: „פעליקס, איך פאָר מיט!" וואָלט זי געווען געפאָרן. און, ווער ווייסט! ווער ווייסט מיט וואָס עס וואָלט זיך דאַן אַלץ געענדיקט? פעליקס האָט טאַקע אַ שטאַרקן ווילן, אָבער, אויב זי וועט וועלן, אויב איר ווילן וועט זיין שטאַרקער, וועט זי אים באַהערשן! עס קאָן זיין, ווען מאָטל וואָלט דאָ נישט געווען פאַרוויקלט, וואָלט ער, פעליקס, אַליין געוואָגט... איז איצט, דאַרף זי אים מאַכן וואָגן!

גאַנץ באַוואוסט אויף דעם, וואָס זי טוט און טאַקע ווייל מאָטל איז געווען דערביי, איז זי צוגעגאַנגען צו פעליקסן, קאָקעטיש אים אַ ריס געטאָן דעם אַראָפּהענגענדיקן לאָק:

— איר וועט פאָרן, פעליקס, אַז איך וועל אייך בעטן וועט איר פאָרן!

מאָטל האָט אינסטינקטיוו אַראָפּגעלאָזט די אויגן. עפּעס האָט ער נישט געקאָנט קוקן גלייך אַרום זיך. באַלד האָט אָבער דאָס ביסל ווירדע אין אים געטאָן אַ וואַך אויף. אַזוי זיך האַלטן איז אונטער זיין שטאָלץ! חוץ דעם, לויט ווי די פאַרטרוקנטע ליפּן נעמען אים נעצן, לויט די שטיקעלעך שוים, וואָס קלייבן זיך אים אין די מויל־ווינקלען, פילט ער, קאָן נאָך דאָ געשען דאָס, וואָס דאַן, ער קאָן נאָך ווידער דאָ אָפּפּאַלן! און דאָס טאָר נישט געשען! ווי אים דאַכט וויל

סאַרא באַוואָוסטזיניק איצט שפּילן עפּעס אַ שפּיל. ער וועט דאָ מוזן האַלטן דעם בליק וואַך!

מיט זיין גאַנצן ביסל שוואַכן ווילן האָט ער זיך צוזאַמענ־געצומען. אַלץ אין אים האָט זיך איצט צעשפּילט אין אַ מין טראַציקייט, אַ טראַציקייט צו זיך, צו איר, צו אַלעם אַרום!

„ניין! נאָר נישט וויכלייביק. אויך נישט זיין געגן! נישט שטערן! פאַרקערט, אַליין דאַרף ער זען פעליקס זאָל מיטפאָרן. וואָס עס דאַרף זיין זאָל זיין! מיטן אייגענעם קאָפּ אָן דער שטיינערנער וואַנט! וויניקסטנס, זאָלן זיי אים נישט זען ווי אַ פּחדן!"

אַט די געדאַנקען זיינען אים געטאָן אַ פלי אַדורך אין קאָפּ ווי אַ בליץ און שוין האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס טאָקע נישט מיטפאָרן, פעליקס?

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

פאַרטאָג. תל אביב איז בלוי. אַ קילע פייכטקייט הענגט אין דער לופט. די הייזער שלאָפן. די קראַמען — פאַרמאַכט. לער די טראָ־טוארן. עס איז שטיל. בלויז אין איין ראָג שטייען דריי גרויסע, רויטע „אגד" אויטאָבוסן, איינער הינטער דעם אַנדערן, מיט די פּנימער אַרויס צו דער לאַנגער אלענבי־גאַס. אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט רויטלען זיי אויף ווי ווייט אַוועק און רופן צו זיך אַלע פאַרשלאָפענע שאָטנס, וואָס שלייכן פון אַלע זייטן, איינציקווייז, צוויי־ווייז, מיט וואַליזקעס אין די הענט און וואַרעמע, ווייכע דעקעס פאַר־וואָרפן אויף די אַקסלען.

די שאָפערן, געזונטע, שווער־געפּאַקטע יונגען, אין קורצע הויזקעס מיט רויטע, אייזערנע קני, זיצן אין אַנטקעגנדיקן טיי־קרעמל, דאָס איינציקע וואָס האָט זיך געעפנט צוליב זיי אַזוי פרי.

זיי איילן זיך נישט, די שאָפערן, מיט די אָפּגעווינטיקטע פּנימער. געמיטלעך זיצן זיי ביי די בלאָסע גלעזער טיי מיט לימענע, וואָס דער געל־באַבערדלטער יונגערמאַן מיטן שוואַרצן, פּיצינקן יאַרמלקעלע אויפן שפּיץ־קאָפּ, דערלאַנגט זיי. זיי זיינען רואיק, די שאָפערן! זיי ווייסן אַז קיינער וועט אָן זיי נישט רירן די אויטאָבוסן פון אָרט.

סאַרא אָבער האָט נישט דאָס רואיקע געפיל. אַ גאַנצע נאַכט איז זי געווען אומרואיק צוליב דעם פאָרן. זי האָט נאָר מורא געהאַט טאָמער פאַרשלאָפט זי. חוץ דעם, זי איז נאָך גאַרנישט זיכער, זי

ווייסט נאָך אַלץ נישט צו פעליקס וועט מיטפאָרן... לויט זיין האַלטן זיך יענעם פאַרנאַכט קאָן זי גאַרנישט וויסן! און פון דאַן אָן האָט ער זיך מער נישט געוויזן.

פאַרטאָג, די שטערן אין די בלויע שויבן האָבן זיך נאָר אָנגעהויבן לעשן, האָט זי זיך שוין אויפגעהויבן. אויך מאָטל איז אויפגעשטאַנען. עס איז איצט ביי אים נישט געווען אפילו אַ טראָפּן פון יענער פרייד, וואָס ער האָט געהאַט ווען ער האָט פאַרטראַכט אָט דעם פּאָר צו מאַכן. פויל, אָן חשק, האָט ער זיך דאָרטן געפּאָרעט ביי אַ קליין וואַליזקעלע. ס׳גאַנצע פאָרן איז אים איצט נישט איינגעגאַנגען. ווען נישט דאָס ביסל שטאָלץ, וואָס ער האָט אויף זיך מיט געוואָלט אַרויפגעצויגן, אָט אַ דאָס ביסל שטאָלץ, וואָס לאָזט אים נישט זיין שוואַך, טאַקע ווייל ער איז אַזוי שוואַך און נאָכגעביק, וואָלט ער אפשר באַדאַרפט אַ זאָג טאָן:

— ניין! איך פאָר נישט! ווילסט פאָרן מיט פעליקסן? געזונטערהייט!

ער האָט פאַרמאַכט ס׳וואַליזקעלע, מאָטל, סאָרא האָט אויף גיך פאַרוואָרפן דאָס בעטל און ביידע זיינען זיי אַרויס.

אין דרויסן, אויף דער פּאָדלאָגע פון דער ווערענדע, איז געלעגן אַ דינע, זילבערנע ראָסע. סאָרא האָט גענומען דאָס וואַליזקעלע, וואָס מאָטל האָט אַראָפּגעשטעלט. אַ פיר־עקיקער צייכן, דער פולער פאָרם פון וואַליזקעלע, איז געבליבן לעבן אירע פיס. מאָטל, נישט אויפצוּוועקן די שכנים איבער דער וואַנט, האָט שטיל און פּאַוואָליע פאַרשלאָסן ס׳טירל.

זיי זיינען אַראָפּ אין זאַמד אַריין. דער גאַנצער אָרום, די צעוואָרפענע הייזקעס האָבן זיך געבליכט אין אַ נעבלדיקן פרימאָרגן־גרוי. ס׳זאַמד אונטער די פיס, וואָס גליט אַ גאַנצן טאָג אין דער זון, איז איצט, אין פאַרטאָגיקן טוי, געווען פייכט, קיל. יעדער טריט זייערס האָט זיך אָפּגעדרוקט און געלאָזן אַ שאַרפן, בולטן שיך־צייכן.

זיי זיינען געגאַנגען ביידע שטיל. אַרויסקומענדיק אין געסל אַריין, אויפן נייעם, גלאַטן טראָטואַר אַרויף, האָט זיך סאָרא פּלוצים געכאַפּט:

— מאָטל, האָסט פאַרגעסן די דעקע!

אָן אַ וואָרט האָט מאָטל זיך אומגעקערט און גענומען שטעלן פיס צוריק איבער דעם זאַמד־פעלד. סאָרא האָט אים נאָכגעקוקט, געקוקט אויפן וואַליזקעלע לעבן זיך. זי האָט אים געוואָלט נאָכשרייען: „גיך, מאָטל! די אויטאָבוסן וועלן אַוועק!" אָבער גיי שריי, אַז זי ווייסט

ווי גערן ער וואָלט זיך גאָר אַרויסגעדרייט פון דעם גאַנצן פאָרן. געווייס ווייסט זי אַז דאָס איז צוליב איר אַריינדרייען פעליקסן אין דעם. זי ווייס אפילו אַז אויך פעליקסן איז פיינלעך דאָס פאָרן. זי איז זיכער די איינציקע, וואָס וואָלט געקאָנט ביידע באַפרייען פון דער אומאנגענעמלעכקייט. זי וועט דאָס אָבער נישט טאָן! פאַרקערט, ערגעץ טיקט אין איר אַ געפיל: „דווקא אויסנוצן דעם מאָמענט". געוויס, ווען פעליקס וויל פאָרן מיט איר אַליין! וויל ער אָבער נישט! צוזאַמען מיט מאַטלען וועט ער פאָרן. מיט איר אַליין — נישט!

מאַטל איז צוגעקומען. ער האָט געהאַט די בלויע וואָל דעקע מיט די רויטע קראַטן, פאַרוואָרפן איבער דעם לינקן אָרעם. ער האָט ווידער גענומען דאָס וואַליזקעלע. אַפגייענדיק אַ שטיקל וועג, ביים ערשטן אָפענעם טיי־קרעמל, האָט ער געוואָלט אַריינגיין. ער איילט זיך נישט, מאַטל. סאַרא אָבער האָט נישט געוואָלט. פריער וויל זי זיין ביי די אויטאָבוסן.

אַרויסקומענדיק אויף אלענבי, פון וווייטנס נאָך, האָט דאָס פנים פון ערשטן רויטן אויטאָבוס זיי געטאָן אַ בלאַנק אַנטקעגן. רעדלעך מענטשן, גאַנצע געזעמלען, האָבן זיך דאַרטן געדרייט, געהאַוועט הין און צוריק. טייל האָבן זיך געפּאַקט אין שטייענדיקן אויטאָבוס אַריין. סאַרא האָט אינסטינקטיוו פאַרגיכערט איר טראָט. מאַטל האָט, נישט ווילנדיק, געמוזט נאָכהאַלטן איר גאַנג. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו די טומלענדיקע רעדלעך מענטשן, האָבן ביידע שטום מיט די אויגן גענומען זוכן אויב פעליקס איז שוין דאָ. און זוכנדיק האָבן ביידע עס אויסבאַהאַלטן איינער פון אַנדערן. מאַטל האָט נישט געוואָלט סאַרא זאָל אפילו פאַרדעכטיקן אַז טיף אין האַרץ וואָלט ער וועלן פעליקס זאָל דאָ נישט זיין. און אויב שוין יאָ, זאָל ער צוקומען ערשט נאָכדעם ווי די אויטאָבוסן וועלן האָבן אָוועק געפאָרן... סאַרא ווידער האָט דאָס מאָל נישט געוואָלט ווי טאָן מאַטלען. זאָל ער נישט זען ווי אומרואיק זי איז, ווי זי צאַפּלט זיך טאָמער פאַרשפּעטיקט פעליקס.

זיי האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די גרופּקעס מענטשן, געקוקט אין די מאַשינען אַריין, כלומרשט צו זיי זיינען נאָך אינגאַנצן ליידיק, אָבער פעליקס איז טאַקע נישטאָ!

מאַטל איז ענדלעך אַריין אין איינעם פון די אויטאָס און אָוועקגעלייגט דאָס וואַליזקעלע מיט דער דעקע אויף זיינע רעזערווירטע פּלעצער. דערנאָך, אַרויסקומענדיק צוריק, איז ער אַריין מיט סאַראן אין אַנטקעגנדיקן טיי־קרעמל.

סאַרא האָט געהאַלטן אין אײן קוקן דרויסן אַרויס. זי איז געװאָרן נערװעז און זיך געבײזערט אויף דעם געל־בערדלדיקן יונגנמאַן מיטן יאַרמלקעלע אויפן שפּיץ קאָפּ:

— װאָס נעמט אים דאָרט אַזוי לאַנג, דאָס דערלאַנגען אַ גלעזל „סוכאַטנע״ טײ?

מאָטל איז געװען װאָך צו איר אומרואיקײט. ער האָט גוט געװאוסט אַז דאָס איז נישט צוליב דעם טײ־דערלאַנגערס יאַרמלקעלע, דאָס בײזערן זיך, אירס. אױך ער, מאָטל, האָט געקוקט דורכן פענצטער. אױך ער איז געװען אַביסל אומרואיק. אָבער דאָס איז גראָד געװען אַ פּונקט פאַרקערטע אומרואיקײט... ער האָט געזען װי די שאָפערן פאַרען זיך שוין בײ די מאָטאָרן. אט — אָט, הײסט עס, פאָרט מען! ער האָט גיך גענומען זופּן די טײ. װאָרעם װאָס גיכער מען װעט זיצן אין די מאַשינען אַלץ פריער װעלן זײ אָפּפאָרן!

סאַרא גראָד, האָט איצט גענומען זופּן איר גלעזל טײ לאַנגזאַמער. אַז אַ פאסאזשיר איז נישטאָ, פעלט ער נישט. אָבער איבערלאָזן פאסאזשירן בײ אַ גלעזל טײ װעלן זײ נישט, די שאָפערן! און דערװײל װעט ער אָנקומען, פעליקס!

מאָטל האָט זי אַ מינטער געטאָן:

— סאַרא, די אויטאָבוסן װעלן אַװעק!

— זײ װעלן נישט!

סאַרא האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן איר אומרואיקײט, צו טרינקען די טײ פּאַװאָליע, זופּ נאָך זופּ, אָבער די אומרו האָט געפלאַטערט פון איר, אַרום איר. װאָס מער אירע װײכע האָר האָבן איר געפלאַטערט פאַר די אויגן, אַלץ מער נערװעז האָט זי זײ געהאַלטן אין אײן שאַרן הינטער די אויערן אַרונטער.

אינמיטן דער גאַנצער שטומער און באַהאַלטענער צאַפּלעניש זײערע, האָט זיך דערװײל, פון אַ זײטיק געסל, אַרויסגעשאַרט פעליקס און גענומען גײן מיט אלענבי בולװאַר פּונקט אַנקעגן דער שויב, װאו זײ זײנען געזעסן.

ער איז געװען אויסגעפּוצט, פעליקס, אין זײן גרויען אנצוג, אין די ברוינע שיך, נישט װי צו פאָרן מיט אַ „טיול״ צום טויטן ים, װאו מען װעט דאַרפן שלאָפן אויפן זאַמד, אונטערן פרײען הימל, װאו מען װעט זיך שלעפּן אין אַן ענג שיפל אין דער גליאיקער היץ און דערנאָך קריכן צופוס איבער די הויכע פעלזן אַרויף צו סדום, נאָר װי ער װאָלט געגאַנגען דאָ ערגעץ, אין אַ תל־אביבער באַנק אַרײן צו דער אַרבעט.

לויט זיין גאַנג האָבןביידע געמעגט מיינען אַז פעליקס קומט זיי אַנזאָגן אַז ער וועט אויף דעם טיול נישט פאָרן. וואָרעם אַ מענטש לאָזט זיך דאָך נישט אַרויס אויף אַזאַ וועג אָן אַ וואַליזקעלע פאַר שפּייז, אָן אַ דעקע זיך אונטערצושפּרייטן, אַפילו אָן אַ הוט אויפן קאָפּ זיך צו שיצן קעגן יענע פייערדיקע שפּיזן, די זון שטראַלן, וואָס ברענען אַזוי אין דעם טויטן טאָל.

יענעם פאַרנאַכט, אין דעם אומגעריכטן פאַרבעטן אים, ער זאָל מיטפאָרן אויף דעם טיול, האָט פעליקס דערוויַיל, צוליב מאָטלס גרויס פאַרלוירנקייט, אַליין פאַרגעסן זיך אויסצופרעגן וואָסער טיול דאָס וועט זיין, ווי אַזוי ער דאַרף זיך צוגרייטן צו דעם וועג. דערנאָך ווידער, בעת דער אַרבעט דאָרטן אין פּרדס, ווען ער האָט ענדלעך, נאָך אַ לאַנג שלאָגן זיך מיט דער דעה יאָ באַשלאָסן צו פאָרן, האָט ער גאָרנישט געטראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן. לויט דער דערפאַרונג, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיין טיול איבערן עמק, איז דאָס וואַליזקעלע מיט דער דעקע גאָר געווען אַ לאַסט. וואו מען האָט זיך דאָן אָפּגעשטעלט איז געווען אַ גאַסטהויז איבערצונעכטיקן און געוויס אָפּצועסן אַ מאָלצייט. לעבן אין וועג, ווי די אַנדערע פאָרער, פון וואַליזקעלע אַרויס, און דערצו זיך נאָך וואַלגערן אויף דילן איינגעוויקלט אין אַ דעקע, נישט ער וויל דאָס און נישט די בויט ברענגט אים דערצו! פעליקס כּענטניק קאָן זיך נאָך דערלויבן צו פאָרן ווי אַ מענטש!

דעריבער איז ער דאָס איצטער געגאַנגען אַזוי שטאָטמעסיק, כּמעט פראַנטיש, אין בלויזן קאָפּ, דער קאַפּריזנער לאָק איבערן שטערן און, מיט ליידיקע הענט.

סאַראַ, ביים דערזען אים אין דעם הולך, האָט דערפילט ווי דאָס האַרץ האָט זי אַ צי געטאָן! אָט אַזאַ האָט זי דאָך אים ס'ערשטע מאָל באַגעגנט! אָט, אין דעם הולך האָט זי אים אַזוי ליב צו זען! איצט אָבער מיינט דער הולך פאַר איר אַז ער פאָרט זיכער נישט אויף דעם טיול!

זי איז אַרויס אים אַנטקעגן. מאָטל האָט זיך שוין נישט געקאָנט העלפן און איז אויך נאָך:

— שלום!

— שלום וברכה!

צו דעם ברייטן שלום וברכה האָט נאָך מאָטל געוואָלט אים אַ פרעג טאָן, אַזוי, כּלומרשט איבערראַשט:

„וואָס, פעליקס, איר פאָרט טאַקע נישט?...“

ער האָט דאָס אָבער נישט געטאָן. אין דעם פרעגן אַליין קאָן ער זיך נאָך אויסגעבן און מען זאָל דערזען זיין שוואַכקייט, אַז ער וויל טאַקע נישט האָבן מיט זיך פעליקסן.

סאַרא ווידער האָט סתם מורא געהאַט טאָמער וועט איר פרעגן שאַפן אַ לאַגע אין וועלכער פעליקס וועט זיך קאָנען אַרויסדרייען פון פאַרן. דעריבער האָט זי אים גענומען אויף זיכער:

— פעליקס, אַזוי ליידיק?

פעליקס האָט זיך אַליין אַרומגעקוקט. וואָס הייסט ליידיק? ער גייט דען נישט ווי געהעריק אָנגעטאָן? ערשט נאָכן דערוויסן זיך וואָסער טיול דאָס גייט זיין, האָט ער געוואָלט כאַפּן און לויפן אין האָטעל אַריין, וואו די זאַכן זיינע שטייען, כאָטש כאַפּן אַ פּאָר אַלטע שיך מיט אין וועג אַריין. סאַרא אָבער האָט אים געטאָן אַ כאַפּ ביים אַרבל, געטאָן אים חנעוודיק אַ ריס דעם לאָק:

— וואַרט נאַר, צעטראָגענער!

מאָטל, פון יוצא וועגן, האָט אונטערגעכאַפּט:

— פעליקס, די אויטאָבוסן וועלן נישט וואַרטן!

אין דער צייט פון זייער פאַרנומען זיין מיט פעליקסן האָט דערוויל דאָס געזעמל זיך אַריינגעשאַרט און איינגעזעצט זיך אין די מאַשינען. זיי האָבן שוין פאַרשפּאַרט אפילו פרעגן צו פעליקס קאָן נאָך לויפן צוריק אין האָטעל. זיי האָבן געמוזט גלייך אַריין אויף זייערע פּלעצער. דער שאָפער האָט פאַרמאַכט די טיר און פעליקס, זיצנדיק אין דעם הולך, האָט געהאַט דאָס געפיל ווי ער לאָזט זיך ערגעץ אין אַ שטורעם אַריין אָן אפילו אַ דעכל דעם קאָפּ צו שיצן...

די מאַשינען האָבן גערירט. איינע אונטער דער אַנדערער, אין אַ רייע, זיינען זיי געפאָרן לענג אויס אַלענבי. גרויסער טאָג איז געשטאַנען. תל אביב האָט אויפגעוואַכט. טירן האָבן זיך געעפנט. אויסגעריבענע, פריש־פאַרקעמטע אַרבעטער, אין העמדלעך מיט אָפענע הערצער, אין קורצע הויזקעס מיט נאַקעטע, פאַרברוינטע קני, האָבן דורכגעשוועבט אויף זייערע וועליסאָפּעדן צו אַ נייעם טאָג אַרבעט. דאָרפס יידן, אין פאַרפּעצטע קאָפּעליושן מיט היבשע בערד, זיינען געקומען אָנצורייטן אויף זייערע קליינע אייזעלעך. פאַר זיך, לעבן זייערע אָראָפּהענגנדיקע פיס, וואָס האָבן אָנגערירט דעם אַספּאַלטענעם שאָסיי, אויפן סאַמע קאַרק פון אייזעלע, זיינען אָן אַ לעדערנעם רימען געהאָנגען צוויי פולע קאָנען פריש געמאָלקענע מילך. אויך אַ באָרפיסער אַראַבער, אין אַ געל־געשטרייפטער אבאיע איז געקומען אָנצוקריכן לעבן זיין פּיצינקע

איזעלע, וואָס האָט אויף זיך געטראָגן צוויי פולע קעסטלעך מיט פריש געריסענע, נאָך מיט טוי באַדעקטע ווייַנטרויבן.

די רויטע אויטאָבוסן האָבן זיך צעטרובעט. דער אַראַבער האָט אַ כאַפּ געטאָן ס'איזעלע ביים קערגל ס'זאָל זיך פון שרעק נישט צעהעצקען און אַראָפּוואַרפן אַלץ פון זיך. דער שאָפער האָט בכיוון נאָך אַ שטאַרקערן טרובע געטאָן. ס'איזעלע האָט אויפגעצאַפּלט און זיך דאָך באַרואיקט. די מאַשינען זיינען אַוועק. געבליבן איז דאָ דער אַראַבער מיט דעם איזעלע, וואָס האָט זיך צעזונגען אין דעם נייעם תל אביבער פרימאָרגן אַריין:

— ענבים! ע־נ־ב־י־ם...

### קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

אַ האַלבן וועג, צווישן תל אביב און ירושלים, זיינען מאָטל און פעליקס געווען אין זייער אַן אַנגעצויגענער שטימונג. סאַרא האָט דערפון געליטן. זי האָט נעבעך געטאָן אַלץ, וואָס נאָר אַזאַ ווי זי קאָן, זיי פון דער אָנגעצויגנקייט אַרויסצושטויסן.

ווי נאָר עמעץ האָט אַ ברום געטאָן אַ ניגון, אפילו אַ טאָן פון אַ ניגון, האָט אים סאַרא אונטערגעכאַפּט און מיט איר פלאַם, מיט איר עקסטאַז, אָנגעצונדן דעם גאַנצן עולם, נישט נאָר אין איר אויטאָבוס, נאָר אויך אין דעם פון פאָרנט און אין דעם הינטער זיי. אין איין מינוט האָט זיך דאָס געזאַנג צעטראָגן דורך די אָפענע פענצטערלעך פון די פליענדיקע אויטאָבוסן אַרויס, איבער די בערג און טאָלן ווייט, ווייט אַרום!

אין מיטן דער זינגנדיקער הינגעריסנקייט האָט סאַרא דאָך געזען דעם אָנגעכמורעטן מאָטל לעבן זיך. זי האָט אַזוי אומשולדיק געצערטלט זיין האַנט... נישט נאָר מאָטל, וואָס איז שטענדיק גרייט איר צו פאַרגעבן אַלץ, נאָר אַ יונג, אַ שטיין, וואָלט אויך גערירט און אויפגעהייטערט געוואָרן.

סאַרא האָט אָבער אויך געדענקט, אַזוי הינטערווילעכס און אומשולדיק געדענקט, אַלע ווילע אַ ריס צו טאָן דעם קאַפּריזנעם לאָק, וואָס האָט זיך איצט אַזוי חנעוודיק געוויינטלט איבער פעליקסעס שטערן באַלד, הינטער איר...

אויך די שאָפערן האָבן געטאָן זייערס אויפצוהאַלטן די אויפגעהייטערטקייט ביים עולם. וואָס שמעלער, וואָס געדרייטער און געפער־

לעכער עס איז געוואָרן דער וועג צווישן די בערג פון יהודה, דער ירוש־לימער וועג, וואָס דראַפּעט זיך אויף שמאָלע באַרג־אָפּשניטן, וואָס הענגט איבער אַזעלכע מוראדיקע אָפּגרונטן, אַלץ קינציקער, אַלץ געוואַגטער האָבן זיי זיך דורכגעכאַפּט מיט זייערע שווערע מאַשינען און פאַרלאָפן איינער דעם אַנדערן פאַראויס. דווקא, ווייל די ווייבער האָבן זיך צעקווי־טשעט, דערזענדיק דעם טיפן אָפּגרונט לעבן די סאַמע רעדער, אַלץ דרייסטער זיינען געוואָרן די שאָפערס מיט זייערע קונצן.

נישט וויסנדיק אפילו זיינען אויך מאָטל און פעליקס אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער האזארד־שטימונג. די אויפגעהייטערטקייט האָט אויך זיי ביידן, די אָנגעכמורעטע, אַ פּאַק געטאָן. די אָנגעצויגנקייט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון תל אביב, האָט דאָ, אין די ירושלימער בערג, וואו טאָלן דרייען זיך פאַרן אויג ווי וואונדערלעכע שיסלען, וואו פון הימל בלענדט אַ שפע ליכט פון גאָלד און בלוי, דאָ האָט זיך זייער אָנגעצויגנקייט געמוזט אויפלעזן, אַוועק, ווערן נישט!

מאָטל, ווי זיין שטייגער, האָט באַלד אַלץ פאַרגעסן. אויס רוגז! ער איז איצט געוואָרן היגגעריסן פון סאראן לעבן זיך, פון איר כסדר־דיק אויפשפּרונגען ביי יעדן געפערלעכן קונץ, וואָס די שאָפערן האָבן דורכגעפירט. יעדערס מאָל, וואָס די ווייבער האָבן אַ קוויטש געטאָן איז זי, סאראַ, געווען די איינציקע וואָס האָט אויפגעשטראַלט פון פרייד און נאָך געלאָפן קלאַפּן דעם שאָפער איבער דער פּלייצע! מאָטל האָט אָנגעקוואָלן וואָס סאראַ איז געוואָרן דער צענטער פון גאַנצן שפּרודלענ־דיקן עולם אין אויטאָבוס. עס האָט אים נישט געאַרט וואָס זי, אַ פאַרכאַפּטע פון דעם שלענגלדיקן וועג און פון דעם שאָפערס יאָגן זיך, האָט געלאָזן ביידע קאוואלירן אירע, אים, מאָטלען, מיט פעליקסן אַליין און גאָר געבליבן הענגען אָן דעם זייטל פון שאָפערס זיץ. דאָס האָט געגעבן פעליקסן אַ מעגלעכקייט זיך איבערצוזעצן אויף איר פּלאַץ, לעבן מאָטלען. צו וואָס אַריינפאָרן קיין ירושלים אָפּגעזונדערט, אָנגעצויגן?

די אויטאָבוסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַלד, אין עק ירושלים, אין אַ זייטיק געסעלע, לעבן דרך־יפו.

דער זאַרגלאָזער עולם איז אַרויס און זיך אַיילנדיק צעלאָזט איבער די קראָמען און קרעמלעך. וואָרעם אויב מען וועט דאָ נישט מיטקויפן וואָס מען האָט פאַרגעסן אין תל אביב, וועט מען דאָרט, ביים טויטן ים, נישט קריגן אפילו אַ ביסל וואַסער.

מאָטל איז איצט געווען גאָר פריידיק. אויב איז נאָר ביי אים אַוועק די אָנגעצויגנקייט האָט ער שוין במילא איינגעזען די נאַרישקייט

פון זיין בייז, פון האָבן פאַריבל, וואָס פעליקס פאַרט מיט. אדרבה! עס איז אפילו אַ מאָדנע לאַגע, אָבער אַזוי איז עס! סאַרא פילט זיך גוט ווען זי האָט ביידן לעבן זיך. אַז פעליקס איז דאָ דערביי האָט זי אַ וועלט מיט צערטלעכקייט אפילו פאַר אים, מאָטלען. איז פאַרוואָס זאָל ער איר שטערן?...

מיט גרויס הרחבה, אָט אַזוי ווי מאָטל קאָן! איז ער געגאַנגען מיט סאַראַן איבער די קראָמען. סאַרא האָט געקויפט און ער האָט געצאָלט מיט דער ברייטער האַנט! פלעשער וויין און וואורשט, פרוכט און ניס, טרויבן און מאַנדלען, אַלץ האָט ער מיטגענומען אויף דעם טיול צום טויטן ים...

פעליקסן האָט מאָטל גאַרנישט געלאָזט קויפן. פעליקס איז זיין גאַסט. אָבער פעליקס קאָן דאָס נישט! ער געהערט נישט צו די, וואָס האַלטן דאָס געלט-טייסטערל פאַרשטשעמעט צווישן די פינגער. חוץ דעם: עפּעס איז ביי אים דאָס ווידערגעפיל צו מאָטלען פאַרבלאָסט געוואָרן. ער האָט אים ווידער זייער גינציק, מאָטלען. עס איז אפילו מאָדנע, ער האָט אים גינציק און פילט זיך דאָך ענג לעבן אים... זיין דאָ אַ בלויזער צוקוקער קאָן ער נישט. ער וויל אויך עפּעס טאָן, זיך פאָרען! איז אויב מאָטל לאָזט אים גאַרנישט קויפן און לייגן אין זעלבן פעקל אַריין, איז ער אַוועק אין אַנדערע קרעמלעך און אַליין איינגעקויפט אַזאַ איינקויף פון וויין און ניס און פלייש און ברויט און פרוכט, אַז ווען ער איז צוריקגעקומען צום אויטאָבוס איז זיין פּאַק געווען גרעסער פאַר מאָטלס.

ביי פעליקסן איז דאָס געווען אַ טונקל געפיל אַזאַ, וואָס האָט אים געטריבן דאָס צו טאָן. נישט ער וויל זיין מאָטלס גאַסט! זאָל מאָטל זיין זיין גאַסט...

און סאַרא, ווי אַ פריידיקע מאַמע, אַ צעפלאַמטע, האָט זיי ביידן אָנגעריסן די אויערן, ביידן געשאָנקען לאַסקעס און אַ גליקלעכע געבאַלעבאָטעוועט איבער דעם איינקויף. זי וועט אָבער נישט דערלאָזן קיין באַזונדערע באַלעבאַטישקייטן! די פלעשער וויין מיט די ניס מיט אַלץ מיט אַנאַנדער האָט זי צונויפגעלייגט אין איין גרויסער ווירטשאַפט געצייג אויף צו שפּייזן אַ האַלבן אויטאָבוס מיט מענטשן.

די באָסעס האָבן ווידער געריירט. איצט שוין דורך שמאָלע געסלעך צווישן בלינדע, גרויע, פענצטערלאָזע ווענט. אַלץ נידריקער און נידריקער אַראָפּ, זיינען די אויטאָבוסן געלאָפן. די ירושלימער בערג זיינען אַנטלאָפן אַוועק, אַוועק, פון הינטן! כסדר, כסדר, יאָגן די

מאַשינען אַראָפּ, אַראָפּ אין טאָל. וואָס נידריקער מען קומט אַלץ הייסער ווערט, אַלץ גליאיקער די זון אין דרויסן.

ענדלעך האָט זיך אין טיפן טאָל, דורך דער בלויער, זוניקער וויט, באַוויזן דער „ים“. ער האָט געטאָן אַ בליאסק אָקעגן ווי אַ שפּיגל.

פעליקס, דערזעענדיק דעם טייך, האָט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט דאָס זעלבע אַנטוישונגס־געפיל וואָס ערשט נישט לאַנג ביים כנרת. אויך יענע אַזיערע האָבן אונדזערע אורעלטערן, די העברייער, אַ נאָמען געגעבן „ים“. אין דער אמתן איז דאָס אַ, וואוהין די אויטאָס יאָגן זיך אַזוי אימפּעטדיק אַראָפּ, נישט מער ווי אַ טייך. אַ ברייטער, שטילער טייך, וואָס ליגט ווי פּאַרגליווערט צופוסנס פון הויכע, ריזיקע פעלזנווענט. קיין וועלכל באַוועגט זיך נישט אויף אים. קיין פויגל קרייצט אים נישט דורך. קיין זשום פון קיין פליגלע הערט מען נישט ביי זיין ברעג. שטיל און טויט ליגט ער, דער טייך, טויט ווי דער גאַנצער פעלזיקער אַרום!

די אויטאָבוסן האָבן זיך אַראָפּגעקערעוועט און געבליבן שטיין אין דעם אָפענעם שטויביקן פּלאַץ, לעבן אַ בויד, וואָס עמעץ האָט עפּעס ווי אויף גיך אויפגעשטעלט. דער עולם האָט זיך געטאָן אַ שאָט אַרויס מיט די פּעק אין די הענט. אין דער בלענדענדיקער פוסטקייט איז אַנגעשטאַנען אַ טומל, אַ מענטשלעך געזשומערײַ! דער געטומל האָט זיך גענומען קייקלען אַראָפּ, אַראָפּ צום ברעג, וואו עס האָט געוואַרט אַ פּאַראַנקערט שיפל. דאָ, אויף דעם שטויביקן, פוסטן ברעג איז ווידער געוואָרן שטיל. צום שאָטן פון דער ליידיקער, איינזאַמער בויד, איז צוגעקומען נאָך אַ לאַנגער, געשפּאָלטענער שאָטן פון דריי גרויסע, רויטע, איינזאַמע אויטאָבוסן. די עטלעכע אַראַבער, לעבן דער בויד, אין זייערע גרוי־לייוונטענע ברייט־געפאַלדעוועטע הויזן, מיט טיכלעך אויף די קעפּ, האָבן זיך ווידער פויל און שטיל און איינזאַם געפּאַרעט אַהין און אַהער, אַהער און אַהין, ווי שטילע, אָטעמלאָזע שאָטנס.

דאָס מאָטאָר־שיפל ביים ברעג האָט גענומען הודזשען. פּאַמעלעך, איינער הינטערן אַנדערן, האָט זיך דער עולם געצויגן פון די אויטאָבוסן אין שיפל אַריין. באַלד האָט עס גענומען זיך שניידן אַלץ טיפער אַריין אין דער מיט פון טויטן טייך. פון הינטן, ווי אַן עק פון דער שיף, האָט זיך נאָכגעצויגן אַ קליין שיפל, אַ לאָדקעלע, אין וועלכן עס האָט זיך עפּעס געפּאַרעט אַ געזונטער, שלאַנקער, באָרפיסער

אראבער, אין א פאר געפאלבטע פלודערן, ברייט, ווי פון צען זעק צונויפגעווארפן.

ער האט דארט געמאנדרעוועט ביים שטריק, דער אראבער, דערנאך האט ער זיך בהרחבה אויסגעצויגן אין לאדקעלע אין זיין גאנצער לענג מיטן שווארץ גלאנציקן פנים און ווייסע, לאכנדיקע ציין ארויף, צו דעם בלויען, זוניק־בלענדנדיקן הימל.

שעהן דורכאנאנד האט דאס שיפל אזוי געשניטן דאס געדיכטע, אויליקע, טויטע וואסער. פון ביידע זייטן האבן זיך געצויגן די מעכטיקע פעלזנווענט, גרויע, אויך ברוין־פארברענטע, ווי זשאווער. קיין סימן פון לעבן האט זיך דא נישט געזען! אפילו קיין שאטן פון א קוסט, פון א בוים! אומגעשטערט גליט דא די זון! דער הימל — אזוי טיף בלוי. די לופט אזוי הייס, אזוי אנגעגליט אז עס שווינדלט פאר די אויגן!

אין שיפל איז געווען ענג. די חמימה שטיקט אין קעל. דאס אנגעהיצטע וואסער, וואס דאס שיפל פירט מיט זיך צום טרונקען, שטילט נישט דעם דורשט. דער עולם פראאכט. ביסלעכווייז, איינ־ציקווייז וואגט מען! אזוי קונציק ווארפט מען אראפ פון זיך די שטאט מיט די לאנגע קליידער און הויזן. מען בלייבט אין באקוועמע, אויסדעקאלטירטע באד־קאסטיומען.

אויך סארא האט זיך פלוצים באוויזן, ווי פון ים ארויס, אין איר העלבלויען, ענג־אויסגעפאסטן באד־קאסטיום. אירע שלאנקע, ווייסע פיס און פרעכטיקע ארעמס האבן ביידן, מאטלען און פעליקסן, א בליאסק געטאן אין די אויגן. פון אונטער דעם בלויען, דינעם וואלענס האבן זיך געריסן אירע שטייפע, פיין געפארמטע מיידלשע בריסט.

נישט מאטל, נישט פעליקס האבן באמערקט ווען און וואו זי האט זיך דאס אויסגעטאן.

מאטל איז גלייך צו צו זיין וואליזקעלע, זיך דארטן געפארעט, אוועק פאר א ווייל און באלד צוריקגעקומען אין זיינע קורצע באד־הויזקעס. אנטקעגן סאראס בלענדענדיקער ווייסקייט, האט זיין ברוין לייב, אין דער פאלעסטינער זון דורכגעגליט, אויסגעזען אזוי קאנטראסטיש, אז ער, מאטל, האט זיך אנגעהויבן פילן אומבאקוועם.

דער איינציקער כמעט, וואס איז געבליבן שטאטיש, אין לאנגע, געפרעסטע הויזן, מיט א ווייס העמד און שעלקעס איבער די אקסלען, איז געווען פעליקס. נישט ער האט עפעס מיטגענומען, נישט ער וואלט זיך דא איבערגעטאן! ער האט זיך ווידער אוועקגעזעצט א געלאנגווייליקטער, קוקן אויף דעם פארגליווערטן טייך, אויף דעם נאכשווימנדיקן שיפעלע מיט דעם אויסגעצויגענעם אראבער. אפילו

דאָס זיצן מיט אַן אַרויסגעבויגענער האַנט און שאַרווען דאָס פּעטע, אויליקע, וואַרעמע וואַסער איז אים אויך שוין נמאס. דאָס כסדר־דיקע עסן פֿון לאַנגוויל — אוודאי און אוודאי! וואָס זאָל ער איצט טאָן? זייטיק כאַפּט ער אַלע ווײַלע אַ קוק אויף סאַראַ... זי איז אַזוי שיין... וואָס, צום טיוול, פֿאַרעט זי זיך אַזויפֿיל מיט אים, מיט מאַטלען?...

פֿעליקס האָט זיך אויפֿגעשטעלט, אָנגענומען דאָס דינע, אײַזערנע שטאַנגל, וואָס האַלט אונטער דעם שיף דאַך און גראַציעז גענומען זיך ציען אַרויף, ווי ער פֿלעגט עס אַזוי אָפֿט טאָן אין דער היים, אויף די ביימער, אין וואַלד. איידער סאַראַ האָט באַוויזן צו זאָגן: ניין! איז ער געווען אין דער הויך, אויפֿן פֿלאַכן שיפֿדאַך. פֿון דער הויך אַראָפּ, ליגנדיק אויסגעצויגן אויפֿן בויך, האָט זײַן בליק זיך באַ־געגנט מיט סאַראַס. אירע אויגן האָבן געגליט. וואָס וואָלט זי איצט נישט געטאָן זיך צו קאָנען אַרויפֿכאַפּן דאָרט, צו פֿעליקסן?

ערשט שפּעט נאָך האַלבן טאָג האָט זיך דאָס שיפֿל אָפּגעשטעלט. עס איז געווען נעבנטער צום אַנטקעגנדיקן ברעג. די פֿעלזנווענט האָבן איצט, פֿון דער נאָענט, אויסגעזען נאָך מעכטיקער, זייער נאַקעטקייט — נאָך גרויליקער!

אין איין וואַנט, פֿון אַ שפּאַלט אַרויס, האָט געפֿלאָסן אַ טײַכל. שטיל איז דאָס טײַכל געלאָפֿן און געטראָגן די זיסע וואַסערן אַראָפּ צום טויטן ים. אָט דאָ, אַנטקעגן דעם טײַכל, האָט זיך דאָס מאָטאָר־שיפֿל אָפּ־געשטעלט. ערשט איצט איז אויך קלאָר געוואָרן צו וואָס דאָס ווײַדלדיק לאָדקעלע האָט זיך געדאַרפֿט נאָכשלעפּן. אין דער פּוסטער פֿאַרלאָזנ־קייט איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל אויפֿשטעלן כאָטש אַ בריקל אַ שיפֿל זאָל זיך דערבײַ קאָנען אָפּשטעלן.

איינציקווײַז האָט דער עולם גענומען קריכן אין לאָדקעלע אַרײַן. דער אַראַבער האָט געאַרבעט מיט די רודערס, אַרויסגעלאָזט די עטלעכע מענטשן דאָרט, וואו זיי קאָנען שוין אַליין צובראָדזשען צום ברעג און זיך גלײַך פֿאַרקערעוועט צוריק ווידער נעמען אַנדערע און זיי צופֿירן מיטן שיפֿעלע.

פֿעליקס איז אַרײַן אין לאָדקעלע. ערשט איצט האָט ער דערזען ווי נישט צוגעגרייט ער איז צו דעם טיול. יעדער קאָן פּשוט טאָן אַ שטעל אַרויס די פֿיס פֿון לאָדקע און נעמען בראָדזשען, ער אָבער, טראָגט לאַנגע הויזן און ברוינע שיך!

נאָך מער האָט ער דאָס דערפֿילט ווען אַלע זײַנען שוין געווען אויפֿן ברעג. אַלע זײַנען אין קורצע הויזקעס און גומע־שיך. איינער נאָך

איינעם לאָזט מען זיך מיטן טייכל, געגן שטראָם, אַריין אין דעם ברייטן שפּאַלט, צווישן די מעכטיקע, הויכע פעלזנווענט. אויף סאַרא און מאָטל האָבן געגומען אָנטאָן זייערע גומע־שיך. אים קומט דאָ אויס צו בלייבן אַליין אויף דעם נאַקעטן, זון פאַרברענטן ברעג, אַליין מיט דעם באַרפיסן אַראַבער, וואָס ליגט דאָרטן אַ פאַרמאַטערטער פון דער שווערער אַרבעט, וואָס ער האָט געהאַט ביים אַריבערפעקלען דעם גאַנצן עולם פון שיף אַראָפּ.

ניין! ער וועט דאָ נישט בלייבן, פעליקס. אויף גיך האָט ער פאַרוואָרפן זיינע צוויי ברוינע שיך איבער אַן אַקסל, פאַרשאַרצט די צוויי הויזן איבער די קני און באַרפיסערהייט גענומען נאָכבראָדזשען. סאַרא און מאָטל, אין זייערע באָד־קאָסטיומען, אין זייערע גומי־שיך, האָבן געקאָנט גיין. ער אָבער, וויפיל ער האָט נישט פאַרשאַרצט די הויזן, האָט ער זיי אַלץ פאַרנעצט. און די קליינע, שפּיציקע שטיינדלעך אין טייכל, האָבן אים פשוט געלעכערט די פיס.

וואָס ווייטער מען האָט זיך געשלעפּט אין דעם טייכל, צווישן די צוויי מעכטיקע פעלזנווענט, אַלץ טונקעלער איז עס געוואָרן. דער שטראָם ליכט, וואָס פליסט אַזוי ברייט אַריין אין אָנהייב, ביי דער עפענונג פון שפּאַלט, קאָן אָהער נישט גרייכן. ווידער דאָס שמאָלע פאַסיקל בלויער הימל, וואָס מען קאָן קוים זען ווען מען פאַררייסט דעם קאָפּ אַרויף, האָט אויך נישט דעם כח צו באַלייכטן די מוראדיקע טונקלקייט, וואָס הערשט אַזוי טיף אין הייל. און וואָס ווייטער ווערט עס אַלץ פינצטערער,אַלץ דערדריקענדער! און קיין ענד און קיין סוף זעט זיך נישט! שוין טויזנטער יאָרן שטראָמט עס, דאָס טייכל, דער נחל ארנון! מעכטיקע פעלזן האָט עס געשפּאָלטן און זיך באַקוועם געמאַכט דאָס געלעגער. ערטערווייז ווערט עס פאַרהאַלטן פון שטיינער, קערעוועט עס זיך אויס און נעמט שטראָמען מיט מער רוגזה אַרויס, אַרויס אָנצוטרינקען דעם טויטן ים!

פעליקס האָט פאַרריסן דעם קאָפּ. אין דער הויך קומען זיך די ווענט אַזוי נאָענט צונויף אַז עס דאַכט זיך אָט, אָט און דאָס לעצטע פאַסיקל הימל וועט פאַרשטעלט ווערן. עס כאַפּט אַזש אַן אַן אימה! אין דער דריקנדער שטילקייט פאַרנעמט ער עפּעס אַ מין ציטערן, אַ מין פאָכן פון אומגעזעענע פליגל, ווי אַ מעכטיקער פויגל וואָלט זיך דאָרט פאַרטשעפּעט די פליגל אָן אַ שפּיץ פון פעלז.

וויפיל זיי האָבן נישט געוואָרט אויף אים, מאָטל און סאַרא, איז ער אַלץ געבליבן הינטערשטעליק, פעליקס. אַלע ווילע כאַפּט סאַרא אַ קוק הינטער זיך, דערזעט פעליקסעס איינגענעצטע הויזן, ווי ער

שטרויכלט דאָרטן מיט די באָרפיסע פיס אויף די שפּיציקע שטיינדלעך, אַז אַט, אַט פאַלט ער אום, צעלאַכט זי זיך פאַר אַ מינוט און ווערט ווידער הינגעריסן פון דעם לאָקענדן, פון דעם טונקעלן, וואָס דאָס שפּאַנען אַלץ ווייטער האַלט אין זיך באַהאַלטן.

פעליקס איז געבליבן ווייט, ווייט הינטער אַלעמען. ער איז שוין געוועזן מיד; זיינע פיס היבש פאַרוואונדיקט פון דעם בראָדזשען אין טייכל. מאָטל און סאראַ זיינען געווען אַזוי ווייט פון אים! ווען אפילו ער וויל זיי זאָגן אַז ער גייט צוריק, וואָלטן זיי אים אויך נישט געהערט. הינטערשטעליק פון אַלעמען איז אים דאָ באַפאַלן אַ נאָגנדער אומרו. ער איז געבליבן שטיין, געקוקט פאַר זיך, ווי דאָס וואַסער ציט און לאָקט אַלץ ווייטער און האָט טאַקע אַלעמען פון אים אָוועקגעלאָקט. ער האָט געקוקט צוריק צו דער עפענונג, וואָס איז שוין לאַנג פאַרהוילן פון אויג. זאָל ער גיין ווייטער? זאָל ער צוריקגיין?

איינער אַליין האָט ער גענומען בראָדזשען צוריק.

ווען ער איז אַרויסגעקומען פון צווישן די צווי פעלזנווענט, איז שוין געווען קיל. די בערג האָבן צעלייגט זייערע שאָטנס ווייט, ווייט אַוועק. אין דער הויך, איבער זייערע קעפּ האָט נאָך ערגעץ געגליט די זון, דאָ אָבער, אין טויטן טאָל, האָט זיך שוין געפילט דער אָנקומענדער פאַרנאַכט.

ער האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם האַרטן פאַרברענטן באָדן, לעבן דעם אַראַבער. יענער האָט געהאַט אָפּגעגעסן און פאַררויכערט. עפּעס האָט ער גערעדט צו אים, דער אַראַבער העברעאישע, אָפּגע־ריסענע ווערטער, צווישן אַ שטראָם אַראַביש. פעליקס האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. ערשט ווען יענער האָט אים גענומען וויזן אויף די אויסגעווייקטע, פאַרשאַרצטע הויזן און זיך צעלאַכט אויף זיין פול מויל ווייסע ציין, האָט ערשט פעליקס זיך געכאַפּט אַז דאָס לאַכט ער אויס זיין הולך.

ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן זיך באַווייזן איינציקע בראָדזשער פון שפּאַלט אַרויס. לאָמענדיקע, קריכנדיקע האָבן זיי זיך קוים דערשלעפּט אַהער און זיך געזעצט רוען. שפּעטער האָט זיך באַוויזן סאראַ און מאָטל. עס איז געווען אַ מאָדנע בילד! פון אונטן בראָנז און פון אויבן ווייס און בלוי... סאראַ איז ווייזט אויס געווען מיד האָט זי מאָטל גענומען אויף די אַקסלען, ווי אַ קינד. רייטנדיק איז זי געזעסן מיט אירע בליאַנקענדע פיס פאַרוואָרפן פון קאַרק אַראָפּ, איבער זיין ברוינער ברוסט. מיט די הענט האָט זי זיך אָנגעהאַלטן אָן זיינע האָרטע,

שעפּסן־קרייזלעך פון קאַפּ. פון ווייטנס נאָך, ביים דערשיינען פון שפּאַלט אַרויס, האָט אים דאָס בילד געטאָן אַ ברי... די אומגעוועגלעך ווייסע סאַרא אין איר בלויען הימל־קאָלירטן באָד־קאָסטיום, אויף די אַקסלען פון דעם ברוין־פאַרברענטן מאַטל... ווי מאָדנע!

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

אַרום טויטן ים קומט אָן די נאַכט אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי אין פעליקסעס פוילישן ווייסרוסלאַנד. דאָרטן, מיטן אָנקום פון דער נאַכט, צעוויגן זיך ביימער. קוסטעס צערעדן זיך אויף אַזאַ היימישער, אויף אַזאַ צוויקנדער שפּראַך. פענצטער פון כאַטעס לויכטן אויף מיט אַזאַ לאַקנדיק פלעמל. איבער שטרויענע דעכער צעקרייזלען זיך רויכלעך. און אַרום, אין דער גאַנצער לופט, הענגט אַ געקלאַנג, אַזאַ וואונדערלעך נאָגנד געקלאַנג פון אייזערנע רעדער איבער שטיינערנעם ברוק.

דאָ אָבער, ביים טויטן ים, קומט אָן די נאַכט אַזוי שטיל, אַזוי דערדריקנד שטיל, אַזש ס'האַרץ הערט אויף צו קלאַפּן פון טיפער אימה. אַלץ אַרום שטומט דאָ! עס שטומט דער הימל, עס שטומט דער ים, עס שטומען די מעכטיקע פעלזן! אַ שטומער פחד לויערט פון גאַנצן אַרום!

אין אָט דעם אָנקומענדן, נאַכטיקן פחד, האָט זיך דער עולם גענומען צונויפקלייבן אויף דעם זאַמדיקן אינזעלע, ביים אויספלוס פון טייכל אַרנון. ווי איבערגעשראָקענע שאָף האָט זיך דער עולם גענומען טוליען איינער צום אַנדערן.

בלויז דער מידער אַראַבער האָט זיך נעבעך געמוזט אויפשטעלן. אַ גרויסע אַרבעט וואַרט אויף אים איידער די נאַכט פאַלט אינגאַנצן צו. פלינק איז ער אַריין אין שיפעלע. אַ טייל פון עולם פאָלגט אים נאָך. מען נעמט זיך שטופּן. יעדער וויל וואָס פריער אַהין צו דער גרויסער שיף כדי אַריבער ברענגען אַהער די פּעק עסן, די דעקעס און אַנדערע זאַכן אויף אַ גאַנצער נאַכט.

דער אַראַבער שטייט מיט אַ רודער אין האַנט. איינציקוויַיז לאָזט ער אַריין אין לאָדקעלע. ווען דאָס שיפעלע איז פול, נעמט ער גיך רודערן אַהין אין דער בלוילעך־גרויער דעמערונג, צו דער שיף, וואָס שטייט דאָרטן אומבאַוועגלעך ווי אַ שאָטן.

צוזאַמען מיט די דעקעס און פעק עסן, וואָס דאָס שיפעלע האָט געב־ בראַכט האָט דער אַראָבער אויך געבראַכט אַ בינט נאַפט־לאַמפּן, וואָס ער צעקלימפּערט, צינדט זיי אָן און שטעלט זיי אַרום אין אַ פולן קרייז אַרום דעם זאַמדיקן אינזעלע, ווי ער וואָלט מיט אַ ליכט־קייט אַרומ־ גענומען דאָס גאַנצע געזעמל מענטשן, זיי צו שיצן פון דעם פּחד, וואָס די אומטיקע פעלזן וואַרפן פון זיך.

אין דעם באַליכטענעם קרייז איז געוואָרן היימישער, פרייער. דאָס געזעמל מענטשן איז זיך צעפאַלן אין גרופּקעלעך. די וואָס האָבן שוין דאָ זייערע פּעק, נעמען זיך אויסשפּרייטן קאָלדרעס, צעפּאַקן דאָס עסנוואַרג און עס הייבט זיך אָן ביי זיי אַ פריידיקע, שטילע סעודה.

זייטיק, אָפּגערוקט פון אַלעם, שוין ביים גרעניץ פון קרייז, אַליין אין זאַמד, לעבן אַ קאָפּטשענדיק לעמפּל, זיינען געזעסן סאַראַ און פעליקס. מאָטל איז געווען אַוועק מיטן לאָדקעלע, ווי פיל אַנדערע, צו דער שיף, אַהער ברענגען זייערע זאַכן און עסנוואַרג.

די נאַכט איז געווען צוגעפאַלן. מיט איינמאָל איז געוואָרן טונקל. נאָר מאָדנע, גאָר פאַרקערט, וואָס אַ רגע טיפער אין אַוונט, האָט דער טונקל בלויער הימל אַלץ מער אויפגעהעלט. שטערן האָבן זיך געצונדן. אַלץ מער און מער האָבן זיי זיך אַרויסגעטיילט פון דער אומגעזעענקייט. אַזויפיל שטערן, אַזעלכע ליכטיק־פינקלענדיקע, האָבן נאָךביידע, נישט סאַראַ און נישט פעליקס, אין זייער לעבן געזען.

סאַראַ האָט זיך באַקוועם אויסגעצויגן אין זאַמד. זי האָט אַוועק־ געלייגט איר קאָפּ אין פעליקסעס שויס. זי האָט דאַכט זיך געקוקט אַרויף, צו די שטערן, אין דער אמתן האָט זי גאָר געזען פעליקסעס בלייך, מאַט פּנים מיט דעם שוואַרצן לאָק זיינעם, ווי ער קוקט אַוועק ווייט, צו די שטומע פעלזן און זי זעט ער גאַרנישט!

עפּעס האַלט ער זיך היינט, פעליקס, נאָך ווייטער פון איר ווי אפילו לעצטנס.

זי האָט אים געוואָלט פרעגן וועגן דעם. איז אָבער צוגעקומען מאָטל. מיט פולע אַרעמס איז ער צוגעקומען. סאַראַ האָט, ליגנדיק, אַרויפגעקוקט צו אים, ווי ער שטייט מיט פאַרנומענע הענט פול מיט פּאַפּירענע טאָרבעס עסנוואַרג, דערצו נאָך, אונטער איין אָרעם, דאָס וואַליזקעלע און איבער דעם אַנדערן, די ווייכע, וואָלענע דעקע.

פעליקס, צי ווייל ער האָט זיך דערפילט שלעכט וואָס מאָטל זעט די פּאָזע, ווי סאַראַ ליגט מיט איר קאָפּ אין זיין שויס, צי ווייל ער האָט טאַקע געוואָלט העלפן מאָטלען — סיי ווי, ער האָט געטאָן אַ

שפרונג אויף אַזש סאַראַס קאָפּ האָט געטאָן אַ פּאַל פון זיין שויס אויפן הוילן זאַמד אַרויף.

פעליקס האָט גיך געכאַפּט אויסשפּרייטן די קאָלדרע. ערשט איצט האָט מאָטל גענומען אויסליידיקן זיינע הענט. ער האָט זיך גענומען פּאָרען, מאָטל, מיט די פּאַפּירענע בייטלען. ער האָט געעפנט אַ פלאַש וויין. אויך פעליקס, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט זיך געכאַפּט עפענען אַ פלאַש וויין. דער טיול וועט בלויז אָנהאַלטן מאָרגנדיקן טאָג, עסן אָבער און וויין איז דאָ פאַר אַ וואָך!

פייערלעך און שטיל, אַרומגעצאַמט מיט די צעשטעלטע לעמפּלעך, וואָס טרייבן מיט זייערע ציטערדיקע פלעמלעך דעם פּחד אַוועק, אַוועק צווישן די פעלזן, זיינען די גרופּקעס געזעסן אין ווייכן זאַמד עפּעס ווי ביי אַ פּורכטיקער עבודה. אין קופּקעלע האָט נישט געזען וואָס ביים צווייטן טוט זיך. העכסטנס האָט מען געקאָנט זען ווי שאָטנס, זיצנדיקע, בויגן זיך, באַוועגן זיך, מאַכן עפּעס מיט די הענט. ערשט ווען פלעשער זיינען געוואָרן לער, די אַפּעטיטן געזעטיקט, האָבן די שאָטנס זיך דער־הערט! צום ערש פון אין קופּקעלע, דערנאָך פון אַ צווייטס האָט זיך דערהערט אַ ברומען. איבערן לויכטנדיקן זאַמד, אין דער טונקעלער בלוי פון פריען אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פויזן אויף קני, אַ קריכן אויף אַלע פיר. באַזונדערע גרופּקעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן מישן. פון קליינע געזעמלען זיינען געוואָרן גרעסערע קרייזן און, אין שטילן אָוונט האָבן אויפגעקלונגען לידער.

אויך ביי סאַראַ און פעליקס און מאָטל זיינען וויין פלעשער געוואָרן לער. און אַז פלעשער ווערן לער, ווערט דאָס האַרץ פול מיט געזאַנג. האָבן אַנדערע געמוזט אויפהערן. אַז סאַראַ זינגט מוזן אַנדערע שווייגן! סאַראַן מוז מען הערן! סאַראַ זינגט נישט בלויז! איר געזאַנג איז אַ געלייטערט ברומען, וואָס צעוויגט זיך אין אַ נישטדאָ־איקער, אין אַזאַ נאָגנדער מעלאָדיע, ווי זי וואָלט געקלאָגט אין געזאַנג, אָדער געזונגען אין איר קלאָגען. און נישט קיין ספּעציעלע מעלאָדיעס מוז סאַראַ פאַר דעם האָבן. יעדערס ליד, יעדער ניגון, וואָס סאַראַ נעמט, האָט ביי איר אָט דעם קלאָגנדען, דעם בעטנדען אונטערטאָן, דעם טאָן וואָס דערציילט פון חרובע וועלטן, צובראָכענע, וואָס וויינען נאָך אַ תּיקון.

פּונקט ווי אין די תּל אביבער קאַפעען, האָבן אויך דאָ די אַנדערע קופּקעלעך אָנגעהויבן שטילער ווערן און זיך איינהאָרכן אַהער, צו סאַראַ. דערנאָך האָבן פון אַלע זייטן שאָטנס גענומען פויזן אַהער. דער קרייז אַרום סאַראַ איז געוואַקסן. מאָטל, ווי זיין שטייגער, האָט זיך

גענומען פֿאַרען און באַדינען די געסט. אויף די קני איז ער אַרומ־געקראָכן איבער דער קאָלדרע, אין מיטן דעם קרייז, און אויפֿסניי גענומען אַרויסלייגן פֿון די טאָרבעס אַרויס, וואָס ער און פֿעליקס האָבן מיט אַזאַ ברייטער האַנט מיטגעקויפֿט.

עמעץ האָט צוגעבראַכט אַ קאָפּטשענדיק לעמפּל און אַוועקגעשטעלט אין מיטן, לעבן סאַראַ. דאָס שוואַרץ־רויטלעכע צינגעלע האָט זיך געבויגן אין גלעזל, געציטערט און געוואָרפֿן אַזאַ ווייטיקדיקן אָפּשײַן אויף סאַראַס ווייס געזיכט, אויף איר צעכוואַליעטן קאָפּ, וואָס איז געווען לייכט אָנגעשפּאַרט אָן פֿעליקסעס אַקסל. וואָס ווייטער אַלץ שטילער, אָבער טיפֿער און נאָגנדיקער איז געוואָרן איר געזאַנג:

פֿעליקס איז געזעסן זײַטיק, לעבן איר, מיטן פּנים אַוועק פֿון ליכט, אַ באַרוישטער. איז דאָס געווען פֿון וויַין, פֿון סאַראַס געזאַנג, אָדער גאָר פֿון דעם טיף שטילן, פֿון דעם טויט־פֿעלזיקן אַרום? ער איז נישט ווי מאָטל, פֿעליקס. ער קאָן זיך נישט פֿאַרען און באַדינען. אָט קריכט ער, מאָטל, איבער דער קאָלדרע, אויף זײַנע קני, מיט אַ פֿלאַש אין איין האַנט און אַ גלעזל אין דער אַנדערער. פֿון איינעם צום אַנדערן קריכט ער מיט דעם כּיבוד, פּונקט ווי אַן אַראַבישער חתן אין זײַן חתונה־נאַכט...

אין אַ געוויסן זין פֿילט ער טאַקע היינט אַזוי, מאָטל. דאָס וואָס סאַראַ האַלט זיך לעבן אים אַ גאַנצן טאָג, אויך דאָס וואָס זי האָט פֿאַר־נאַכט אײַנגעוויליגט זיך צו זעצן אויף זײַנע אַקסלען און לאָזן זיך פֿון אים אַרויסטראָגן פֿון צווישן די פֿעלזן, אַהער אויף דעם אינזעלע, האָט אויך געווירקט זײַן געמיט זאָל אַזוי אויפֿלויכטן!

די אָוונטיקע שעהן זײַנען דערווײַל פֿאַוואָליע דורכגעקראָכן. עס איז געוואָרן שפּעט. אַ מאַטע בלאַסקייט האָט זיך געזיפּט אַראָפּ פֿון טיף אויסגעשטערנטן הימל. דער טויטער ים, ווי אַ שטילער וואַסער־שפּיגל ביי דער זײַט, איז געלעגן ווי אַן איבערגעשניטענער ביזן גאַרטל. איין העלפֿט — בלאַס, מאַט, שפּיגלענדיק. די אַנדערע העלפֿט — טונקל, פֿאַרדעקט מיט די שאָטנס פֿון די שטיל, דרימלענדיקע פֿעלזן.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן שטילער. דער ווײַן אין מאָטלס און פֿעליקסעס פּלעשער האָט זיך אויסגענומען. אויך סאַראַס געזאַנג האָט זיך אָנגעהויבן אויסנעמען. שטיל און שטילער איז געוואָרן. אין דער שטילקייט האָט זיך דער קרייז גענומען צעקריכן. פֿון דעם איינעם גרויסן קרייז זײַנען צוריק געוואָרן קליינע צעוואָרפֿענע גרופּ־קעלעך. ווי שוואַרצע בערגעלעך זײַנען זיי געלעגן צעוואָרפֿן איבער דעם ליכטיק זאַמדיקן אינזעלע. אַ ווײַלע האָבן זיך נאָך די בערגעלעך באַ־

וועגט, געקראָכן, דערנאָך האָבן זיי זיך פאַרקליבן אונטער דעקעס און קאָלדרעס.

מאָטלס קאָלדרע איז געלעגן אָנגעהויפט, צעקנייטשט, מיט ביסלעך אָנגעטראָגן זאָמד צווישן די אויסגעליידיקטע פּאַפּירענע בייטלען און איבערגעקערטע, לערע ווייך־פלעשער. עס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרלאָזענער טיש נאָכדעם ווי די געסט האָבן אַלץ אָפּגעליידיקט און זיינען אַוועק.

סאַרא איז געבליבן זיצן ביי אַן עק קאָלדרע אַן אויסגעשעפּטע. דאָס זינגען, די גרויסע היץ אַ גאַנצן טאָג, דאָס קריכן קעגן שטראָם אין טייכל, צווישן די פעלזן האָט אויסגענומען איר יעדער ביסל כח. אַ מידע איז זי איצט געזעסן אָנגעשפּאַרט אַן מאָטלס אַקסל. אירע אויגן זיינען געווען האַלב צוגעמאַכט, ווי אין אַ לייכטן דרימל. זי האָט גאַרנישט באַמערקט, ווען דער עולם האָט זיך גענומען צעקריכן. זי האָט אויך נישט באַמערקט ווי פעליקס האָט גענומען דאָס קאָפּטשעגדיקע לעמפּל פון לעבן איר און איז אויך ערגעץ אַוועקגעקראָכן.

אין דער אַנדערער זייט, לעבן איינס פון די טונקעלע בערגעלעך, איז ער איצט געלעגן, פעליקס. עפּעס איז ער יאָ געווען צוגעטוליעט צו דעם בערגעלע מענטשן און דאָך געווען אַליין, אָפּגעזונדערט, אויף דעם הוילן זאָמד. קיינער פון די אַנדרימלטע מענטשן לעבן אים האָט זיכער קיין אַנונג פון אים נישט געהאַט.

מיטן פּנים אַרויף, צום אויסגעשטערנטן הימל איז ער געלעגן, פעליקס, זייער אַ טרויעריקער. אין זיינע אויערן איז נאָך געשטאַנען דער געטומל פון דעם גאַנצן עולם אַרום מאָטלס פלאַש און גלעזל. דאָס צוקנדיקע געזאַנג, סאַראס, האָט נאָך געפלאַטערט אין דער טויטער שטילקייט פון די שאָטנדיקע פעלזן. זיין אויער איז עפּעס איצט געווען ווייטיקדיק וואָך צו יעדן שאָרך וואָס איז געקומען פון דעם וויטסטן בערגעלע פון אונטער אַ קאָלדרע אפער.

פּלוצים, אינמיטן דעם וואַכן האָרכן, האָט ער דערהערט סאַראס קול. דין און שטיל האָט עס זיך געשניטן, דאָס קול, דורך דער טונקל בלויער שטילקייט צו זיין אויער:

— פעליקס! פעליקס!

פעליקס האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט ווי פון אַ טיפן מעסער־שניט. ער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. אַ ווײַלע איז געווען שטיל. דערנאָך ווידער:

— פעליקס! פעליקס!

פעליקס האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ אין יענער זייט אַריין. ער האָט געזען ווי ביידע, סאַרא און מאָטל, שטעלן זיך דאָרטן אויף און נעמען מיט די בליקן אים זוכן צווישן די אויסגעלייגטע קופּקעלעך מענטשן. ווען ער בלייבט אַזוי ליגן איינגעקאָרטשעט וואָלטן זיי אים בשום אופן נישט געקאָנט געפינען. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ביי זיך פועלן צו שטערן זייער רו, זייער ביסל פרייד.

פעליקס האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען זיי אַנטקעגן גיין. ביידע זיינען אים באַפאַלן מיט אַ טענה:

— וואָס הייסט ער וועט זיך וואַלגערן אַליין אין זאַמד, אפילו אָן אַ שטיקל דעקע?

פעליקס האָט זיך ביי זיי געבעטן:

— וואָס אַרט עס זיי? עס איז דאָך וואַרעם. אדרבה, ער וויל זיין אַליין. די שטערן בלינצלען אַזוי וואונדערלעך. די פעלזן באָדן זיך אין אַזאַ בלאַס־מאַטער בלויקייט. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דער עיקר האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין מאָטלס צודרינגלעכקייט.

פעליקסן איז געווען פיינלעך דאָס מוזן זיך צולייגן לעבן זיי ביידע. ער קאָן זיך — ער קאָן אויך סאַראַן... חוץ דעם, פון פאַרנאַכט אָן האָט ער עפּעס אַ טונקל געפיל אַז מאָטל פּלאָנט דאָ עפּעס. מאָטלס טויט און רויט ווערן יענעם פאַרנאַכט, ווען סאַרא האָט אויף איר שטייגער געטאָן אַ פלאַץ אַרויס ער זאָל מיטפאָרן אויף דעם „טיול", אַט דאָס טויט און רויט ווערן שטייט איצט פעליקסן כסדר פאַר די אויגן. דעריבער האָט ער איצט געוואָלט זיין וואָס ווייטער אַוועק פון סאַראַן, בפרט ווען מאָטל איז דאָ דערביי. אָבער ביישטיין איצט סאַראַן און מאָטלען צוזאַמען, האָט ער נישט געקאָנט. און, אפשר, האָט ער טאַקע נישט געקאָנט ביישטיין זיך אַליין? וואַרעם טיף אין האַרץ אַהנט ער, פעליקס, אַז זיין געדריקטקייט, זיין טרויעריק געמיט, זיין פריערדיק זיך אַוועקגנבענען איז נאָר ווייל ער וויל זיין לעבן איר, סאַראַן.

מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער קאָלדרע, לעבן מאָטלען. ער האָט דאָס געטאָן בכיוון, פעליקס. מאָטל אָבער האָט זיך געהאַט זיין אויסרעכענונג. ער האָט געשמייכלט אומשולדיק:

— פון ווען אָן טאָר ער זיך דאָס נישט צורירן צו סאַראַן? פון ווען אָן איז דאָס סאַרא געוואָרן גאָר זיין, מאָטלס, אייגנטום?....

מיט דעם זעלבן אומשולדיקן שמייכעלע האָט זיך מאָטל איבערגערוקט, אַזוי, אַז סאַרא איז אויסגעקומען אין דער מיט, צווישן אים און פעליקסן.

סארא האָט דאָ אויך דערפילט אַז מאָטל שפּילט עפּעס אַ שפּיל. זי האָט זיך צוגעטוליעט לעבן אים. זאָל ער שפּילן! וואָס? ווער ווייסט? זי ווייסט נאָר אַז ווען זי וועט דאַרפן אַ צי טאָן דעם קנויל, וועט זיך דער פאָדעם מוזן אַ וויקל טאָן אין איר זייט אַריין. זי דאַרף נאָר זיין וואַך און אויפן אָרט!

סארא האָט אַרומגענומען מאָטלען. פעליקסן, לעבן איר רוקן, האָט זי נישט געקאָנט, לחלוטין נישט געקאָנט! אַ שטראָם צערטלעכע לאַסקעס האָט זיך ביי איר געעפנט און זי איז געווען פריי־געביק מיט זיי צו מאָטלען... איז דאָס געווען דער ווין? צו די עקזאַלטירטקייט פון אייגענעם געזאַנג? איז דאָס געווען די וואונדערלעך בלאַסע נאַכט מיט די מיליאָנען פינקלענדע שטערן איבערן קאָפּ, מיט דעם שלאָפּענדן, האַלב שאָטן האַלב בליאַסקנדיקן ים, וואָס איז געלעגן ביי איר זייט, צופוסנס פון די מעכטיקע פעלזן? איז דאָס געווען דער סוד פון דעם שטראָם צערטלעכקייט? אָדער איז דאָס געווען אַ פּשוט, ווייבעריש־כיטרע צוריקשפּיל?... פון איין זייט אַרויסצורופן אין פעליקסן דאָס גיפטיקע ווערימל פון אייפערזיכט; פון דער צווייטער זייט אַביסל צו פאַרוויגן מאָטלען ער זאָל נישט זען, אָדער אפשר גראָד ער זאָל יאָ זען און אַזוי אַרום זיין געצוואונגען צו רעאַגירן שאַרף, אַט אַזוי ווי אַ מאַן מיט כח דאַרף רעאַגירן!

סיי ווי, סארא האָט איצט געקושט מאָטלען אַזוי פריי, אים געצערטלט אַזוי אָפן, גלייך קיינער וואָלט איר ביי דער זייט נישט געלעגן...

פעליקסן האָט סאראס נאָכגעלאָזנקייט צו מאָטלען אַ ברי געטאָן. שטיל אָבער מיט רוגזה האָט ער זיך געטאָן אַ דריי אויס מיט דער פּלייצע צו איר. זאָל ער שוין בעסער קוקן צום אָפענעם ים, ווי די שאָטנס פון די בערג קריכן איבער אים ווי מעכטיקע, מאָנסטערהאַפטע שפּינען!

סארא האָט דערפילט פעליקסעס רוגזה. פאַרדראָסן? ניין! עס האָט איר גראָד געפרייט זיין אומרו! זאָל ער אויך אויפגעטרייסלט ווערן! שטענדיק דאָכט זיך בלייבט ער רואיק. וויפיל זי קאָן אים נישט, פעליקסן, מיט ווענען זי האָט געהאַט אַזעלכע וואונדערלעכע איבערלעבונגען, קאָן זי אים דאַכט זיך נאָך אַלץ נישט. קומט ער דאָס אַלעמאָל ווידער צוריק צו איר בלויז ווייל ער וויל נאָך האָבן מיט איר אַזעלכע איבערלעבונגען? בשום אופן קאָן זי נישט שלום מאַכן מיט אָט דעם געדאַנק. עס וואָלט געווען פאַר איר צו פּיינלעך ער זאָל בלויז דאָס אויסן זיין, ער זאָל פאַר איר מער גאָרנישט האָבן, קיין פונק פון ליבע נישט? אויב ווידער יאָ, פאַרוואָסזשע ציט ער נישט

די נויטיקע שלוסן ?... איז עס ווייל זי האָט אין אַ לייכטזיניקן מאָמענט אַריינגעוויקלט מאַטלען און ער קאָן נישט איבער מאַטלען אַריבער ?...

סאַרא האָט אַלץ פעסטער געדריקט מאַטלען צו זיך, אַלץ ליידנ־שאַפטלעכער אים געקושט, אין דער זעלבער צייט האָט איר פלייצע געהיט יעדן אומרואיקן קער פון פעליקסן.

מאַטל דאַגעגן איז געלעגן אין אירע אָרעמס רואיק און מיט פאַרשלאָסענע אויגן. עס האָבן אים נישט גערירט אירע קושן. ער האָט נישט געענטפערט אויף זיי. ער האָט צוגענומען סאַראַס לאַסקעס גלייך ער אַליין וואָלט געווען פון שטיין. עס קאָן זיין, ווען לעבן סאַראַס פלייצע וואָלט נישט געלעגן פעליקס, אָט דער פעליקס... וואָלט ער דעם שטראָם אירן נישט אויסגעהאַלטן. זי וואָלט אים זיכער צעשמאָלצן. איצט אָבער האָט ער געהאַט כח גענוג דאָס איבער־צוהאַלטן און לאָזן די קנויל פון שפיל זיך וויקלען.

יענע מינוטן האָבן זיך פאַר מאַטלען געצויגן לאַנג. נאָך לענגער — פאַר סאַראַן! זי האָט זיך גוט איינגעהערט צו אים. ער שלאָפט דאַכט זיך אין אירע אָרעמס אַזוי געשמאַק ווי אַ פּיצל קינד ביי דער מוטערס ברוסט. אויך פעליקס ליגט איינגעקנוילט לעבן איר פלייצע אָן אַ שאָרך. שלאָפט ער?

זי האָט פּאַוואָליע אפּער גענומען אירע אָרעמס פון אונטער מאַטלס קאָפּ. אַ רגע האָט זי געקוקט אויף זיין באַרואיקט פּנים. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעצויגן אויף דער פלייצע, מיטן פּנים אַרויף.

אַלץ אַרום איז דאַכט זיך איינגעזונקען אין אַ טיפן שלאָף. מען הערט נישט קיין שאָרך פון קיינעם. די קאַפּטשענדיקע לעמפלעך שטייען צעשטעלט, איינזאַם, אָן אַ באַהעפטונג, פּונקט ווי זי. זייערע קליינע פלעמלעך צאַפּלען זיך פּונקט ווי איר האַרץ. זאָל זי? שלאָפט ער?...

זי האָט זיך פּאַוואָליע אויסגעדרייט צו פעליקסן. איר אונטער־געהויבענער קאָפּ האָט געקוקט אויף זיין האַלבן פּראָפיל, אויף דעם פאַרמאַכטן אויג, אויף דעם לאָק, וואָס איז אים אַראָפּגעפאַלן אומ־געשטערט אויף דער בלאַסער נאָז אַרויף. דערנאָך האָט זי זיך צוגע־בויגן נענטער און אים געגעבן אַ קוש אויף די האַלב אָפענע ליפּן.

פעליקס איז, ווייזט אויס, גאָרנישט געשלאָפן. ער האָט בכיוון געהאַלטן צו די אויגן אַזוי לאַנג ווי זי האָט בלויז געקוקט אויף אים. אָבער גלייך ווי אירע ליפּן האָבן באַרירט זיינע האָט ער געעפנט די אויגן אַזוי ברייט, ווי נאָך קיינמאָל נישט! עס איז געווען מער

ווי דערשטוינונג אין זיין בליק. אויף אַזאַ וואָגן האָט ער זיך נישט געריכט

סאַראַ האָט אַ שמייכל געטאָן. איר בלאַס פּנים האָט איבער אים געלויכטן אין דער טונקל. די וואונדערלעכע, כוואַליעדיק־זיידענע האָר האָבן אים געפּלאָנטערט איבער דעם פּנים כאָטש קיין אָטעם פון קיין ווינטל איז נישט געווען. נאָר אפשר איז דאָס געווען זיין, פעליקסעס הייסער אָטעם, וואָס האָט די ליכטיקע האָר אירע געמאַכט אַזוי פּלאָנטערן?

קוקנדיק אויף סאַראַן, ווי זי שמייכלט אַריבערגעבויגן איבער אים, איז פעליקסן דורכגעפלויגן אַ געדאַנק עפּעס וועגן ליב, נישט ליב... מאָטל, אָט ליגט ער דאָ, שלאָפט ער? שלאָפט ער נישט?... אָבער סאַראַ האָט אים באַלד איבערגעריסן דעם דינעם געדאַנקן פאָדעם. מיט דעם גאַנצן פייער אירן, מיט דעם גאַנצן דורשט, וואָס זי האָט לעצטנס אונטערדריקט צוליב זיין דערווייטערן זיך פון איר, האָט זי זיך איינגעביסן אין זיינע ליפּן. איר גאַנץ אומגעצאַמט וועזן האָט זיך איצט צעפלאַמט און אָנגעצונדן אַלע ווענטלעך, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט צווישן איר און זיך. איינס נאָך איינס זיינען זיי אומגעפאַלן, די שטערונגען, די אָפּהאַלטענישן, די ספיקות זיינע...

מאָטל, די גאַנצע צייט וואָס סאַראַ האָט אים געהאַלטן אין אירע אָרעמס און אים פאַרדעקט מיט אירע לאָקסעס, איז גאָר געווען וואַך. ער האָט געוואוסט אַז די אַלע צערטלעכקייטן זיינען נישט פאַר אים. אַז דאָס איז בלויז געווען אים זיס צו פאַרוויגן, אים איינצושלעפן... ער ווייסט אַז סאַראַ האָט ליב פעליקסן. וואָס ער וויל זיך אָבער איצט דערוויסן, איז פעליקסעס באַציאונג צו איר. אין אָנהויב האָט ער טאַקע גענומען גלויבן אַז פעליקס איז גאָרנישט אויסן. לעצטנס האָט ער אָבער פאַרלוירן דעם גלויבן! עפּעס געפעלט אים נישט פעליקסעס האַלטונג... וואָלט פעליקס געהאַט די דרייסטקייט צו זאָגן: „מאָטל, איך האָב ליב סאַראַן!" ווי דאָס וואָלט מאָטלען נישט וויי געטאָן, וואָלט ער דאָך דאָס אויפגענומען ווי זיין גורל. ער ווייסט נישט ווי ער וואָלט אין אַזאַ פאַל געהאַנדלט! ער וואָלט אָבער געוואוסט וואו ער געפינט זיך, וואו ער האַלט אין זיין לעבן! דעריבער האָט ער דאָס אַליין צוגערעדט פעליקסן ער זאָל מיטפאָרן, דעריבער אויך די איצטיקע פאַרטייעטקייט, דאָס מאַכן זיך שלאָפן. אַליין וויל ער זען ווי וועט פעליקס האַנדלען. סאַראַן קאָן ער! ער ווייס אַז זי קאָן ליב האָבן פעליקסן, אים קושן אין זיין אַנוועזנהייט. סאַראַ האָט פיינט צו גנבענען! דאָס ווייסט ער. וועט

אָבער פעליקס וואָגן צו גנבֿענען הינטער זיינע פּלייצעס? איצט? נאָך דעם ווי ער איז מיט אים געוואָרן אַזוי נאָענט? נאָך יענעם האַרציק־אויפריכטיקן צעקושן זיך?

מאָטלס בלוט האָט געגומען זידן. מיט דער פּלייצע האָט ער געזען ווי פעליקסעס אָרעמס וויקלען זיך אַרום סאַראַס ווייסן האַלדז. ער האָט געהערט דאָס וווייטיקדיקע אויפלעזן זיך פון זייערע ביידענס איינגעהאַלטענע ליידנשאַפטן. זייער דריקן זיך איינער צום אַנדערן, נענטער, נענטער... איך גאָט ווייסט ווי ער האָט געוואָלט מיט אַלע זיינע כוחות באַצוואונגען דאָס בלוט־זידעניש, זיינס. ווי ער האָט געדריקט די צונויפגעקראַמפּטע פויסטן צו זיך, צו זיך, אין אייגענעם בויך אַריין! ווי ער האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן די ציין און ליפּן אַלץ זאָל בלייבן ביי אים, ביי אים אין קעל! וואָס האָט ער אָבער געזאָלט טאָן, אַז דאָס זידן איז געווען שטאַרקער פון אים, מעכטיקער פון זיין ווילן? עפּעס אַ פרעמד קול, אַ פאַרשטיקטס, האָט זיך דאָך דורכגעריסן דורך זיינע פאַרשטשעמעטע ציין:

— אוי!

דאָס איז זיכער געווען מער דערשטיקטער קרעכץ ווי פרייגעלאָזי־טער געשריי. אָבער פעליקסן און סאַראַן, אין זייער ליידנשאַפטלעכער הינגעריסנקייט, ווען זיי האָבן כמעט געהאַט פאַרגעסן אַז דערלעבן ליגט מאָטל, זיי האָט דער „אוי" געטראָפן מיט אַזאַ שאַרפקייט, ווי אַ פּלוצימדיק מעסער אין די זייטן.

סאַראַ איז געבליבן עפּעס ווי אין דער לופט, נישט ליגנדיק, נישט זיצנדיק, עפּעס נישט צו מאָטלען און אויך נישט צו פעליקסן. פעליקס דאַגעגן, האָט זיך אימפּעטדיק געטאָן אַ זעץ אויף. אָבער נאָך גיכער פון אים איז מאָטל געטאָן אַ שפּרונג אויף. פונקט ווי אַ שאַרף שפּרינג־מעסער איז ער אויפגעשפּרונגען!

לויט מאָטלס שפּרונג איז סאַראַ געווען זיכער אַז אפילו ער, מאָטל, איז איצט פעאיק זיך צו וואַרפן אויף פעליקסן מיט ציין און נעגל, ווי אַ צערייצטער טיגער. זי האָט דעריבער געטאָן אַ שפּרונג אַריין אין צווישן ווי אַ וואַנט. מיט איר גאַנץ געוויכט האָט זי זיך געטאָן אַ הענג אָן אין מאָטלס האַלדז, אַרומגעכאַפּט זיינע אויפגעביילטע פויסטן און זיי פאַרשטעלט מיט איר ברוסט.

מאָטל האָט זיך דערפילט אוממעכטיק. דער גאַנצער כעס, דער גאַנצער האַס, וואָס האָט געזאָלט געפינען אַ וועג דורך זיינע פויסטן, האָט זיך איצט אַ שפּאַר געטאָן דורך דער קעל. ער האָט אָנגעהויבן רעוון:

— אַוועק, איך האַרגע דיך!

עפּעס אַ מין אומבאַהאַלפנקייט איז געווען אין זיין רעווען. דאָס איז געווען גיכער אַ וואָיען פון אַ פאַרוואונדיקטע חיה וועמען מען לאָזט אפילו נישט אַרומלעקן די אייגענע וואונד...

פעליקס איז געוואָרן אַזוי צעטומלט אַז ער האָט זיך פאַרגעסן אויפצושטעלן. ער האָט נישט געוואוסט צו וועמען שרייט דאָס מאָטל איצט? וועמען הייסט ער גיין? וועמען וויל ער האַרגענען? אים וויל ער דערהאַרגענען? אָדער גאָר סאראן, וואָס האָט זיך געוואָרפן מיט איר גאַנצן כח און לאָזט אים נישט צענעמען די הענט!

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, פעליקס. אין זיין מוראדיקער פאַר־לוירנקייט האָט ער דאָך געדענקט אָן די שלאָפנדיקע קופּקעלעך מענטשן, אָן דער גרויסער בושה וואָס דאָ שטייט פאַר פאַר אַלע דריי. פון טייל קופּקעלעך האָבן זיך טאַקע געהויבן קעפּ, געקוקט אין דער מאַטער בלויקייט, געזען ווי עפּעס שאָטנס באַרען זיך דאָרטן, אָמפּערן זיך, נאָר אַז מער קיין קלאַנג האָט מען נישט געהערט, האָבן זיי צוריקגעלייגט די קעפּ גלייך גאָרנישט!

מאָטל, אין סאראס אָרעמס, איז געוואָרן ווייך, שלאַבעריק. די קני האָבן זיך אים אָנגעהויבן זעצן. פון מויל האָט אָנגעהויבן גיין אַ פרישע שטראָמעלע ווייסער שוים. סארא האָט אים אָראָפּגעזעצט אויף דער קאָלדרע, אים אומגעלייגט. אין דער זעלבער צייט האָט זי הינטערוויילעכס אַ רעד געטאָן צו פעליקסן:

— פעליקס, גיי אַוועק! איך בעט דיך, גיי איצט אַוועק!

פעליקס האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. איצט וועט ער אָפּטרעטן? ווער איז ער דען? עפּעס איינער, וואָס האָט נישט דעם כח בייצושטיין זיינע טאָוונגען? איינמאָל האָט ער שוין איבערגעלעבט די בושה און די פּייניקונג פון אַוועקגיין, אַוועקגיין ווי עפּעס אַן אויס־וואורף? ניין! איצט וועט ער נישט גיין! אפילו ער זאָל דאַרפן מיט אייגן בלוט באַצאָלן, אפילו ער זאָל דאַרפן אויסשטיין די גאַנצע חרפּה פון שלאָגן זיך מיט אַ פריינט, מיט וועמען ער האָט נאָרוואָס געטיילט זיין ווייך און געגעסן זיין ברויט. ניין! דאָס מאָל וועט ער גראָדביישטיין זיינע טאָטן!

ער איז אויפגעשטאַנען און דרייסט צוגעגאַנגען צו מאָטלען. יענער איז געלעגן אויסגעצויגן נאַזנאַק, פאַרחלשט, מיט פאַרמאַכטע אויגן. ווען פעליקס האָט זיך איבער אים איבערגעבויגן און אים גענומען מינטערן, האָט ער געעפנט די אויגן, געטאָן עפּעס אַ ברום און זיי ווידער פאַרמאַכט.

פעליקס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני לעבן מאָטלס קאָפּ. סאַראַ האָט געקניט אין דער אַנדערער זײַט. זייערע בײדע קעפּ האָבן זיך אָנגעקוקט. פעליקס האָט איצט געקאָנט אַראָפּלייענען די צופרידנ־קייט פון סאַראַס פּנים וואָס ער איז נישט אָוועק אויסהיטן די אײגענע פעל, נאָר זיצט מיט איר ווי אַ דרייסטער מאַן און וואַרט ביז מאָטל וועט קומען צו זיך, ווען ער וועט אים קאָנען באַגעגענען פּנים אל פּנים...

פעליקס האָט אָוועקגענומען זײַנע אויגן. נישט ווײַל ער האָט נישט געקאָנט קוקן אויף סאַראַן. אדרבה! קײנמאָל נאָך האָט איר פּנים נישט אַזוי געלויכטן ווי איצט אין דעם מאָסן־שײַן פון דער נאַכט. ער האָט נישט געקוקט אויף איר ווײַל ער האָט געהיט מאָטלס אָטעם, טאָמער דאַרף מען אים אויפּסנײַ מינטערן.

ביסלעכווײַז איז מאָטל געקומען צו זיך. ער האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט געזען פעליקסן, געקוקט אויף אים אַזוי רחמנותדיק מיט זײַנע פּיכט־שעפּסענע אויגן. קײן טראָפּן פון פריערדיקן גאַל איז מער אין זײ ניט געווען. דערנאָך האָט ער געקוקט אויף סאַראַן. זי האָט זײַן בליק נישט אויסגעהאַלטן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויף אירע הענט, וואָס האָבן אַזוי וואונדערלעך אַרויסגעלויכטן פון איר שויס.

סאַראַס אָוועקנעמען די אויגן האָט מאָטלען ווידער אָנגעצונדן. „די דרײסטע, די ערלעכע, זי קאָן אפילו זײַן בליק נישט פאַרנעמען!״ ער האָט זיך געטאָן אַ ריס. סאַראַ, צוליבן זיצן אַזוי נאָענט לעבן אים, איז אַזש געפאַלן מיטן קאָפּ הינטערווײַלעכטס. אָוועקגייענדיק האָט ער אויף איר אַ שליידער געטאָן אַ זאָג גלײַך ער וואָלט מיט דער גאַנצער גאַל זײַנער אויף איר אַ שפּײַ געטאָן:

— בינינו הכול נגמר!...

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

אָט איז אַ מענטש אין אַן אָפענער וועלט. דער הימל — אַזוי ברײט. די שטערן — אַזוי פול. דאָך איז ער אין קלעם! נישטאָ וואו צו גײן. געפינסט זיך אין אַ קלײנעם, באַשרענקטן קרײַז און, דאָ ליג!

ווען מאָטל האָט זיך אַ ריס געטאָן פון סאַראַ און פעליקסן, ווען ער האָט איר דעם לעצטן שליידער געטאָן: „בינינו הכול נגמר״, האָט זיך אים געדאַכט אַז איצט לויפט ער. איצט וועט ער אַנטלויפן וואו די

וועלט האָט אַן עק. אַוועק פון איר, אַוועק פון אים, פון זיך אַליין וועט ער איצט אַוועק!

אָבער נאָך די ערשטע עטלעכע טריט האָט ער געמוזט בלייבן שטיין. וואו וועט ער לויפן? פון איין זייט — דער טויטער ים אין גרויען גליוועך, פון דער אַנדערער — מעכטיקע פעלזן, טונקלע, מיט אַ לויערנדן פּחד אין זייערע היילן.

וואו וועט ער לויפן? די צעשטעלטע נאַפט־לעמפּלעך אַרום דעם זאַמדיקן אינזעלע זיינען איצט אַ גרויליקער גרענעץ. זיי זיינען איצט העכער פון די מעכטיקסטע ווענט. ער קאָן זיי נישט אַריבער!

אַנמעכטיק האָט ער געטאָן אַ פאַל אין זאַמד אַריין, מאַטל. אַליין איז ער איצט צווישן די אַלע קופּקעלעך, וואָס טוליען זיך אונטער הימלעכע דעקעס. איינער אַליין, מיט אַ רויטלעך, שוואַרץ־קאַפּטשנ־דיק לעמפּל צוקאָפּנס; באַרפיס, אין די בלויזע הויזן, מיט איין העמד אויפן לייב, און דאָס האַרץ וויינט, וויינט אַזוי יאָמערלעך אין עלענדן זאַמד אַריין.

מאַטלס אַנטלויפן, זיין אַוועקרייסן זיך פון פעליקסן און סאַראַן, איז דאַכט זיך געווען אַזוי נאַטירלעך, אָבער דאָך — אַזוי פיינלעך! אויפן מאָמענט האָט סאַרא געוואָלט מיטלויפן, אים צוריקהאַלטן. דאָס מוטער־געפיל האָט זי אַ טרייב געטאָן: פון אַלע זייטן לויערט געפאַר! יעדער שפּאַן אַריבער דעם לאָמפּן קרייז, קאָן מיינען טויט פון אַן אומגעזען מעסער, אָדער פון פּלוצים אויפגעשטשירעטע חיהשע ציין. חוץ דעם: ער איז נאַקעט, מאַטל. די נאַכט איז אפילו אַ וואַרעמע, אָבער דאָך? אויך די שפּייז איז געבליבן דאָ, ביי זיי.

אָבער פעליקס האָט זי נישט געלאָזט. אינסטינקטיוו האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן סאַראַן. ער האָט זי נישט געלאָזט אַ טראָט שטעלן אַוועק פון זיך. דאָס איז געווען ס׳ערשטע מאָל, זינט זי קען אים, ער זאָל אַזוי דעצידירנד רעאַגירן.

כאָטש זי האָט געהאַט אַ וואונדערלעך געפיל, סאַרא, פון דעם וואָס פעליקס זיצט דאָ לעבן איר, האָט אָבער די פּיין גענאָגט. זי האָט זיך געפילט שולדיק. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז זי געזעסן און נישט געוואָגט קוקן נישט אויף פעליקסן לעבן זיך און נישט אַריבער אַהין, אין יענער זייט אַריין, וואו מאַטל איז אַזוי געטאָן אַ פאַל ווי אַ קנויל אין זאַמד אַריין.

פעליקס האָט פון אַ ווינקל אויג דאָס אַלץ געזען. נאָך מער האָט ער עס געפילט. אויך ער איז געווען דערשלאָגן. מאַטלס ליידן, זיין ליגן דאָרט אַליין, האָט פעליקסן קיין רו נישט געגעבן. ער האָט

געטראַכט צוצוגיין אַהין. אויב נישט כדי מאַטלען אַהערצוברענגען, איז כאַטש כדי אים צו באַרואיקן, און, אים אַהין באַזאָרגן דאָס אַנטון. ער איז אָבער נישט געגאַנגען. ער האָט איצט נישט געוואָגט זיך צו דערנענטערן צו מאַטלען, אים אַנצורירן.

אַנשטאָט דעם האָט ער הינטערוויילעכס אַרומגענומען סאַראַס קאָפּ, זי צוגעצויגן צו זיך, געקוקט איר אין בלייכן פּנים. סאַרא האָט גיך פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט אָבער באַוויזן צו זען די צווי גרויסע טרערן, וואָס האָבן אַ בליאַסק אויף געטאָן אונטער דעם מאַטן שטערן ליכט. ער האָט זי געדריקט צו זיך, איר אַ לייכטן קוש געטאָן אויף די ליפּן פון וואָס סאַראַס גאַנצער קערפּער האָט אַ קאַנוואולסיוון ציטער געטאָן.

די נאַכט האָט זיך געצויגן פּיינלעך לאַנג. פאַר שעהן איז פעליקס געלעגן אַן אַ וואָרט לעבן סאַראַן אַ וואַכער, מיט אָפענע אויגן אַרויף, צו די שטערן, וואָס גליען דאָ אַזוי פיל און אַזוי גרויס. ווי וואונדערלעך שטיל עס איז דאָ. די פעלזן אַרום האָרבן זיך אַזוי מעכטיק! אין שלאָפנדיקן וואַסער שטייט די שיף אַן אויסגעלאָשענע, ווי אַ שאָטן מיט צעפלאָסענע, ווייכע קאָנטורן. אין לאָמפּן־קרייז, אויפן זאַמד, ליגן די שלאָפנדיקע קופּקעלעך צונויפגעטוליעט און האָבן גאָר קיין אַנונג נישט פון דעם, וואָס לעבן זיי איז פאָרגעקומען. און ער אַליין, פעליקס, האָט ער פאַרדרוס אויף דעם אַלעם?

ער האָט ווידער צוגעצויגן סאַראַן צו זיך. ס׳ערשטע מאָל, זינט ער האָט זי דערקענט, האָט ער ערשט איצט דאָ דערפילט אַז ער האָט זי ליב, די בלאָנדע, פלאַטערנדיקע סאַרא.

אויף דער אויסגעלאָשענער שיף, אין דער טונקל־בלויער ווייט, האָט זיך אַנגעצונדן אַ קליין פייערל. אַ שאָטן האָט זיך דאָרט גענומען באַוועגן מיט דעם פייערל הין און צוריק. דערנאָך האָט דער שאָטן מיט דעם פייערל זיך גענומען דראַפּן אַראָפּ פון שיף. עס האָט זיך געדאַכט ווי אונטן, אויפן סאַמע וואַסער־פלאַך, האָט ער דאָס פייערל אַנגעהאָנגען. דערנאָך האָט דאָס פייערל גענומען שווימען, שווימען אַלץ נענטער און נענטער צום ברעג. נאָענט שוין, נישט ווייט פון דעם אַרומגעצאַמטן שלאָפנדיקן אינזעלע, האָט זיך דער שאָטן אויפגעשטעלט און צוגעקראָכן אַהער.

מיט זיין צוקומען אַהער איז דאָ געוואָרן אַ גערודער. קעפּ פון אונטער קאָלדרעס האָבן אָפּער געגלאָצט, געגענעצט און גענומען זיך אויפשטעלן. פון אַלע זייטן האָבן זיך גענומען באַוועגן שאָטנס, געצויגן אויף זיך אַרויף זאַכן, גענומען די קאָלדרעס מיט די וואַליזקע־

לעך און באַרפיסערהייט, מיט די שיך אין די הענט זיך געלאָזט אין וואַסער אַריין צום קליינעם לאַדקעלע, וואָס איז געבליבן שטיין מיט דעם פייער־אויגל, גרייט זיי צו פירן צוריק צו דער שיף.

אויך פעליקס און סאַרא זיינען אויפגעשטאַנען. פעליקס האָט אויסגעשאָקלט די דעקע פון דעם אָנגעטראָגענעם זאַמד. ער האָט צונויפגעלייגט די זאַכן. דערנאָך זיינען ביידע געבליבן שטיין. וואָס טוט מען איצט? אַלץ איז גרייט. און מאָטל? זיי האָבן געוואַרט. זיי האָבן געמיינט מאָטל וועט צוקומען. כאָטש נאָך זיינע זאַכן צוקומען. ער קאָן דאָך נישט אָט אַזוי אַ, נאַקעט כמעט, זיך ווייזן אויף דער שיף פאַר די אַלע מענטשן!

מאָטל אָבער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. פונקט ווי ער איז, מיט שעהן פריער, דאָ אַוועקגעפאַלן אין זאַמד אַריין, אַזוי איז ער געבליבן ליגן. ער האָט זיך נישט געוואָלט אומקוקן מער. ער האָט לחלוטין נישט געטראַכט וועגן קיין זאַכן, וועגן שפּייז, וועגן גאָרנישט!

דורך דער צייט וואָס ער איז איינער אַליין געלעגן איז ער דורכ־געגאַנגען פיינלעכע שעהן. ער האָט געהאַט נאָך איינעם פון זיינע אָנפאַלן. אָבער פונקט ווי ער איז איינגעפאַלן אָן דער וואַכזאַמקייט פון אַ געטריי אויג, אַזוי איז ער אַליין, דורך דעם אייגענעם כח צו לעבן, געקומען צוריק צו זיך. שפּעטער איז די שאַרפע, באַגנדיקע פּיין אַוועק און עס איז אַנגעשטאַנען אין אים אַ מין גלייכגילטיקייט, אַזאַ פוילקייט. דערנאָך האָט זיך אין זיין גאַנץ וועזן אַוועקגעשטעלט אַזאַ סקאַסנער „פאַרוואָס?".

פאַרוואָס? פאַרוואָס איז זי בכלל געקומען? פאַרוואָס האָט ער, פעליקס, נישט געהאַט דעם כח זי צוצונעמען באַלד, אויף דער שיף, דאָרט אין חיפה. פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט ער, פעליקס, געדאַרפט גנבענען אונטער זיין וויסן, פאַרראַטן זיין פריינטשאַפט, וואָס ער האָט אים אַזוי האַרציק אונטערגעטראָגן, נאָך מיט אַ קוש אויף די ליפּן! פאַרוואָס?

מאָטל האָט זיך אויפגעזעצט. צוליב דעם אַנגעשטאַנענעם טומל, צוליב די שאָטנס, וואָס זיינען מיט זאַמדיקע פיס געקראָכן איבער אים, האָט ער זיך געמוזט אויפזעצן. ער האָט אָבער געקוקט אויף אַלץ גלייכ־גילטיק. עס האָט אים גאָרנישט געאַרט. עס איז אים גאָרנישט איינגע־פאַלן אַז אַלע קלייבן זיך אַוועק און ער בלייבט דאָ אַליין. בלויז איין באַגער האָט ער געהאַט, אַ קליינעם באַגער: נישט צו זען מער פעליקסעס פּנים! עס איז געווען אַ מאָדנע געפיל, דאָס דאָזיקע! נישט אויס האָס צו פעליקסן האָט ער זיך מער נישט געוואָלט טרעפן מיט

אים פּנים אל פּנים. עס איז בלויז געווען צוליב בושה. ער האָט זיך געפילט דערנידריקט, פאַרשעמט, מאָטל. דאַגעגן, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן פון איר, סאַראַן, ווען נאָר איר געשטאַלט האָט זיך אים אַ שטעל געטאָן פאַר די אויגן, האָט ער דערפילט ווי אַ שטראָם, אַ כוואַליע אַ גאַנצע פון גיפט, טוט אים אַ פאַרדעק, אַזש ביז דער קעל גרייכט זי אים די גיפטיקע כוואַליע און פאַרסמט אים דאָס בלוט. אַ, ווי ער האָסט זי איצט!

מאָטל האָט אַ קוק געטאָן אין יענער זייט אַריין. דאָס גאַנצע אינזעלע איז שוין כמעט געווען לער. די לעמפּלעך מיט די שוואַכע פייערלעך זיינען געשטאַנען צעשטעלט. ס'העלע זאַמד, נאָך די אויפגעשטאַנענע מענטשן, איז געלעגן צעבערגלט און צעגריבלט. דאָ און דאָרט האָבן זיך נאָך געפּאָרעט איינציקע שאָטנס. אין גרויס איילעניש זיינען זיי געלאָפן אין וואַרעמען וואַסער זיך אַריינכאַפּן אין לאָדקעלע. בלויז צוויי, זעט ער, רירן זיך נישט פון אָרט. סאַראַן, מיט איר צעכוואַליעטן קאָפּ, זעט ער אפילו דורך דער טונקל, ווי זי שטייט דאָרטן אַ צוגעשמידטע, ווי אַ סטאַטוע. נאָר אָט האָט פעליקס גענומען גיין, זיך דערנענטערן צו איר. מאָטל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די קני. ער האָט באַהאַלטן די אויגן אין זאַמד אַריין. ער האָט אפילו נישט געוואָלט פון ווייטנס זען ווי ער דערנענטערט זיך אַהער.

פעליקס איז צוגעקומען. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער ס'לשון איז אים ממש געווען אָפּגענומען. דאָס וואָס מאָטל איז פריער אַוועק און ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצוקויפן זיינע אַלע האַנדלונגען דורך אַ קריג, אפשר גאָר דורך בלוט, איז איצט פאַר אים געווען גאָר ביטער און גאָר פּיינלעך. ער האָט זיך געפילט נידריק, פעליקס. עס איז אין אים גאַרנישט געווען פון דעם וואָס ער וואָלט באַדאַרפט פילן אַלס זיגער איבער סאַראַס האַרץ. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט עפּעס אים צו זאָגן, מאָטלען, אָדער אים צו באַרירן. אויב ער איז דאָך, נאָך לאַנגן אַמפּערן זיך מיט זיך אַליין און מיט סאַראַן דאָך געגאַנגען צו מאָטלען, איז עס געווען בלויז ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַז סאַראַ זאָל גיין. ער האָט מער נישט געוואָלט האָבן דאָס איבלדיקע געפיל פון וויסן אַז סאַראַ האָט עפּעס נאָך אַ שייכות מיט מאָטלען...

ער איז געשטאַנען אַ מינוט, פעליקס. אָן אַ וואָרט געלאָזט פאַלן די עטלעכע זאַכן, וואָס ער האָט צוגעבראַכט, לעבן מאָטלס פיס און זיך באַלד אומגעקערט צו סאַראַ.

מאַטל איז נאָך לאַנג אַזוי געזעסן. ערשט ווען דער אַראַבער האָט צוזאַמען גענומען די לעמפּלעך און אים אַ טאָרע געטאָן:

— וואָס זיצט ער נאָך איינער אַליין? איז ער אויפגעשטאַנען און אַזוי, מיט די פּאָר זאַכן אין האַנט, דער לעצטער אַריין אין קליינעם, פּייער־אויגלדיקן לאַדקעלע.

### קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

אויף די אייזערנע שטאַנגען פון מאַטאַרשיפל האָבן אַ פּאָר נאַפט־לעמפּלעך זיך אָנגעצונדן. אַ שוואַרצלעך־רויטע טונקלקייט האָט זיך צעוויגט איבער אַלעמענס קעפּ. אין דער טונקלקייט האָבן זיך מענטשן געראַיעט אין פּעק אַנטועכץ, וואָס זיי האָבן אין גרויס איילעניש אַרויפ־געבראַכט פון זאַמדבערגל.

עס איז געווען ענג. מיט די עלנבויגנס האָט זיך יעדער געזוכט צו מאַכן אַ שטיקל אָרט. מען האָט זיך געריבן אַ פּלייצע אָן אַ פּלייצע. יעדער האָט געזוכט עפּעס אַ זאַך, וואָס איז אים אין גרויס געאייל ביים צענויפּלייגן דאָס געלעגער, פאַרלוירנגעוואָרן. טייל זיינען גע־קראָכן אויף די בענק, איבער אַלעמענס קעפּ, און צעהאַנגען זאַכן, וואָס זיינען נאַס געוואָרן אין נעכטיקן טייך־בראָדזשען.

לויט דעם גערודער און ענגשאַפט האָט עס אויסגעוויזן אַז ווייניקסטנס זעקס מאָל אַזוי פיל מענטשן האָבן זיך אַרויפגעפּאַקט אויף דעם שיפל. עס וועט זיכער זיין אוממעגלעך דער גאַנצער עולם זאָל זיך דאָ קאָנען איינזעצן און זיך ווי עס איז צוריק איינאַדיען ווייטער צו פאָרן.

פעליקס איז געווען צופרידן פון דער ענגשאַפט און פון דעם טומל. בפרט איז ער געווען שטאַרק צופרידן פון די צעהאַנגענע הויזן און שטיקלעך אונטערוועש. צוליב אָט די צעהאַנגענע זאַכן, צוליב דעם וואָס דער עולם פּלאָנטערט זיך אַזוי אַרום, וועט ער פאַרשפּאָרן צו זען וואָס אין יענער זייט שיפל טוט זיך, צי איז מאַטל אַרויפגעקומען און וואָס ער טוט דאָרטן.

עס קאָן זיין, נאָך דער פריערדיקער געשעעניש אויפן זאַמדבערגל, ווען עס וואָלט געווען געקומען צו אַ געשלעג וואָלט ער איצט נישט געהאַט אַזאַ טיפן באַגער אויסצומיידן מאַטלס בליק. אפשר וואָלט ער איצט גאָר געהאַט אַ האַס־געפיל צו יענעם ווי צו אַ בלוט־שונא. יעדנפאַלס וואָלט ער נישט געהאַט דאָס דאַזיקע פּיינלעכע שולדגעפיל

וואָס עסט אים ממש אויף. ווען ער זאָל זיך באַגעגענען מיט מאָטלס בליק, פילט ער, וועט ער עס נישט אויסהאַלטן!

אויף סאַראַ, דאַגעגן, האָט דער טומלדיקער יאַריד זייער שלעכט געווירקט. זינט זי איז אַרויפגעקומען אויפן מאַטאַרשיפל, האַלט זי אין איין צוריקקוקן אַהין אויפן זאַמד־בערגל. דאָס לעצטע נאַפּטלעמפּל איז פון דאָרטן פאַרשוואונדן. דאָס לעצטע מאָל איז דאָס לאַדקעלע געקומען אַהערצושווימען. דער לעצטער שאָטן האָט זיך אַהער אַרויפגעדראַפּעט און מאָטלען זעט זי אַלץ נישט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט נעמען זיך פּלאָנטערן צווישן עולם, אָבער פעליקס האָט זי אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט:

— סאַראַ!

זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט. צוליב איר טיף שולדגעפיל און, אפשר, צוליב דעם וואָס פעליקס איז געבליבן לעבן איר און זי האָט נישט געהאַט מער נאָכוואָס זיך צו רייסן און במילא נאָכוואָס צו קעמפן, איז זי געוואָרן נאָכגעביק — ווי זי וואָלט מיט איינמאָל פאַרלוירן איר אייזערנעם ווילן. פעליקס באַהערשט זי איצט אינגאַנצן! און פעליקס וויל נישט זי זאָל גאָכאַמאָל צוגיין צו מאָטלען.

מאָטל, ביים אַרויפקומען אויף דער שיף, האָט געהאַט דאָס געפיל ווי ער וואָלט אַריינגעקראָכן אין עפּעס עקלדיקס, אין עפּעס, וואָס איז שרעקלעכער פון די טיפסטע וויטיקן. אַ וויטיק שניידט ערגעץ, קרעמפּט, דאָ אָבער פילט ער ווי ער ווערט ממש דערשטיקט! נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. נישטאָ אפילו וואו די אויגן אַהינצוטאָן. וואו ער זאָל נישט אַ קער טאָן דעם קאָפּ קאָן ער זיך אָנגעגענען מיטן בליק פון יענעם, וועמען ער האַסט נישט, אָבער האָט אַ מין איבלדיק געפיל ביים בלויזן דערמאָנען זיין נאָמען. אָדער זי, סאַראַן, וועמען ער פאַרהאַסט איצט מיט אַלע זיינע בלוטן. און מיט זיי וועט ער איצט דאַרפן פאָרן אין איין שיפל, נאָך אַזאַ קליינס, אַזאַ דערדריקנדיק ענגס! דערצו וועט זיך נאָך באַלד צעשיינען אַ זון. דאָס שיפל וועט באַגאָסן ווערן מיט ימים בלענדענדיק ליכט. אַ שפּילקע וועט מען דאָך קאָנען זען!

שרעקלעך! און נאָך שרעקלעכער וואָס די פּיין וועט אָנהאַלטן אַ גאַנצן טאָג. אַ גאַנצן טאָג אומדערטרעגלעכער גיהנום! אַ גאַנצן טאָג וועט זיך די שיף אַרומשלעפּן, זיך אָפּשטעלן אין פאַרשיידענע פלעצער, מען וועט ווידער דאַרפן אַראָפּגיין. מענטשן וועלן לאַכן, זיך פריייען, זיך ענטציקן איבער אַלעם וואָס זיי וועלן זען. און ער? וואו וועט ער זיך אַהינטאָן? וואו וועט ער באַגראָבן דעם קאָפּ? און

וואָס נאָך ערגער: ווי אַזוי וועט ער זיך אויסבאַהאַלטן פון די נייגעריקע אויגן, די ציינישע, פון די אַלע, וואָס האָבן אים נעכטן געזען אַ גאַנצן טאָג מיט סאַראַן און מיט יענעם דאָרטן?... נאָך נעכטן האָבן די דאָזיקע אויגן געוואָרפן ציינישע בליקעלעך אויף סאַראַן, וואָס פירט זיך אַרום מיט צוויי קאַוואַליערן... איצט וועט דאָס שושקעניש זיין פאַר אים גאָר אומדערטרעגלעך. און איין גאָט ווייסט אַז אפילו איצט וויל נישט מאָטל מען זאָל וואַרפן ציינישע ווערטלעך אויף סאַראַס חשבון...

די מאָטאָרן האָבן זיך צעוויגט. די שיף האָט גערירט. זי האָט ווידער אָנגעהויבן שניידן דאָס גערדיכט־אוילעקע וואַסער. אַרום האָט נאָך אַלץ געפלאַטערט די נאַכט. דער פאַרטאָג האָט נאָך געדרימלט ערגעץ צווישן די פעלזן איןביידע זייטן טויטן ים.

מאָטל האָט זיך אַריינגעפּאַקט אין אַ ווינקעלע. דער קוימען, אין מיטן שיפל, האָט אים פאַרשטעלט פון „זיי״, וואָס זיצן דאָרטן אוודאי אין יענער זייט. ער איז נישט געזעסן גלייך, מאָטל, ווי אַלע מענטשן. אויסגעדרייט, האַלב זייטיק, האָט ער געקוקט אין בלויען וואַסער אַריין, וואו דאָס קליינע לאָדקעלע מיטן לעמפּל אויף דער נאָז, שלעפּט זיך נאָך, אַן אָנגעבונדנס, ווי אַן עק נאָך עפּעס אַ גרויס באַשעפעניש.

עס האָט גענומען טאָגן. די גרין־פינקלענדע שטערן האָבן זיך גענומען לעשן. דער הימל איז געוואָרן גרוי. דערנאָך איז אָנגעשטאַנען אַ העל־רויכיקייט, וואָס איז געוואָרן מילך־ווייס, באַלד העלער, העלער ביז אַ בלענדענדע בלויקייט און באַלד האָט ערגעץ, איבער די קעפּ פון די פעלזן, זיך צעפּלאַקערט דאָס העלישע פייער פון דער זון און פאַרגאָסן דעם גאַנצן אַרום מיט בלענדנדיק ליכט אַזש עס האָט געשווינדלט אין די אויגן.

דער עולם האָט אויפסניי זיך גענומען צו די וואַליזקעלעך שפּייז. מען האָט געשיילט האַרטע אייער, געשניטן פּעניצן וואורשט מיט ברויט. אויך סאַראַ האָט געפּרואווט אַן עפּן טאָן דאָס וואַליזקעלע. זי האָט עפּעס דערלאַנגט פעליקסן, נאָר פעליקס האָט אָפּגעשטופּט איר האַנט. אויך ער איז געזעסן, פּונקט ווי מאָטל אין דער אַנדערער זייט, מיטן פּנים צום וואַסער, מיט אַ געפיל איינצושרומפּן, צו ווערן אַזוי קליין אַזש ביז פאַרשוואונדן. ער איז געזעסן איינגעהילט אין רעקל, כאָטש די זון האָט שוין געגליט. אפילו די קאַפּריזנע לאָק זיינע האָט געוואָלט איינשרומפּן, איז געוואָרן קלענער און זיך פאַררוקט צווישן די איבריקע האָר.

סאַראַ איז געשטאַנען איבער דעם צעעפנטן וואַליזקעלע, געקוקט אויף די האַלב־צעריסענע טאָרבקעלעך, וואו עס איז געווען אויסגעמישט

נאַסלעכע טרויבן און ניס, ראַזשינקעס און ברויט, נישט געעפנטע קעס־טעלעך סאַרדין און וואורשט, אַלץ אין אַזאַ מישמאַש, אין אַזאַ כאַאָס, פּונקט ווי דער כאַאָס, וואָס טוט זיך איצט אין איר קאָפּ. זי האָט אַלעווײלע געטאָן אַ בליק זײַטיק, אַוועק פון קוימען, געזען מאָטלס אַקסל, אַ האַלבן קאָפּ מיט אײן אויער. ווי עקשנותדיק ער זיצט דאָרטן מיטן פּנים צום וואַסער. זי האָט געוואָלט נעמען דאָס וואַליזקעלע און דערמיט צוגײן צו אים, ווי אַ מאַמע, אַ שלעכטע מאַמע, אָבער דאָך אַ מאַמע, און זען ער זאָל עפּעס עסן. זי און פעליקס, אויב זײ זאָלן נאָר וועלן עסן, האָבן זײ דאָך אַלץ. ער אָבער האָט דאָך גאָרנישט. און זי קאָן דאָך אים, ער וועט דאָך בײַ קײנעם גאָרנישט נעמען.

פעליקס, אין זײַן גאַנצער פּאַרטראַכטקייט, האָט דאָך געזען וואָס זי וויל דאָ טאָן. ער האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ דער זעלבער האַנט, וואָס ער האָט נאַרוואָס אַוועקגעשטופּט, ווען זי האָט אים אונטערגעטראָגן שפּײַז. און סאַראַ אַלײן האָט באַלד אײַנגעזען אַז עס וואָלט געווען ערגער. מיט איר דערנענטערן זיך צו מאָטלען וואָלט זי אַלײן אַלעם אָנגעוויזן וואָס עס איז פאָרטאָג פאָרגעקומען אויפן זאַמדבערגל... טאָמער האָבן זײ פאָרטאָג, ווען מאָטל האָט אַ ריטשע געטאָן, און זײ האָבן אויפגעהויבן די קעפּ פאַרשלאָפענע, טאָמער האָבן זײ דאָרט בלויז גע־אַהנט, וואָלטן זײ איצט געזען קלאָר, וואָס עס האָט זיך דאָרטן אָפּגע־שפּילט...

דער טאָג האָט זיך צעגליט. די שעהן זײַנען געקראָכן פּראַאַבענ־דיקע. פאַר אַלעם זײַנען דאָס געווען שעהן פון געמיטלעכן לאַנגווײַל, פון אומאויפהערלעכן עסן. פאַר פעליקסן און מאָטלען זײַנען דאָס געווען שעהן — אײביקײטן! וואָס גרעאַמער עס איז געוואָרן צווישן זײ בײדע אַלץ ענגער איז זײ געוואָרן. ממש ווי אַ רײף וואָלט זײ גע־האַלטן אײַנגעקלאַמערט און געדריקט אַזש ביזן פאַרפעלן אָטעם.

ענדלעך, אין מיטן טאָג, האָט זיך די שיף ווידער אָפּגעשטעלט. דער עולם האָט זיך געכאַפּט אָנפילן די מיטגענומענע, זעלנערישע זײַטן־פלעשלעך מיט דעם חלשותדיק וואַרעמען וואַסער. אויפן וועג קײַן סדום, איבער די טויטע, שטײנערנע פעלזן, וועט דאָס ביסל איבלדיקע וואַסער אויך זײַן אַ דערקוויקונג.

מאָטל, נישט ער האָט בײַ זיך אַ פלעשל, (דאָס מיטגענומענע איז געבליבן בײַ זײ אין וואַליזקעלע), נישט ער האָט געהאַט עפּעס אין זײַן מויל. מיד און דערשלאָגן, ווי איז דאָס גאָר פאַר זײַן כח צו נעמען אין אַזאַ פײַערדיקער היץ קלעטערן איבער די מעכטיקע פעלזן? חוץ דעם „זײ" וועלן דאָך מסתם נישט וועלן דאָ בלײַבן. „זײ" וועלן

דאָך זיכער גיין, וועט ער במילא קאָנען דאָ אויפּאָטעמען. פאַר אַ מאָ־מענט וועט די שטיקנדע רייף אים אַראָפּגענומען ווערן פון האַלדז...

דערווייל איז דער אַראָבער אַריינגעשפּרונגען אין לאָדקעלע, עס אָפּ־געבונדן און דערמיט צוגערודערט אין דער צווייטער זייט פון שיף, צו דער עפענונג, דאָרט, וואו סאַרא און פעליקס זיינען געזעסן. עס איז ווידער אָנגעשטאַנען אַ געשטופעריי. מאָטל האָט געקאָנט אויס־דרייען דעם קאָפּ. צוליב דעם אָנגעלויף צו דער עפענונג, זיינען „זיי" דערווייל פאַרשטעלט געוואָרן. מיט אָן אָנגעשטרענגט אויג האָט ער געהיט צו זען וואָס „זיי" וועלן טאָן. בלייבן „זיי" דאָ, וועט ער זיך אַראָפּכאַפּן. גייען „זיי", וועט ער דאָ בלייבן!

ס'ערשטע לאָדקעלע, אָן אָנגעפּאַקטס מיט מענטשן, האָט זיך גענומען אָפּרוקן פון שיף. „זיי" זיינען דערינען נישט געווען! אויך אויף דער שיף, כאָטש עס איז געוואָרן געראַמער, זעט ער „זיי" נישט. אין דעם גרויסן קרענצל זיינען „זיי" ווי פאַרלוירן געוואָרן. ענדלעך האָט ער „זיי" דערזען זיצנדיק לעבן וואַליזקעלע, גלייך עס וואָלט זיי קיינמאָל נישט איינגעפאַלן זיך אַראָפּצוקלייבן פון שיף. הייסט עס, עס קאָן נאָך דאָ געשען דאָס פאַר וועלכן ער היט זיך אַזוי די גאַנצע צייט! איינער אויף איינעם קאָן ער נאָך דאָ בלייבן מיט דעם מענטשן, צו וועמען ער פילט אַזאַ עקל, פון וועמענס בליק ער וויל אַזוי איינ־שרומפּן!

זייטיק, ווי אַ גנב, האָט זיך מאָטל געטאָן אַ פּלאָנטער אַריין אין דעם קרענצל. אומבאַמערקט, ווי נאָר דאָס לאָדקעלע האָט צוגערודערט, האָט ער זיך געטאָן אַ לאָז אַהין אַראָפּ.

אויך פעליקס האָט דאָך געוואָלט מיט אַלע זיינע כוחות אויסמיידן דאָס בלייבן אַליין מיט מאָטלען אויף דער שיף. אויך ער האָט זייטיק, נאָר פון דער אַנדערער זייט, געהיט מאָטלען. אַז ער האָט געזען ווי מאָטל זיצט אַלץ, און אָט נאָך אַ לאָדקעלע, נאָך אַ לאָדקעלע, בלייבט ער מיט אים אויג אויף אויג, האָט ער איבערגעוואָלט ממש גע־צוואונגען סאַראַן זי זאָל זיך צוזאַמעננעמען און אַראָפּ פון דאַנען!

פעליקס, פאַרנומען די גאַנצע צייט מיט דער מידער, האַלב־פאַר־חלשטער סאַראַן, האָט גאָרנישט געזען ווי מאָטל האָט זיך אַזוי געשיקט אַראָפּגעגליטשט אין לאָדקעלע אַריין. דערזען האָט ער ערשט ווען סאַרא איז שוין געווען אויפן לייטערל, ווען זי האָט שוין מיט די פיס כמעט באַרירט דאָס לאָדקעלע. ער אַליין איז שוין אויך געשטאַנען איבערצושטעלן אַ פוס איבער דער שיף צוים. אויג אויף

אויג, פעליקס אויבן און מאָטל אונטן, אין סאַמע שפּיץ פון לאַדקעלע, האָבן זיך זייערע בליקן אָנגעהעקלט איינער אָן אַנדערן!

מאָטלס בליק האָט געשפּיזט מיט פייער. אָבער ער האָט נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט דעם בליק אַראָפּגעלאָזט אין שיפל אַריין. און ער, פעליקס, האָט זיך אין מאָמענט גאָר פאַרלוירן. ער האָט אָבער געמוזט, אויס פּשוטער ווירדע, וואָס ער האָט געזוכט מיט אַלע כּוחות אָנצוהאַלטן, ווייטער גיין. ער האָט שוין געמוזט ווייטער שטעלן דעם פוס אויפן לייטערל.

סאַראַס אַריין אין שיפל און פעליקסעס באַלדיק נאָכשפּרונגען, האָט דאָס לאַדקעלע אַ שאַרפן וויג געטאָן. אָט פון דעם וויג האָט מאָטלען אַ שניט געטאָן אין זיין גאַנצן וועזן, שאַרפער ווי מיט דעם שאַרפסטן מעסער.

די פינף מינוט, וואָס זיי זיינען געווען אַלע אַזוי נאָענט איינער לעבן אַנדערן איז פאַר אַלע דריי געווען אַ גיהנומדיקע אייביקייט. פעליקס האָט עס קוים אויסגעהאַלטן. נאָך אין טיפן וואַסער איז ער געטאָן אַ שפּרונג אַרויס פון שיפל. ער האָט פאַר ליב גענומען דאָס שאַרפע עסעניש פון דעם טויטן, ביטער אויליקן וואַסער איבער זיינע צעוואָונדיקטע פיס, איידער נאָך איין מינוט צו זיין מיט „יענעם" אַזוי נאָענט.

אויך מאָטל איז אַרויסגעשפּרונגען איידער דער אַראַבער האָט אָפּגעשטעלט דאָס רודערן. ער האָט זיך גיך פאַרקערעוועט זייטיק איבער דעם האַרטן, זאַלץ־גרודיקן ברעג. נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו, האָט ער גלייך גענומען זוכן עפּעס אַ שטיקל שאָטן, אַ ווענטל, אַ הייל, ערגעץ זיך צו פאַרשטעקן, מען זאָל אים נישט זען און אויך ער זאָל נישט דאַרפן זען ווי פעליקס, אַ לאַמענדיקער פון נעכטיקן בראַדזשען באָרפיס אין טייך אַרנון, טראָגט איצט סאַראַן אויף זיינע אַקסלען פון שיפל צום ברעג, פּונקט ווי ער, מאָטל, האָט נעכטן זי געטראָגן אַרויסקומענדיק מיטן טייכל פון צווישן די פעלזן.

ביסלעכווייז האָט דער אַראַבער אַריבערגעבראַכט דעם גאַנצן עולם פון שיף אַהער, אויפן ברעג. צו צוויייווייז האָט זיך דער עולם אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי. ביי יעדן איינעם האָט אויף אַ זייט, אויף אַ רימענטל, זיך געבאָמבלט אַ מעטאַלן זעלנעריש־פלעשל אָנגע־פילט מיט וואַסער. דער שוואַרץ־פאַרברענטער טיול־פירער, מיטן תנ"ך אין די הענט, איז געשטאַנען דער ערשטער אין דער ריי. באַלד איז צוגעקומען דער אַראַבער. ער האָט זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ,

לעבן דעם טיול־פירער. איפן וועג קיין סדום, צווישן די פעלזן, וועט ער זיין דער פירער!

די רײַ האָט געריִרט. שלענגלענדיק, בויגנדיק זיך, איז זי געגאַנגען. מאורימדיקע שאָטנס, לאַנגע, איבערגעבראָכענע האָבן זיך נאָכגעצויגן ביי די פיס. געבליבן איז דאָ פעליקס, שטאַרק פאַרנומען מיט סאַראַן. פון מיטגיין מיט דער רײַ אין די בערג אַריין, קלעטערן איבער פעלזיקע שיפּועים, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. סאַרא איז מאָט. נאָך דעם קלאָמערן זיך אין מאָטלען, ווען ער האָט, פאַרטאָג, זיך געריסן מיט ציין און נעגל צו פעליקסן, דערנאָך, דאָס שטילע, אָבער טויט־אנגסטיקע צאַפּלען זיך איבער אים, ווען ער איז אויף זיין אופן אָוועקגעפאָלן אין אירע הענט, און אפשר אויך דאָס, וואָס די פרוי אין איר האָט זיך דערפילט זיכער מיט פעליקסן, דאָס וואָס זי דאַרף מער נישט קעמפן און זיין אָנגעשטרענגט אויף דער וואָך צו געווינען דעם מאַן, וואָס זי באַגערט אַזוי, אָט דאָס אַלץ האָט סאַראַן אינגאַנצן דערשעפּט. אַ מאָטע, מיט בלאַסע ליפּן ליגט זי כמעט אין זיינע אָרעמס און ער דאַרף כסדר מיט עפּעס זי דערפרישן, זי אָפּמינטערן. חוץ דעם: זיינע פיס זיינען אַזוי צעוואונדיקט פון נעכטיקן קריכן אין טייכל איבער די שפּיציקע שטיינדלעך. און, מאָטל, ער גייט דאָך געוויס מיט דעם עולם!

מאָטל אָבער, גלייך ווי ער איז אַרויף אויף דעם זאַלציק־האַרטן, פאַרטרוקנטן באָדן, איז ער פאַרקראָכן צו די עטלעכע דאַרע, אויסגעטרוקנטע שטרויפלעקער, וואָס ער האָט דערזען אַרויסשטאַרצן פון דער גרודע. אַמאָל זיינען די שטרוי־שטעקלעך מסתם געוואַקסן. איצט שטייען זיי נעבעך פאַרברענטע, אינגאַנצן עטלעכע צענדליק, דאָס איינציקע געוויקס אין גאַנצן טויטן טאָל. מ׳קאָן זיך טאָקע הינטער זיי נישט שיצן און נישט באַהאַלטן, אָבער אין דער אימהדיקער פוסטקייט האָט מען אפילו הינטער זיי דאָס געפיל אַז מען איז פאַרשטעלט און באַשיצט.

אַ קורצע ווײַלע איז מאָטל דאָרט געלעגן און נאָכגעקוקט ווי די לאַנגע רײַ ציהט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער צו די הויכע פעלזיקע ווענט. ער איז זיכער געווען אַז איצט בלייבט ער דאָ אַליין. „זיי״ האָבן אויך זיכער געמוזט אָוועק. אַן אָפּגעאָטעמטער האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום ים. גאָט אין הימל! ער האָט אַזש אַ דריגע געטאָן פון שרעק. פעליקס איז דאָרטן געזעסן אַ באַרפיסער, מיט פאַרשאַרצטע הויזן איבער די קני, ס׳העמד, אַראָפּגעצויגן און

אַרומגעוויקלט דערמיט דעם קאָפּ, ווי אַ טורבאַן און סאַרא, לעבן אים, האַלב אויסגעצויגן, מיטן קאָפּ אין זיין שויס!

זיי קלייבן זיך הייסט עס, גאָרנישט קיין סדום...

פון זיין גאַנצער אַנטלויפעניש בלייבט ער דאָך מיט זיי אַליין, אויג אויף אויג! ווער ווייסט וואָס פון דעם קאָן געשען. בפרט איצט, ווען אויסער זיי איז כמעט קיינער נישט געבליבן. ווען ער זאָל אפילו האָבן אין זיך געגנוג כח, מאָטל, אויסצומיידן, וועט דאָך אַ געשלעג מוזן זיין. עס איז גענוג ער זאָל זיך אויפשטעלן דאָ, לעבן די שטרוי־פּלעקלעך און פּעליקס דאָרט, לעבן וואַסער־ברעג, וועלן זייערע שאָטנס, וואָס ציען זיך דאָ אויס צו אַזאַ מאַוימדיקער לענג, אַריינפאַלן איינער דעם אַנדערן אין די גאָרגלען און זיך מוזן דער־ווערגן!

מאָטל איז אויפגעשפּרונגען. מיט לערע הענט, אפילו אָן אַ ביסל וואַסער צו באַנעצן די פאַרברענטע ליפּן, אָן עפּעס, מיט וואָס צו דערקוויקן דעם פאַרחלשטן גומען, בלויז מיט דעם מוראַדיקן שאָטן ביי די פיס, האָט ער גענומען נאָכציען נאָך דער ריי, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אַוועקגעצויגן ווייט, ווייט צו די בערג.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

אין טויטן טאָל, אַרום ים המלח, ווערט דאָס אויג פאַרפירעריש. צוליב דער בלויער דורכזיכטיקייט אין דער לופט ווערן די ווייטסטע ווייטן נאָענט. דער ברייטער ים המלח איז בלויז אַ שפּאַן, אַ שמאָלער טייך נאָר! די פעלזנוועגט אין זיינע ביידע זייטן — מיט דער האַנט צו דערגרייכן! אָבער גייט מען נאָר אַראָפּ אויפן ברעג און מען הייבט אָן קריכן איבער דער האָרטער, זאַלציק פאַרגרודערטער ערד, דאַכט זיך אַז די פעלזנבערג אַנטלויפן הינטערוויילעכס, עפּעס רוקן זיי זיך אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק, וואָס נענטער מען קומט צו זיי.

ווען מאָטל האָט זיך געלאָזט נאָכלויפן נאָך דער ריי האָט ער גאָר־נישט באַנומען וואָס אים שטייט דאָ פאָר. אָט, פשוט, ווי אַ הינטל נאָך אַ קאַראַוואַן האָט ער זיך גענומען נאָכשלעפּן. צוליב זיין דער־שלאָגנקייט, צוליב דער געפּאַלנקייט זיינער, האָט ער זיך אָן קיינעם נישט געקאָנט אָנשליסן. איינער אַליין, אַ פּאָר שפּאַן אָפּגערוקט פון אַלעם, איז ער נאָכגעקראָכן.

עס איז אָבער געווען אַ פּיינלעך גיין, דאָס שלעפּן זיך, מאַטלס, קיין סדום. וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשמאַכט איז ער געוואָרן. דער גומען האָט געחלשט נאָך אַ שלוק וואַסער. כאַטש איין שלוק פון דער אָנגעהיצטער איבלדיקער פליסיקייט פון עמעצנס אַ נאַכהענגנדיק, זעלנעריש פלעשל. אָבער מאַטל, דער שטאָלצער, דער הרחבהדיק ברייטער, ביי וועמען ערשט לעצטע נאַכט אַ האַלבער טיול מענטשן האָט פון זיינע פלעשער וויין געטרונקען, ער וועט ביי קיינעם נישט בעטן אַ טרונק וואַסער. בפרט איצט, ווען דאָס קאָן ציען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט אויף זיין בראָך, וואָס ער האָט ערשט פאַרטאָג דאָ איבערגעלעבט.

אויך די פיס זיינע, אין די דינע גומע־שיכלעך, ווערן אים אַלץ מער פאַרוויטיקט מיט יעדן טראָט. צוליב דעם פריערדיקן שפּרונג פון לאָדקעלע אין וואַסער אַריין, זיינען די שיכלעך נאַס און די נאַס־קייט רייבט די פיס. פון דעם רייבן ווערט וואונדן און די נאַסקייט האָט אין זיך זאַלץ און נאָך טויטלעך־ברענענדיקע מינעראַלן, וואָס עסן די וואונדן ביז טיף אין בלוט אַריין! ער הינקט, מאַטל, אָבער ער גייט. ער מוז גיין. נישטאָ קיין צוריק! בעסער דער דערנער וועג אַ גאַנצן טאָג איידער איין שעה מיט „זיי״ ביים ברעג!

נאָר וואָס קומט דערויס, אַז די פעלזנבערג, אויף וועלכע מען דאַרף זיך אַרויפהייבן, אַז די בערגשפּאַלטן, אין וועלכע מען קאָן גע־פינען אַ שאָטנדיק ווינקל, זיי רוקן זיך אַלץ מער הינטערווייליקעס, זיי אַנטלויפן אַלץ ווייטער און ווייטער, וואָס מער מען דערנענטערט זיך צו זיי!

גרויסער גאָט! ווען מען זיך אַמאָל דערנענטערן צו זיי? ווען מען זיך אַמאָל זעצן רוען? ווען אַמאָל נעמען אַ סוף צו דער אומ־דערבאַרעמדיקער פּיין?

ענדלעך האָט זיך דערנענטערט אַ פעלז־אָפּשניט. ווי אַ האַלב געעפנט טויער איז ער געשטאַנען אַנטקעגן דער מעכטיק הויכער וואַנט. די שלענגלדיקע ריי האָט זיך גענומען אויסבייגן, זיך פאַר־קערעווען הינטער דעם פעלז. אַרום און אַרום — בערג. אין דער מיט — אַ טאָל, ווי אַ שיסל. דאָ ערשט האָט זיך דער גאַנג גענומען הייבן אַרויף, אַרויף באַרג, אַלץ העכער, העכער. דאָס פריערדיקע גיין איבער דער האַרט־געפּאַלדעוועטער, איבער דער פאַרברענטער, זאַלציקער פלאַך האָט אויפגעהערט. איצט וואַקלט מען זיך. די שפּיציקע שטיינדעלעך, וואָס קייקלען זיך פון די בערג, אונטער די טריט, לעכערן מאַטלס דינע גומי־זוילן.

מען גייט, העכער, העכער. דער טאָל אונטן ווערט קלענער און רונדיקער, די זון גליאיקער און דער שוויס עסיקער און קיין שאָטן זעט מען נישט. וואָס העכער — אַלץ שאַרפער די בערג־אָפשניטן, בולטער — די בערג סקאַלעס. ווי מעכטיקע טרעפּ פאַר געטער פון די הימלען אַראָפּצונידערן!

ענדלעך האָט מען זיך אַריינגעדרייט אין שאָטן. טונקעלע שאָטנס, קילע, צאַרטע, וואָס ציען זיך איבער די פאַרברענטע סקאַלעס, ווי זיי וואָלטן געגלעט און געצערטלט די הייסע קעפּ פון די מעכטיקע בערג.

נאָך אַזאַ פיינלעכן גאַנג ווי מאָטלס, איז דאָס אָפּרוען אויף אַזאַ שטיין, אין קילן שאָטן, גן־עדנדיק זיס. מאָטלס האַרץ צאַפּלט זיך איבער די מינוטן, וואָס גייען אַזוי גיך. אָט, אָט וועט דער טיול־פירער זיך טאָן אַ שטעל אויף:

— מען גייט!

ער מוז ווייטער גיין, מאָטל. דער וועג קיין סדום איז נישט מיט וויכן גראָז געדעקט. עס איז שוין איצט נישט קיין גיין. דאָס איז שוין אַ מין קלעטערן, אַ כאַפּן זיך, אַן איבערהיפּערן, אַ דראַפּן זיך פון שטיין אויף שטיין, פון אויסבויג אויף אויסבויג אַלץ העכער און העכער אַרויף.

אין מיטן דעם קלעטערן איז די גאַנצע ריי, פּלוצים, געבליבן שטיין געפּלעפט. מיט פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן אַלע געגאַפט אַריבער, אין יענער זייט טאָל, צום הויכן פעלז, וואו אויף זיין זוניק־בלענדנדן שפּיץ, האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ געשטאַלט. ווי אַ גאָט איז דאָס געשטאַלט אומגעריכט דערשינען און געבליבן שטיין אין דער הויך, אין דעם בלויען, לויטערן האָריזאָנט.

אָט אַזוי, אויפן שפּיץ פון אַזאַ פעלז, האָט משה מסתּם זיך באַוויזן אויפן באַרג סיני צו זיין פאָלק אין טאָל.

פאַר אַ היבשער ווײַלע איז דאָס געשטאַלט, אַנטקעגן, געשטאַנען און געקוקט אַהער, צו דעם אומגעריכטן עולם, וואָס דראַפּעט זיך איבער די פעלזן. דערנאָך האָט דאָס ווייסע געשטאַלט געטאָן אַ פלאַטער, זיך געטאָן אַ בייג און גענומען אַזוי שלאַנק און דרייסט אַראָפּנידערן פון דעם הויכן שפּיץ. דאָס איז נישט געווען אַ פּשוט, מענטשלעך גיין איבער געפערלעכע באַרג־ריסן, וואו דער טויט לויערט פון יעדן ווינקל. דאָס איז געווען אַ ריטמיש היפּערן, אַ מין שפּרונגען פון סקאַלע צו סקאַלע, פּונקט ווי אַ שפּילעוודיקער באַרג־הירש וואָלט זיך געלאָזט אַראָפּ, אין טאָל אַריין.

מיט פאַרכאַפּטן אָטעם זיינען אַלע געשטאַנען און געקוקט ווי וואונדערלעך דאָס ווייסע דערשיינונג שוועבט דאָרטן ממש אין דער לופט. דערנאָך, פונקט אַזוי ריטמיש, ווי עס נעמט זיך אויפהייבן אַהער, אַט אויף דעם באַרג, וואו אַלע שטייען דאָס מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס.

ביסלעכווייז האָט זיך דאָס געשטאַלט דערנענטערט. נאָך אַ היפּער, נאָך אַ שפּרונג און עס איז געבליבן שטיין אַ יונגער אַראַבער, ממש אַ יינגלינג נאָך, אַ הויכער, אין אַ בלאַנק־ווייסער אבאיע, פון האַלדז ביז זיינע פוסטריט. אַ ווייס טוך מיט אַ דין רייפל האָט שלאַנק אַרומגענומען זיין קאָפּ און זיך ווייך צעפלאָסן איבער די באַהאַל־טענע אַקסלען. אויף זיינע פיס האָט ער געטראָגן אַ פּאָר זוילן־סאנדאלן אַרומגענומען מיט לעדערנע רימענטלעך. אין דער זייט, פון זיין גאַרטל, צום בויך צו, האָט אים געהאַנגען אַ קליין, האַלב־אויסגעבויגן, אָריענטאַליש־זילבער־געהאַמערט שטילעטל.

ער איז געבליבן שטיין. זיין יונג, פיין געשניצט, טונקל פּנים, מיט די פּרעכטיקע ציין האָט אַ שמייכל געטאָן פון דער איינגעהילטער ווייסקייט אַרויס. עפּעס האָט ער זיך צערעדט מיט דעם אַראַבער פון דער ריי. ביידע האָבן זיך צעלאַכט. דערנאָך האָט ער אַ ווייז געטאָן פון אונטער דער אבאיע אפער מיט זיין וואונדערלעך געפּאָרמטער האַנט, אַהין, איבער דעם טאָל, צו די בערג, פונקט אַנטקעגן! ער האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן מיט זיינע גרויסע, קלוגע אויגן. זיינע פּרעכטיק־ווייסע ציין האָבן נאָך אַ בלאַנק געטאָן און, ער איז פאַרשוואונדן צווישן די פעלזן פונקט אַזוי וואונדערלעך, פונקט אַזוי אומגעריכט, ווי ער האָט זיך באַוויזן!

פאַר מאָטלען איז די ענטפּלעקונג פון דער ווייסער געשטאַלט געווען ממש פון הימל אַראָפּ. גאָט אַליין האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט. גאָט אַליין האָט פאַרנומען זיין גרויסע פיין, אַט די פיין פון שלעפּן זיך מיט צעוואונדיקטע פיס איבער אַזעלכע מוראַדיקע בערג, אין אַזאַ אומרחמנותדיקער היץ. דער וועג, ביז אַהער, איז, הייסט עס, געווען אומזיסט. ער פירט גאַרנישט קיין סדום! מען דאַרף אָנהייבן דעם דערנער־וועג פון דאָס ניי! אויפסניי אַראָפּנידערן, דורכשפּאַנען דעם גאַנצן, גליאיקן טאָל און זיך ווידער נעמען אַרויפהייבן אויף יענע בערג, אַנטקעגן!

ווער האָט כח און חשק דערצו?

מער ווי אַ העלפט פון דער ריי האָט זיך ליבערשט געטאָן אַ צי אויס אויף דעם באַרג־אָפּשניט, אין גלעטנדיקן, קילן שאָטן און זיך גענומען צו די זעקלעך שפּייז.

מאָטל איז געבליבן האַלב־זיצנדיק, האַלב־אויסגעצויגן אויף דעם ערשטן שטיין, אויף וועלכן ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. אין קילן שאָטן, אין רו, האָט ער ענדלעך געקאָנט אַראָפּנעמען די נאָסלעכע גומי־שיך, וואָס עסן אַזוי זיינע צעוואונדיקטע פיס. ערשט איצט האָט ער געקאָנט רואיק קוקן אין דער ווייט, אויף די צעוואָרפענע בערג, אויף די טאָלן, אויף דעם טיף־בלויען הימל און אין דער גליאיקער לופט, וואָס ציטערט אַזש פון היץ פאַר זיין אויג. רואיק און מיט באַדויער האָט ער נאָכגעקוקט דעם קליינעם גרופּקעלע מיטן אַראַבער און מיטן טיול־פירער, וואָס האָבן דאָך זיך געלאָזט אַראָפּ־טאָל אויפן נייעם וועג קיין סדום.

עס איז אים איצט גוט געווען, מאָטלען. די ערשטע מינוטן פון מנוחה זינט נעכטן ביינאַכט, ווען ער האָט פּלוצים אַ רעווע געטאָן אין דער הייסער נאַכט אַריין:

— לך, איך האַרגע דיך!

דאָס גאַנצע גרויליקע בילד פון נעכטן נאַכט האָט אויף אים געטאָן אַ שוועב אַן. מיט אַלע כוחות האָט ער עס געזוכט צו פאַר־טרייבן. ער וויל נישט מער טראַכטן דערפון. ער וויל אויך מער נישט טראַכטן וואָס שפּעטער וועט זיין, שפּעטער, ווען ער וועט ווידער דאַרפן גיין צוריק צום ברעג, וואו „זיי" זיינען דאָרטן געבליבן.

דער עולם האָט געשמאַק געגעסן פון די זעקלעך אַרויס. מ'האָט געזופּט פון די מעטאַלענע פלעשער דאָס אָנגעהיצטע וואַסער. מאָטל האָט פאַרמאַכט די אויגן. עס ווילט זיך אַזוי שלאָפן. איינשלאָפן און פאַרגעסן!

דער עולם איז גיך מיד געוואָרן פון דעם רואיקן ליגן. דער היינטיקער מענטש איז אָפּגעוואוינט פון מנוחהדיקן רוען, פון שטילן טראַכטן, פון שטילן שוויגן. ער דאַרף טומלען, לויפן, דער היינטיקער מענטש! נאָך איידער די מענטשן האָבן אָפּגעאָטעמט זיינען זיי שוין ווידער געשטאַנען גרייט צום גיין.

מאָטל האָט ווידער נישט קיין אויסוועג. ער מוז גיין! דאָס ביסעלע מנוחה, וואָס האָט זיך אויף אים דאַ פאַר אַ מינוט אַראָפּ־געלאָזט, מוז אויפהערן. רו איז, ווייזט אויס, בכלל נאָר אויף אַ ווײַלע. אַ קורצע ווײַלע רו אין אַ לאַנגן, דאַרנדיקן מאַטער.

אין שפעטן נאָכמיטאָג זיינען זיי צוריקגעקומען צום ברעג. מאָטל האָט זיך גלייך צוריק פאַרקליבן הינטער עטלעכע שטרוי־פּלעקער. נישט ווילנדיק האָט ער געמוזט צוזען ווי סאַרא און פעליקס באָדן זיך דאָרטן אין ים. סאַראס וואונדערלעכע ווייסע הענט און שלאַנקע פיס טוען אַלע ווײַלע אַ פּלאַטער אין דער בלויער, דורכזיכטיקער לופט. אַט ציט זי זיך דאָרטן אויס און בלייבט אומבאַוועגלעך אויפן וואַסער־פלאַך. דער בלוי פון איר באָד־קאָסטיום שיילט זיך אַזוי שאַרף אַרויס פון דעם גרינלעכן וואַסער. פעליקס איז דאַכט זיך פאַרשוואונדן. נאָר אַט קומט ער קאַפּויער לעבן איר, טוט זיך אַ הייב אין דער לופט און סאַרא צעשפּריצט אַ זילבערן געלעכטער איבער דער גאַנצער טויטקייט פון דעם טאָל.

מאָטל הערט זיך מיט טיפן ווייטיק איין. עס איז דאָס זעלבע געלעכטער סאַראס, אַ קלינגענדיקס, גלייך עס וואָלט קיינמאָל צווישן איר און אים, מאָטלען, גאָרנישט פאָרגעקומען! אדרבה. מאָטלען דאַכט זיך אַז איר געלעכטער קלינגט נאָך העלער, נאָך פרייער, נאָך פריידיקער ווי פריער...

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

איז מאָטלען טאַקע באַשערט אויסצוטרינקען דעם גאַנצן בעכער מיט פּיין? איז טאַקע אוממעגלעך צו אַנטלויפן, אויסצומיידן, איבער־צוהיפּערן? איז נישט מעגלעך קיין פרייד פאַר איינעם אָן פּיין פאַרן צווייטן? קאָנען זיי נישט אויסבאַהאַלטן זייער פרייד, די פרייד פון צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט, געפאַלן און ענדלעך זיך געפונען. קאָנען זיי דאָס נישט אויסבאַהאַלטן ביז ער, מאָטל, וועט זיין אַוועק, ערגעץ אין אַ ווינקל, אַליין מיט זיין צער און נישט דאַרפן צוזען אָט די דאָזיקע פרייד זייערע?

וויפל מאָטל האָט זיך נישט געקליגט האָט דער גורל אים אַלץ געשפּילט קאַפּויער. ער האָט זיך נישט געקאָנט העלפן און געמוזט ליגן צווישן די שיטערע שטרוי פּלעקער בעת זיי, סאַרא און פעליקס, האָבן געשווימט מיט פרייד. דאָס לעבן, וואָס האָט זיך אין זיי אויפ־געכאַפּט, נאָכדעם ווי דער לעצטער שטרויכלשטיין איז געווען אַוועק־גענומען, האָט נישט געוואָלט געדענקען אין קיינעם. בפרט ווען אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי גאָר מאָטלען פאַר די אויגן נישט אַנגעזען.

ערשט פאַרנאַכט, ווען מען האָט ווידער באַדאַרפט אַריין אין שיף, צוריקצופאָרן אַהין, וואו די אויטאָבוסן שטייען ליידיקע, וואַרטנדיקע, גרייט זיי צו פירן אַהיים, ערשט דאַן האָבן סאַרא און פעליקס זיך דערמאַנט אָן מאָטלען. אָבער ערשט איצט, אין טונקלען פאַרנאַכט, איז מאָטלען געלונגען זיך אַריינצוכאַפּן אומבאַמערקט אין לאָדקעלע און זיך צוקריגן צו דער שיף. שפּעטער, צוליב דעם אָנגעשטאָפּענעם טומל, איז אים אויך געלונגען זיך צו פאַררוקן אין אַ ווינקעלע, ביים קוימען. ער זיי — האָט גוט געזען. זיי אים — נישט.

די גאַנצע צייט וואָס די שיף האָט געשניטן דאָס וואַסער צוריק צו יענעם ברעג, פון וואַנען ער האָט נעכטן אָנגעהויבן זיין געאַהנטן שפּרונג אין אָפּגרונט, איז מאָטל געזעסן מיט שטאַרע אויגן צו די שטומע פעלזן אין ביידע זייטן וואַסער, וואָס שטייען אין דער טונקל, אַזוינע פאַרכטיקע, אַזוינע שטומע עדות אויף דעם טיפן בראָך אין זיין לעבן, וואָס ער האָט הינטער זייער שאָטן איבערגעלעבט; אַ בראָך, וואָס וועט שוין קיינמאָל גאַנץ נישט ווערן. די וואונד, וואָס סאַרא האָט געלאָזט אין זיין האַרץ, וועט זיך שוין קיינמאָל נישט פאַרהיילן!

אַרום האַלבע נאַכט האָט די שיף זיך דערנענטערט צו יענעם ברעג. די לאָמפּן אין דעם אָן ווענטיקן קאַפע־הויז האָבן זיך אָנגעצונדן נאָך ווען די שיף איז געווען היבש ווייט אַוועק. אויך די אויטאָבוסן האָבן געטאָן אַ בליאַסק אויף זייערע גרויסע, פייערדיקע אויגן.

אַרום דער אָפענער קאַפע איז אָנגעשטאַנען אַ רונדער ליכטקרייז. צוליב אָט דעם ליכטקרייז איז אַרום און אַרום געווען גאָר פינצטער. מאָטל, נאָך פון דער שיף אַראָפּ, האָט געגאַרט זיך אַריינצוקריגן אין אָט דער פינצטערניש. דאָ וועט ער קאָנען טאָן אַ וואָרף אַראָפּ פון זיך די רייף, אָט די פּרעס, וואָס דריקט אים ממש דערשטיקט צו ווערן. ס'ערשטע, וואָס ער וועט מוזן טאָן, איז פועלן ביים טיול־פירער זיך צו בייטן מיט עמעצן מיט די פּלעצער. אין דער פינצטער וועט ער שוין קאָנען אומגעזען פאַרלוירנווערן אין אַ צווייטער מאַשין אַריין און, אַ סוף! אויס סאַרא! אויס מיט דעם חלום, וואָס ער האָט פון דער פריסטער קינדהייט זיך געשפּינען...

אַרומקריכנדיק אין דער פינצטער און איינטענהנדיק מיטן שוואַרצן אָסקעט, דעם טיול־פירער וואָס האַלט תמיד ס'תנ״כל אין האַנט, האָט ער קוים געפועלט ער זאָל נישט מוזן זיצן אַקסל צו אַקסל מיט יענע, וועמענס אָטעם עס איז גיפט פאַר אים. דער טיול־פירער איז אַ האַרטער דיסציפּלינירטער מענטש. ער טענהט: ביזט געקומען אין דער

מאַשין, אויף דעם פּלאַץ, דאַרפסטו דאָ צוריקפאָרן. אגב זעט ער נישט איין פאַרוואָס מאָטל זאָל וועלן בייטן דעם פּלאַץ!

מאָטל ווייסט אַז דער ציִנישער מענטש, וואָס האָט נאָך נעכטן בעתן ווײַן טרונקען, געוואָרפן אַזעלכע צווייִדייטיקע ווערטלעך אויף סאַראַס חשבון, שטויסט זיך גראָד יאָ אָן פאַרוואָס ער וויל בייטן זײַן פּלאַץ. דאָס וויל יענער בלויז ער, מאָטל, זאָל אָפּנהערציק וועגן דעם דערציילן. מאָטל וויל אָבער בשום אופן נישט אַזאַ ציניקער זאָל אפילו איצט וואַרפן ווערטלעך אויף סאַראַס חשבון!

אָן אויפגעאָטעמטער האָט זיך מאָטל אַריינגעכאַפּט אין הינטערשטן, לעצטן אויטאָבוס. אין דער פינצטער האָט ער זיך באַזעצט אויף זײַן אָרעם ערטעלע, ביי דער הינטערשטער טיר. דורך די שויבן האָט זיך געזען ווי אין דער צעליכטיקטער שאָפּע, די קאָפּע, לויפט דער עולם הין און צוריק מיט טעפּלעך קאַווע און קיכלעך און עסנוואַרג. אויך פעליקס פאָרעט זיך דאָרטן. סאַראַ זיצט ביי אַ טישעלע, אַ מידע, דאָס פנים בלייך, מאַט. דערנאָך זעט ער ווי פעליקס קומט צו מיט צוויי טעפּלעך קאַווע און זעצט זיך לעבן איר טרינקען. עס זאָל זיי גאָר איינפאַלן אַז ער זיצט דאָ אַ הונגעריקער, כמעט אַ נאַקעטער, איינגע־קאָרטשעט ביי דער שויב און וויל וואָס גיכער אַנטלויפן פון דאַנען!

אויך צו דעם וואַרטעניש האָט גענומען אַ סוף. דער עולם האָט זיך קנוילנווייז געפּאַקט צו די מאַשינען. פעליקס און סאַראַ זײַנען אים פאַרלוירנגעוואָרן אין פינצטערן דרויסן.

עס האָט געערירט אין מאַשין. דערנאָך די צווייטע. אָט באַלד וועט רירן זײַנע, די דריטע און לעצטע. אויס! זיי זײַנען אַוועק! מער וועט ער זיי קיינמאָל נישט זען!

אויך דער אויטאָבוס האָט זיך אָנגעפילט. דורך ביידע טירן, די פאָדערשטע און הינטערשטע, האָט מען זיך געפּאַקט. עס איז ליכטיק. די לעמפּלעך איבער די קעפּ זײַנען אָנגעצונדן. דער שאָפער, ביים רעדל, זיצט האַלב אויסגעדרייט און וואַרט מען זאָל זיך איינזעצן ער זאָל קאָנען אָניאָגן יענע צוויי מאַשינען. איינער נאָך איינעם פּאַקט מען זיך אַריין, אָט, אָט, שוין, שוין! פּלוצים טוט זיך אין דער הינטערשטער טיר, לעבן אים, אַ שטעל אַריין סאַראַ און גלייך נאָך איר — פעליקס!

סאַראַ, אין איר צעטומלטקייט, האָט מאָטלען נישט געזען. זי האָט געקוקט פאַר זיך און ער איז גאָר געזעסן לעבן איר, אין דער טיר. פעליקס גראָד האָט אים יאָ דערזען. אָדער, אפשר גאָר אים דערפילט, בעת זייערע קני האָבן זיך באַרירט ביים דורכגיין.

אין דער קאַרגער באַלייכטונג האָבן זיך צוויי פּאָר אויגן פאַר־טשעפּעט...

פעליקס האָט זיך געטאָן אַ ציִ צוריק. ווען נישט דער מענטש, וואָס האָט זיך נאָכגעשטופּט הינטער אים, אין מאַשין אַריין, וואָלט ער געוועז אַרויסגעפאַלן הינטערוויילעכס, פון מאַשין אַרויס.

אין דעם כאַפּ זיך צוריק איז אויך געווען דער ווילן ביי פעליקסן נאָך צו פאַרכאַפּן די פריערדיקע מאַשין זיינע און זיך צוריקבייטן מיט די פּלעצער. אָבער יענער אויטאָ איז שוין געוועז אַוועק. צו שפּעט!

אויך ער, פעליקס, האָט זיך, הייסט עס, געקליגט אויסצומיידן, צו אַנטלויפן פון גורל. אָבער פאַרפאַלן!

*****

פאַרטאָג, ווען דער אויטאָ האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אין דער סטאַנציע אין ירושלים, האָט מאָטל פּאַוואָליע געעפנט די טיר און געטאָן אַ שפּרונג אַרויס אין זיינע ווייכע גומי־שיכלעך, פּונקט ווי נעכטן פון שיפעלע אין ים המלח אַריין. אומבאַמערקט איז ער אַרויס, מאָטל, און אומבאַמערקט איז ער פאַרלוירנגעוואָרן אין דער נאַכט אַריין צווישן די אַלטע, שטילע געסעלעך פון ירושלים.

# א י נ ה אַ ל ט